אלטער עפשטיין:

# א קאריערע
## און אנדערע
# ערצעהלונגען

ארויסגעגעבען פון
מאקס נ. מייזעל
422 גרענד סטריט
ניו יארק.

געווידמעט
מיין בעסטען פריינד
לאה ליפסקי

# אינהאלט־פארצייכנים.

## פון דער אלטער היים.



## פון דער נייער היים.

# איך און איציקעל

ווי עס איז מיין שטייגער, האָב איך זיך אין דעם באַשטימ־טען טאָג, אין דער באַשטימטער שטונדע גענומען שרייבען אַ סקיצע.

דער אינהאַלט האָט געדאַרפט זיין: בעקי, אַ רייצענדע, הויכע, גראַנדיעזע מיידעל, אַ יאָהר אַכצעהן־ניינצעהן אַלט, שטעהט נעגען שפּיגעל און קאַמט איהרע געדיכטע, פּעך־שוואַרצע האָר. זי באַטראַכט איהר רונדע, שעהנע געזיכט און טראַכט וועגען מאַקס דעם אַפּרייטאָר, אַ הויכער בלאָנדין מיט בלויע, פאַרטראַכ־טע אויגען... יעדער שטריכעלע איז געוועזען ביי מיר גוט, קלאָר, דייטליך ארומגעטראַכט. מעהר נישט, איך האָב זיך געדאַרפט זעצען און אָנשרייבען. האָט מיר אַ סיבה געטראָפען, און מיין סקיצע איז מיר פון קאָפּ ארויסגעפלויגען.

פּאַסירט האָט עס אָט אַזוי. —

איך האָב זיך גענומען פאַר מיינע כלי זין, פאַר'ן טינטערעל, פען און פּאַפּיר; האָב זיך אַ פּאָר מאָל אַ רייב געטאָן דעם שטערן און אָנגעפאַנגען: „און איהרע האָר, ווייכע ווי זיידענע פעדים, האָבען זיך צושאָטען אויף איהר צאַרטער, אַלבאַסטער־ווייסער האַלז . . .“

פּלוצלונג, איך פיהל, מען ציהט מיר פאַר'ן קאַלאַש. איך האָב אַ ציטער געטאָן, די פען געוואָרפען, און אין איין שרעק איינגעבויגען זיך זעהן, וואָס דאָס איז אַזוינס. איך קוק זיך איין: ערשט עס איז איציקעל, דער אַכצעהן חדשים'דיגער איינ־געלע פון מיין באַלעבאָסטע. ער האָט זיך צו מיר אין צימער אונ־טער'ן טיש פאַרקליבען, האָט זיך דאָ מיט זיינע שפּילכעלעך פאַ־נאַנדערגעלעגט ווי ביי זיך אין דער היים... נעהם איך זיך איהם שלעפּען; לאָזט ער זיך ניט, ער דריגעט מיט די פיסלאַך און קוויטשעט. קוים מיט צרות בעט איך איהם איבער, זעץ איהם ביי זיך אויף די קניע און זאָג:

— איציקעל, נאַ, נעהם די צאַצקע.

זאָגט ער זיך ניט אָפּ. מיט ביידע הענט כאַפּט ער זיך פאַר'ן טינטער, שלעפּט איהם צו זיך מיט גרוים חשק. נאָר די פּאַפּיר געפעלט איהם בעסער. גיט ער מיט ביידע הענט א ציה צו זיך מיין שעהנעם, גלאַנציגען העפט און גלייך לאָזט ער אויף דעם א צייכען פון אַלע צעהן פינגער זיינע. ער איז ענטציקט פון דעם, ער לאַכט און ציהט זיך מיט'ן גאַנצען קערפּער'ל אויפ'ן טיש.

— מען טאָר ניט, איציקעל. דאָ טאָר מען ניט קריכען. — מוסר איך איהם.

ער הערט מיך אָבער ניט און קריכט פאָרט. מילא, בין איך איהם משלח אויף יענער זייט טיר.

איך נעהם זיך צוריק פאַר דער סקיצע:

„און איהרע שווארצע אויגען גליהען ווי קוילען, גלאַנצען און פינקלען. זי שמייכעלט צופרידען . . . "

איך הער, די טיר עפענט זיך מיט א לייכטען סקריפּ.

איך ווארט א ווייל, אָבער קיינער קומט ניט. איך הויב זיך אויף, געה־צו און קוק ארוים און דערזעה: איציקעל שטעהט אין ווינקעלע באהאַלטען און ווארט. ווי נאָר ער דערזעהט מיך, לאָזט ער ארוים א צופרידענעם קוויטש און ווי א קליין הינטעלע פויזעט ער אוועק אויף זיינע קרומע, קורצע פיסלאַך. איך קען זיך ניט באהערשען און איך שריי איהם נאָך: „איציקעל, טו, טו!"....

ער קעהרט זיך אום און מיט אויפגעהויבענע הענטלעך לאָזט ער זיך צו מיר: „נעהם!" — דאָס איז איינער פון די עטליכע ווערטער פון זיין ניט רייכער שפּראַך.

וואָס קען איך טאָן? איך נעהם איהם אויף די ארעמס און הויב איהם ביז'ן באַלקען. ער שטרעקט אויס די הענטלאַך. דאָס פּנים'על שיינט, שטראַהלט פאַר פרייד. אויס דאַנקבארקייט רייסט ער מיר די האָר, צופּט מיר די נאָז.

עס איז אָבער קיין פּלאַן ניט. מען מוז זיך נעהמען צו בעקי'ן מיט מאַקס'ען. איך מוז מיט זיי היינט פאַרטיג ווערען.

טראָג איך איציקלען צו צום שוועל, און כּדי ער זאָל האָבען א ביסעלע מעהר דרך־אֶרץ, גיב איך איהם א פּאָר לייכטע פּעטשער־לעך, מאַך צו די טיר און נעהם זיך צום שרייבען.

„זי שמייכעלט צופרידען . . .״ דאכט זיך, דאָ האַלט איך. אָבער פון וואָס שמייכעלט זי? פון וואָס איז זי דאָס אזוי צו־פרידען? זאָל איך אזוי וויסען פון דלות. איך האָב אין גאַנצען פאַרגעסען וואו איך האַלט.

„זי קוקט אין שפּיגעל און שמייכעלט . . .״ אהא, איך האָב זיך דערמאָנט.

„זי שמייכעלט צופרידען, פאַנטאַזירענדיג וועגען דעם אָוועגט אויפ'ן באָל, וואו זי מיט מאקס'ען האָבען זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגענט. נאָך איצט, דאכט זיך איהר, פיהלט זי די וואַרימ־קייט פון זיינע שטאַרקע אָרעמס. ווי א שטורם־ווינט האָט ער זיך מיט איהר געטראָגען איבער'ן העל־באלויכטענעם זאָל...

„טו, טו!״ — דערהער איך. ער איז שוין ווידער דאָ, דער קליינער משחית!

איך ווער שוין אין דער אמת'ען בייז: ס'איז דאָך פון איהם ניט אריבערצוטראָגען. איך בין אזוי אין כעס, אז ביסלאכוויין פאַרליר איך ווידער דעם פאָדעם פון מיינע געדאנקען. בעקי מיט מאקס'ען פאַרשווינדען פון מיין מח. דער קליינער טייוועל הערט ניט אויף:

„אָנקע, טו, טו!״

איך באשליס גוט אָנצושרייען אויף איהם, אָנשרעקען איהם אזוי אז ער זאָל אויף צונ'אמת'ן מיר לאָזען צו־רוה. איך עפען די טיר. ער שטעהט מיט'ן קעפּעל פאַרריסען צו מיר. אין זיינע לויכטענדע אויגעלאך ליגט א רחמנות'דיגע בקשה. ער שטרעקט אויס די הענטלאך און זאָגט: „נעהם!״...

— איכ'ל דיר געבען, דו שטיפער איינער! — און מיט צו־נויפגעלעגטע פויסטען וואַרף איך זיך צו איהם...

שיסט ער אויס א הויכען געלעכטער, כאַפּט מיר אַרום א פוס, דריקט זיך צו מיר שטאַרק מיט זיין קערפּער'ל.

מילא, בעקי און מאקס וועלען מיר שוין מוזען מוחל זיין. א קורצע ווייַלע נאָר וועל איך זיך מיט איציקלען א שפּיל טאָן.

אין דער אמת'ען איז ער גאר ניט אזוי שטארק אומגערעכט אויך. די מאמע זיינע, די באלעבאסטע, הייסט דאס, שענקט איהם ניט קיין ביסעל אויפמערקזאמקייט, א גאנצען טאג וואלגערט ער זיך ארום אליין ווי א בלודנע שעפעלע נעבאך.

איך זעץ איהם ארויף צו זיך אויף די קניע, איך שאקעל איהם, האצקע איהם, און ער קוועלט גאר און; ער איז מורא'דיג צו־פרידען. זיינע שווארצע אויגעלאך שיינען ווי די שטערען, עפעס קוקען זיי אזוי גוט, אזוי ווייך... זיי ווארעמען מיין הארץ. ער שטעלט זיך אויף, נעהמט מיך ארום מיט זיינע פייכטע הענטלאך... מיר לויפט דורך איבער'ן קערפער א לייכטער, אנגענעהמער ציטער. נאר באלד ווער איך ווידער שטרענג:

— נו, איציקעל, איצט געה צו דער מאמען. הערסט, זאלסט מעהר ניט קומען אהער. נו, מארש! — שריי איך און מאך א בייזען פנים.

איך שליס צו די טיר און נעם זיך מיט חשק פאר דער ארבייט. איך קנייטש דעם שטערען און מאטער זיך ארויסצורופען אין מיין פאנטאזיע די בילדער פון מיינע העלדען, בעקי און מאקס. ניט אזוי לייכט גיט זיך מיר עס אבער איין. עפעס שווימען פאר מיר ארום לעבערליכע, אומגעלומפערטע פיגורען; שטיקער פלייש מיט אויגען; צושוואומענע, נארישע פנים'ער. און מיר דאכט זיך, אז זיי שפילען מיט מיר א ברוגז: זיי בלאזען זיך דערפאר, וואס איך האב זיי אזוי לאנג געלאזט ווארטען... נאר באלד ווערען מיר גוט־פריינט און איך נעהם שרייבען:

„און ער האט איהר שטיל איינגערוימט אין אויער: „געליבטע מיינע, מלאך מיינער!" אין איהר הארצען האט זיך אויפגעהויבען א שטורם פון פארשידענע געפיהלען: ליבע, ליידענשאפט און אומעט . . ."

מען קראצט ביי מיר אין טיר. אהא, ער איז שוין ווידער דא! נו, זאל ער זיך קלאפען קאפ אן קישען! ניט מיין עסק — איך שרייב וויטער:

„פון א ווינקעל האבען געקוקט אויף זיי א פאר גרויסע, אומע־טיגע, פארטראכטע אויגען. אין זיי האט זיך געשפיגעלט א וועלט מיט שמערץ, האס און איפערזוכט. די בלאסע, צארט־ווייסע

געזיכט קנייטשט זיך פון וועהטאג און די בלויע, פארטריקענטע ליפען מורמלען א קללה . . ."

איציקעל קראצט שטארקער אין טיר.

איך פיהל, אז ער שטעהט דארטען אויף יענער זייט און קוקט דורכ'ן שפאלט צו מיר אין צימער אריין. איך וויל ווייטער שרייבען, אבער איך קאן ניט. אנשטאט בעקי און מאקס זעה איך איציקעל'ס פארשמירטען פנימ'על מיט די קלוגע אויגעלאך. איך פארגעס אין גאנצען וואו איך האלט און מיר דאכט, אז איך זעה ווי מאקס כאפט מיט בעם זיין בעקי'ן און שלעפט איהר ערגעץ אוועק... און דער קליינער שד'ל שטעהט און קראצט אלץ און קראצט... כ'וועל שוין אפנים גאר ניט קענען טאן סיי ווי סיי. עפען איך די טיר און שריי אויס:

— איציקעל, אהער צו מיר אויף די הענט! שנעלער!

מיט פרייד לויפט ער צו מיר, די הענטלאך אויסגעשטרעקט אזוי ווי צום פליהען. איך כאפ איהם אויף מיינע ארעמס, הויב איהם אויף אין דער הויך, אזש ביז'ן באלקען. מיר שרייען ביידע פאר גרויס שמחה. ער נעהמט מיר ארום מיט זיינע ווייכע ארעמלאך, דריקט זיך שטארק צו מיר מיט דעם קערפער'ל זיינעם. ער קוקט מיר אין די אויגען אריין מיט זיינע קינדערשע, אומשולדיגע אויגעלאך...

פון בעקי'ן און מאקס'ען איז ביי מיר אין קאפ קיין זכר ניט פארבליבען...

# א קאריערע

## I

אין דעם ערשטען מאמענט, ווען בערציק מלמד האט דערזעהן זיין מענדלען, האט ער זיך אין גאנצען פארלארען. דער פנים זיינער האט זיך באצויגען מיט א הארציגען שמייכעל און די שיטער־רע געלע בארד האט א ציטער געטאן.

— שלום עליכם, מיין קינד! וואס מאכסטו עפעס? — האט ער ארויסגערעדט ווי פארשעהמט.

— עליכם שלום, טאטע! וואס מאכסטו? — האט דער זוהן געזאגט פרעהליך, מיט א קלינגענדען קול׳כעל.

אן א זייט איז געשטאנען גיטעל, פארלעגט די הענט אויפ׳ן הארצען, און האט מיט טרעהרען אין די אויגען געשמייכעלט.

— אויסגעוואקסען, קיין עין הרע! א בחור געווארען! איך האב איהם דאך נים דערקאנט. איך זעה, עס געהט עפעס א מענש מיר אנטקעגען און לאכט, — האט זי געזאגט אזוי ווי צו זיך אליין, — ערשט דאס איז ער. איינגאנצען זיך איבערגעאנדערשט.

— נו, און ווי האט זיך עס געלערענט, מיין זוהן? האסטו עפעס געטאן א פעולה? — האט בערציק געפרעגט מיט געמאכטען ערנסט, אבער זיינע אויגען אונטער די געדיכטע ברעמען האבען נאך אלץ געשמייכעלט מיט ליבשאפט.

דער גאסט האט גאר נישט געענטפערט. ער האט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען, אויף די ווענט, אויפ׳ן באלקען און אויף דער פאדלאגע.

— מיר דאכט זיך, אז די שטוב איז נידעריגער געווארען. אט דער פענסטער פלעגט מיר דערגרייכען ביז׳ן נאז, און איצט, נאט זעהט. — ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער, וואס האט איהם געגרייכט ביז צום העלפט פון זיין יונגען קערפער.

— ניין, מיין קינד. דער פענסטער איז ניט נידעריגער געוואָרען, נאָר דו ביזט העכער געוואָרען פאַר דער צייט. אָבער דו ביזט דאָך געווים הונגעריג? שוין גרייט איך צום טיש, — האָט ניטעל געזאָגט פרעהלאַך מיט א שיינענדען פנים.

די גאַנצע צייט וואָס דער גאַסט האָט געגעסען איז טאַטע־מאַמע געזעסען אַנטקעגען און איהם געשלונגען מיט די אויגען. דריי יאָהר אַז זיי האָבען זייער קינד ניט געזעהן. אוועקגעפאָהרען איז ער א קליין אינגעלע מיט לאַנגע פאות און אין א זשופיצע; א שטיל, שוואַך קינד. איצט איז ער שוין א בחור, א דערוואַקסענער. „ווי א מאַנאַרך קוקט ער דאָך אויס", האָט ניטעל געטראַכט ביי זיך. און פון גרויס נחת האָבען ביי איהר די ליפען געציטערט.

„אָבער עפּעס מאָדנע בגדים טראָגט ער", האָט בערציק ביי זיך געטראַכט, „א ווייסע האַרץ נאָר מיט א קראַגען... עפּעס קוקט עס אויס עזות'דיג. און וואָס פאַר א היטעל! אַזא שטייפע, מיט א פּאַסיקעל און א קנאָפּ אין מיטען, אַזא ווי עס טראָגען די דייטשען וואָס קומען איינהאַנדלען דעם פלאַקס". דער עיקר האָט בערציק'ן אויפגערעגט די ווייסע האַרץ. ער האָט צוזאַמענגעצויגען די געדיכטע ברעמען: א סימן, אַז ער ווערט אין כעס. אָבער ער האָט זיך באַהערשט, און מיט א שמייכעל, אַזוי זיך גלאַט אין דער וועלט אריין, האָט ער א זאָג געטאָן:

— צו וואָס האָסטו נאָך אָנגעטאָן א ווייסע האַרץ, מיין זוהן? וואָס פאַר א פּנים האָט עס?

— אין די גרויסע שטעדט טראָגען אַלע ווייסע הערצער. עס איז אַזא מאָדע, — האָט דער גאַסט געענטפערט און איז רויט געוואָרען.

— אַזוי, אַלע טראָגען ווייסע הערצער, זאָגסטו? נו, און די רבנים, די שוחטים, דיין ראש ישיבה טראָגט אויך א ווייסע האַרץ? — איצט איז ער שוין געווען רעכט בייז. ער האָט זיך איהם געגלוסט אָנגעהמען דעם זוהן פאַר'ן אויער און גוט א ציה טאָן, ווי ער פלעגט עס איהם אָפט טאָן, ווען ער פלעגט אָפּטאָן א שקאָצעריי. — האָסט געהערט א נייעס?! אַלע טראָגען ווייסע הערצער. מ י ר וויל ער דאָס איינריידען...

דער זוהן האט אויפגעהערט עסען. ער איז געבליבען זיצען מיט אן אראפגעלאזטען קאפ און נערוועז געצופט דעם ברעג פון טישטוך. אויף די באקען האבען זיך באוויזען צייכענס ווי נאך א שטארקען פאטש.

— וואס האסטו זיך צוגעטשעפעט צו איהם? אפעסען לאזט ער איהם אפילו ניט!... האט זיך באלד גענומען גריזשען, — האט ניטעל אויסגעשריען מיט כעס. — עס, מיין קינד, וועסט זיך נאכ-דעם מיט איהם אויס'טענה'ן.

— גויים ווערען זיי דארטען! באלד די ווייסע הערצער, מיט די קראגענס, מיט די היטעלעך... האסט געזעהן א היטעל! ווער טראגט עס אזעלכע היטלען? דאס איז אויך אזא מאדע? א נס, וואס דו ביזט נאך ניט געקומען אין א קורצען רעקעל, ווי וועלוועל דעם שוסטער'ס בן'אק!...

— אבער לאז איהם צורוה, זאג איך דיר, — האט ניטעל געזאגט מיט א ציטעריגען קול און מיט ברענענדע אויגען.

— א שעהנער תכלית! ניטא וואס צו ריידען! — האט בערציק ארויסגעברומט און איז קרעכצענדיג אריין אין זיין באַ-זונדער חדר, א קלאפ טוענדיג די טיר הינטער זיך.

דער גאסט האט אויפגעהויבען די אויגען צו דער מוטער, האט איהר א ווײלע אנגעקוקט, אזוי ווי ער וואלט פון איהר הילף געבעטען.

— עס, מיין קינד, די זופ ווערט קאלט, — האט זי שטיל, מיט ליבשאפט געזאגט. — ווייסט דאך, מיר זיינען קליין-שטעדטעלדיגע. וואס ווייסען מיר וואס אויף דער וועלט טוט זיך?! עס פארדריסט איהם — א טאטע...

— איך וועל אויסטאן די מאנישקע, אבי זאל ער ניט שרייען, — האט דער זוהן געזאגט מיט א באליידיגטען טאן.

— נאר א נייעס! צו וואס זאלסטו עס אויסטאן? וויים איך וואס! ער וועט זיך צוגעוואוינען, וועט זיך איבערבייזערען. אז עס איז אזא מאדע, זאגסטו דאך, אלע טראגען דאס דארטען, טא מיט וואס ביזטו ערגער פאר אלעמען?

זי האט זיך פארנעשטעלט ווי אלע ווייבער אין שוהל ווען

קוקען אויף איהר מענדעלען און ווי זיי וואונדערען זיך וואס פאר א שעהנער בחור ער איז געווארען, און ווי אויסגעפוצט ער איז, ווי זיי וועלען איהר מקנא זיין, און איהר הארץ האט זיך גע־צאפעלט פאר נחת.

שפעט אין אווענט, אז די פייער איז געווען אויסגעלאשען, האט מענדעל געהערט פון זיין געלעגער דעם פאטער׳ס בייזען קול:

— וואס א חצוף קאן! אין א ווייסע הארץ גאר! ער וויל מיר פארשווארצען דאס פנים. ער וועט עס אויסטאן, זאג איך דיר! איך בין א מלמד. מיינס א קינד טראגט ניט קיין ווייסע הארץ!...

— אבער וואס איז ער שולדיג, אז דו ביזט א מלמד? ער איז א גרויס־שטעדטישער, ער האט זיך צוגעוואוינט און עס קליידט איהם. זאל ער עס טראגען געזונטערהייט.

— דו, דו ביזט דאך אלע מאל אזוי. ביי דיר איז אלץ רעכט. געדענק, הלואי זאל איך ליגען זאגען!

— אויף מיר די עבירה, עס וועט איהם גאר נישט שאדען.

ביי מענדלען האט דער פנים געפלאמט, אין האלז האט עס צונויפגעדריקט און עס האט זיך געוואלט וויינען. עס האט זיך איהם אזוי געבענקט נאך די עלטערען, נאך דער איינענער היים, נאך דעם ווייכען געלעגער; א קליין ווילע באטש ניט דארפען געהן עסען טעג, וואו יעדער ביסען שטיקט. אבער איצט האט איהם פארדראסען פאר וואס ער איז געקומען. איצט האט זיך געדאכט אזוי ווי מיט צוואנגען וואלט מען איהם אנגענומען און געדריקט שטארק ביז וועהטאג. דער לעבען אין דער פרעמד האט זיך איהם געמאלען גוט און פריינדליך, קיינער זאגט איהם קיין דעות, ער איז פראנק און פריי. און שטארק האט איהם געצויגען צוריק אהין, אויף דער הארטער באנק, צווישען די פרעהליכע חברים זיינע...

## II

אויסגעפוצט אין דער שבת׳דיגער קאפאטע, מיט׳ן שטעקען אין האנט, האט זיך בערציק מלמד ארויסגעלאזט אויפ׳ן גלייכען טראקט וואס פיהרט צום וואקזאל, כדי צו באגעגענען זיין זוהן

מענדעלען, וואָס האָט באַדאַרפט אָנקומען צו־גאַסט אויף שבועות. דער טאָג איז געווען אַ ליכטיגער, אַ לויטערער; די העלע זון, די גרינע פעלדער, די יונגע קווייטלאַך, דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופען אין זיין האַרצען פרייד און נחת, אַזוי דאָס אַליין ניט באַמער־קענדיג האָט ער אָנגעהויבען אויסזינגען אויפ׳ן קול אַ לאַנג־פאַר־געסענעם ניגון.

די באַגעגעניש מיט׳ן זוהן האָט איהם געפרעהט און אויפגע־רעגט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי מיט פיר יאָהר צוריק, אַז דער אינגעל איז געקומען פון דער ישיבה אויף יום טוב, האָט ער, דער פאָטער, איהם פאַרביטערט דאָס לעבען; ער האָט איהם ניט גע־לאָזט רוהען. עס האָט אפילו געהאַלטען ביי פעטש, און אַלץ צו־ליב דער ווייסער „האַרץ״ וואָס ער האָט געטראָגען. איצט פאַר־שטעהט ער, אַז עס איז געווען אַ נאַרישקייט. וואָרום אין דער אמת׳ען, וואָס איז דער אינגעל שולדיג, אַז אין די גרויסע שטעדט איז אַזאַ מאָדע, און וואָס איז, מישטיינס געזאָגט, ביי איהם אין שטעדטעל איז דען אַנדערש? אָבער דענסטמאָל האָט מען נאָך דאָ פון אַזעלכע זאַכען ניט געוואוסט און אַלע זיינען צו איהם צו־געשטאַנען פאַר וואָס ער דערלאָזט אַזאַ זאַך. וואָרום ווי פאַסט עס פאַר אַ ישיבה בחור, וואָס וועט אם ירצה השם אפשר זיין אַ רב, צו געהן אין אַזעלכע אויסגעלאַסענע בגדים? דאָס האָט איהם, דעם פאָטער, וועה געטאָן און ער האָט אויסגעלאָזען זיין ביטער האַרץ צום זוהן.

און מיט וועהטאָג דערמאָנט ער זיך, ווי מענדקע איז אוועק־געפאָהרען ברוגז און האָט אַ לאַנגע צייט ניט געשריבען; איין גאָט נאָר וויים, וואָס ער האָט דאָרט צוליטען, און אַלץ צוליב אַזאַ נאַרישקייט. ער באַשליסט ביי זיך דערפאַר, איצט איהם ניט צו טשעפען, זאָל ער זיך טראָגען די ווייסע האַרץ וויפיל איהם גלוסט זיך. מיט וואָס איז ער ערגער פאַר חיים׳קע דעם רב׳ס, אָדער דוד׳קע יאָשע׳ס, און בפרט אַז איצט איז ער שוין ניט קיין ישיבה בחור, אַ פריקאַזטשיק איז ער דאָרט געוואָרען, אַ סוחר, נו זאָל ער דען געהן אין אַ לאַנגער זשופיצע מיט אַ לייבצערדאַק, אַזוי ווי ער, דער מלמד, געהט אַרום?

ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און באַטראַכט דעם טונ־

קעלען פאס וואס האט זיך געזעהן אין דער מילדער, בלויער ווייטקייט. דאס איז דעם פריץ׳ס וואלד. ווען ער איז אינגער געוועז, פלעגט ער אמאל, אז עס איז געוועזן גוט אויפ׳ן הארצען, אוועקגעהן אהין מיט מענדקען, וואס איז נאך געוועזן א קליין קינד. דארט, אויפ׳ן ווייכען גראז, אויף דער לאנקע, פלעגט ער זיך לעגען מיט׳ן פנים ארויף און קוקען אין דער מורא׳דיגער ווייטקייט, אויף די ווייסע פוך־וואלקענדלאך וואס האבען זיך געטראגען אין דער לופט.

— עס וועט, אם ירצה השם, זיין א פרעהליכער יום־טוב, — האט ער צו זיך געזאגט מיט א גליקליכען שמייכעל.

די מעגליכקייט צו פארברענגען א פאר גוטע, פרעהליכע טעג האט איהם לוסטיג געמאכט. איהם האט זיך אזש פארגלוסט א שטיף צו טאן און אריבערשפּרינגען דעם גראבען ביים זייט פון וועג. ער האט שוין געהאט בדעה דאס צו טאן, נאר דא האט ער דערהערט א סקריפען פון רעדער, א טשמאקען מיט די ליפען. ער האט זיך ארומגעקוקט און דערזעהן א פוהרעל. דאס איז געוועזן איציק דער בעל־עגלה, וואס האט זיך געטראגען מיט אימפעט, און איידער ער האט נאך צייט געהאט א פינטעל צו טאן מיט׳ן אויג, איז איהם שוין אנטקעגען געלאפען עפעס א פארשוין אין א קאפּעלוש. דאס הארץ האט איהם אנגעהויבען שטארק צו קלאפען, נאך איידער ער האט געוואוסט ווער דאס איז.

— וואס מאכסטו, טאטע? איך האב דיר דערקענט פון דערווייטען.

— מענדעל, דאס ביזטו? — האט דער מלמד אויסגעשריען מיט פרייד. — שלום עליכם, מיין קינד. וואס מאכסטו? קיין עין הרע, א גאנצער מענש. — דער קול זיינער האט געציטערט און אין די אויגען זיינען טרעהרען אנגעלאפען.

— איך בין געזונד. וואס מאכט די מאמע?

— א דאנק השם יתברך, געזונט. זי פארעט זיך ביים אויווען. ווייסט דאך, עס איז ערב יום־טוב, — האט ער געענטפערט מיט א צופרידענעם שמייכעל.

איציק איז דערוויילע צוגעקומען מיט׳ן וואגען און האט מיט לאכעדיגע אויגען באטראכט דעם טאטען און דעם זוהן.

— וואס זאגט איהר, רב בערציק, אויף אייער זוהן? א כוואט א בחור, א פריץ א גאנצער, א קאפעלושעל, כע, כע... פיין, ווי איך בין א איד. זעצט זיך ארויף, איך וועל אייך צופיהרען.

— א דאנק, רב איציק. מיר'ן זיך בעסער דורכשפאצירען. עס איז דאך אזא שעהנער טאג.

דעם בעל עגלה'ס געלעכטער האט געטראפען בערציק'ן אין הארצען. ווי חוצפה'דיג ער רעדט עס וועגען זיין זוהן. א כוואט גאר! עפעס אזוי ווי ער וואלט געוועזן זיינער א חבר. ער האט געווארפען א זייטיגען בליק אויפ'ן זוהן און עס איז איהם פינ־סטער געווארען אין די אויגען. ער האט אין דער ערשטער ווילע ניט באמערקט זיינע מלבושים. א קורצען רעקעל טראגט ער, און פון אונטען קוקט ארוים א שווארצע העמדעל אויסגענעהט מיט רויטע און בלויע קווייטלאך. ער האט הערפיהלט ווי דאס בלוט קומט איהם אין פנים אריין. עפעס גאר ווי א שייגעץ להבדיל. א אידיש קינד זאל געהן אין אזעלכע בגדים. וואס פאר א חרפה, וואס פאר א בושה! פע!... האט ער מיט ביטערקייט געטראכט.

— ווי שעהן דא איז. עס שמעקט א מחיה. איך האב עס דאך שוין אזא צייט ניט געזעהען. דארט — וואו טרעפט מען אזעלכע זאכען! נאר מויערען און שטיינער. אי, ווי איך האב געבענקט נאך די לאנקעס און נאכ'ן וואלד, — האט דער גאסט גערעדט מיט היץ און דער יונגער פנים האט געשטראהלט פאר גליק; און ער האט ניט באמערקט, אז דער פאטער האט זיך פאר־נומען מיט דעם זייטיגען וועג, איבער די לאנקעס, כדי אויסצו־מיידען דעם מארק, די קרעמערשע אויגען, וואס קוקען נאך יעדען פארבייגעהער; דעם פאטער האט זיך געוואלט אריינכאפען אין הויז וואס גיכער, אז קיינער זאל ניט זעהן.

---

אז דער גאסט איז געזעסען ביים טיש און דערצעהלט די נייעס פון דער גרויסער שטאדט, זיינען ביים פאטער די געדיכטע ברעמען געוועזן צוזאמענגעצויגען און ער האט ניט אויסגערעדט קייןווארט. ער האט זיך געפיהלט אפגענארט, באליידיגט און געקרענקט; אט דאס איז דער פריקאזטשיק, דער סוחר, אין א העמדעל אריבערגעלאזען איבער די הויזען ווי א שייגעץ! הייגט

די קווייטלאך, וואס ארום האלז! עס האט איהם אזש א ברען געטאן דער מארך. גוט צוקוקענדיג זיך, האט זיך איהם געדאכט אז ער זעהט רחמנא לצלן א צלם. מיט א פארשטיקטען קול האט ער ארויסגערעדט:

— וואס זיינען דאס פאר בגדים? וואו האסטו געזעהן אידען טראגען אזעלכע העמדער? איך פארשטעה ניט, ווי דו שעהמסט זיך ניט צו ווייזען פאר לייטען אט אזוי א.

דער גאסט האט אויסגעשטעלט אויפ'ן פאטער זיינע גרויסע, שווארצע אויגען. ער האט ניט באגריפען וואס ער וויל פון איהם, וואס ער איז פלוצלונג ארייננעפאלען מיט די מלבושים.

— שעהמען זיך, זאגסטו? מיט וואס האב איך זיך דען צו שעהמען? ביי אונז געהען אלע אזוי, אפילו די רייכע און געביל־דעטע קינדער, — האט ער געזאגט מיט א זיכערען שמייכעל.

דער שמייכעל, דער חוצפה'דיגער קול האט דעם מלמד אוי־טערגעצונדען; ער האט שוין פאר איהם קיין ביסעל דרך־ארץ ניט, און מיט צוזאמענגעדריקטע צייהן, מיט פייערדיגע, ברענענדע אויגען, האט ער אויסגעשריען:

— ועמען דערצעהלסטו עס? וואס פאר א לייטישער פא־טער וועט עס לאזען זיינם א קינד טראגען א העמד מיט א צלם?

— מיט א צלם נאר! וואו זעהסטו צלמים? אדרבה ווייז, — האט דער זוהן מיט א רוהיגען און זיכערען קול געזאגט.

— איך זאל דיר ווייזען! און אליין האסטו חלילה קיין אויגען ניט?! זעהסט ניט, וואס? וועה, וועה! וואס איך האב דערלעבט! איך וואלט זאגען א ווייסע הארץ, א קראגען — האט עס כאטש א טעם, איז דאס שעהן, אלע טראגען עס. אבער א העמד איבער די הויזען, מיט א שטריק, ווי יורקע להבדיל, — אדרבה, נו זאג וואס פאר א פנים האט עס?

די מוטער, וואס איז די גאנצע צייט געזעסען מיט פארלעגטע הענט און האט ניט אראפגענומען די אויגען פון דעם זוהן'ס לויטערען פנים, האט זיך ארייננעמישט:

— בערציק, וואס ווילסטו פון מיין לעבען? וואס צושטער־סטו מיר מיין פרייד? ווי ער האט איהם נאר דערזעהן, האט ער

זיך גלייך גענומען איהם גריזשען, נאַגען. ווילסט איהם ווידער פאַרשטערען דעם יום טוב?

— דעם יום טוב פאַרשטערען, זאָגסטו, גיטעל. ער האָט דאָך מיר שוין פאַרשטערט מיין יום טוב. ווי וועל איך קענען ווייזען די אויגען אין מנין? מען וועט דאָך לאַכען אין די הויפענס.

— איז וואָס ווילסטו פון איהם?

— איך וויל, ער זאָל שוין אויסטאָן די העמדעל און דעם קאַפעליושעל. זאָל ער זיך אָנטאָן אַזוי ווי אַלע אידען. איך וויל ניט, אַז מען זאָל טייטלען מיט די פינגער אויף מיין זוהן.

— ווייסטו גאָר וואָס, טאַטע, — האָט זיך דער גאַסט אָפּ־גערופען מיט פלאַמענדע אויגען, — איך נעהם שוין דעם פעקעל און פאָהר צוריק. פריהער רופט מען מיך, מען בעט זיך איך זאָל קומען, און נאָכדעם טרייבט מען מיך! — די ליפּען האָבען ביי איהם געציטערט, אין קול האָבען זיך געהערט טרעהרען.

— ווער טרייבט דיך? מען טאָר שוין גאָר קיין וואָרט ניט זאָגען! הפקר געוואָרען!

— טאַ לאָז איהם צורוה! — האָט גיטעל בייז אויסגעשריען.

— דו, דו ביזט אין אַלץ שולדיג. געדענק מיינע ווערטער, עס וועט קיין גוטס ניט ארויסקומען פון דעם. הלואי זאָל איך ליגען זאָגען. געדענק, גיטעל, — האָט דער פאָטער ארויסגערעדט מיט אַ פאַרשטיקטען קול און איז מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אריין צו זיך אין חדר'ל.

לאַנג האָט די מוטער ניט ארונטערגענומען די אויגען פון זוהן. פאַר די פיר יאָהר איז פון אַ קליין דאַר אינגעל אויס־געוואַקסען אַ גרויסער בחור; אַ גאַנצער מענש געוואָרען. ווי שעהן ער איז! וואָס פאַר אַ גרויסע ברענענדע אויגען ער האָט! וואָס פאַר אַ לויטער פּנים! קיין עין הרע, אַן אמת'ער קראַסאַוועץ.

גיטעל'ס צוקנייטשטע, איינגעפאַלענע באַקען האָבען אויפ־געפלאַמט, אַ פאַרב האָט זיך אין זיי באַוויזען, און איהרע האַלב אויסגעלאָשענע אויגען האָבען אויפגעלויכטען. זי האָט זיך גע־מאָלען ווי זי וועט מיט איהם ארויסגעהן יום טוב בייטאָג הינ־טער'ן שטעדטעל, צום מיהל, אַהין וואו די גאַנצע יונגוואַרג געהט.

זי וויס, אז אלע וועלען איהם נאכקוקען, וועלען איחם עסען מיט די אויגען און וועלען איהר מקנא זיין.

זי האט זיך צוגעבויגען צו איהם, אנגענומען זיין האנט, זי געדריקט ווארעם, מיט ליבשאפט, און מיט א לאכענדיגען פנים האט זי איהם געזאגט שטיל, אויפ'ן אויער:

— ברוגז דארפסטו ניט זיין. וואס ווייסען מיר, קליין שטעדטעלדיגע, וואס אויף דער וועלט טוט זיך?! אז דו זאגסט אז אלע געהען אזוי, איז דאך ניט שייך. מיט וואס ביזטו ערגער פאר זיי? און דער טאטע וועט זיך אויך איבערבעטען. נישקשה, האב קיין מורא ניט.

דער כעס פון גאסט'ס פנים איז אראפ, א צופרידענער שמייכעל האט זיך אויף די פולע ליפען באוויזען. ער האט זיך צוזאמענגעטראפען מיט דער מאמע'ס אויגען און א ווארימקייט, וואס ער האט שוין יאהרען-לאנג ניט געשפירט, האט זיך צוגאסען איבער זיין לייב. מיט אמאל זיינען די לאנגע יאהרען פון מאטערניש און עלענד אוועק, פארשוואונדען.

## III

דאס איז געווען אין א רעגענדיגען ערבסט-טאג, ווען בערציק איז, מיט'ן טלית-זאק אונטער'ן ארעם, געקומען פון דאוונען און האט דערזעהן א פרעמדען מענשען זיצען ביים טיש מיט אן אראפגעלאזטען קאפ. ער האט געווארפען א בליק אויף דער ווייב זיינער, וואס איז געזעסען דעם פרעמדען אנטקעגען מיט פארלעגטע הענט אויפ'ן הארצען, די אויגען רויט פון וויינען. דאס הארץ האט אין דעם אלטען מלמד א ציטער געטאן: עפעס א שלעכטע בשורה, אן אומגליק האט געטראפען, איז איהם דורכגעלאפען א געדאנק. ער האט נאך א מאל א קוק געטאן אויף דעם פרעמדען, און דא ערשט האט ער דערזעהן זיין טעות. איהם איז פלוצלונג ליכטיג געווארען אין די אויגען, א שטארקע פרייד האט אנגעפילט זיין נשמה. פון טיפען הארצען האט זיך איהם ארויסגעריסען א געשריי:

— מענדעל, קינד מיינס!

און מיט אויסגעשפרייטע הענט, מיט א שיינענדען פנים איז ער צוגעלאפען צום זוהן, וואס האט זיך פאר איהם אויפגעשטעלט.

ער האָט איהם אַרומגעכאַפּט, צוגעדריקט צום האַרצען און מיט אַ פאַרשטיקטען קול האָט ער אַרויסגעזאָגט:

— ברוך מתיר אסורים!

ביים גאַסט אין די גרויסע, שוואַרצע, אומעטיגע אויגען האָבען זיך געשטעלט טרעהרען, אָבער אויף די ליפּען איז געלעגען אַ לייכטער שמייכעל.

— וואָס מאַכסטו, טאַטע? ווי אַלט דו ביזט געוואָרען פאַר דער צייט, וואָס איך האָב דיר ניט געזעהן!

— אַ דאַנק דעם אויבערשטען, מיין קינד, איך בין געזונט. ווען האָט מען דיך אַרויסגעלאָזט פון טורמע? ווי אַזוי קומסטו פלוצים אהער?

— מען האָט מיר באַפרייט און אַרויסגעשיקט פון שטאָדט אויף צוויי יאָהר אהערצו וואוינען. דאָס הייסט, איך טאָר פון דאַנען ניט אוועקפאָהרען.

בערציק האָט געוואָרפען אַ צושראָקענעם בליק אויפ'ן זוהן, אויף דער ווייב; עפּעס האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס מ'מיינט — אַרויסגעלאָזט פון טורמע און ניט טאָרען פאָהרען. הייסט דאָך דאָס, אַז ער איז נאָך ניט אין גאַנצען פריי; אַז די סכנה פאַרפאַלען צו ווערען ערגעץ אין כף הקלע איז נאָך דאָ; יעדע ווייַלע קאָן מען איהם אוועקרייסען. ער האָט דערפיהלט ווי די קנעכלאָך ציטערען איהם פאַר שרעק.

— אָבער דו ביזט דאָך אַ פרייער מענש! קיינער וועט דיר דאָך דאָ ניט טשעפּען! וואָס, אפשר ניט אַזוי? — האָט די מוטער אומיסטען געפרעגט, כדי דער אַלטער זאָל זיך בארוהיגען.

— געוויס, דאָ בין איך אַ פרייער מענש, אויסער וואָס אַמאָל קען קומען דער אוריאַדניק אָדער דער פּריסטאַוו מיר געוואָרע ווערען, — האָט דער גאַסט געזאָגט גאַנץ פרעהלאַך אויפגעלעגט.

ביים פאָטער איז אַ פראָסט דורכגעלאָפען דורך די גלידער. זינט ער לעבט האָט ער נאָך מיט קיין פּריסטאַוו קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. דאכט זיך, אַז ער האָט איהם אפילו ניט רעכט אָנגעקוקט. שטענדיג, אַז ער האָט געזעהן יענעם דורכשפּאַצירען די גאַס מיט דעם גראָהען מונדיר און מיט דער קאָקאַרדע, איז איהם איינגעפאַלען דאָס האַרץ, האָט ער זיך, אַליין ניט ווּיסענדיג פאַר־

וואָס, פאררוקט אין א ווינקעלע ביז יענער וועט פארבייגעהן. און דאָ וועט ער איהם האָבען צו־גאסט ביי זיך אין שטוב ; יעדע ווילע קען ער אריינקומען ! ער האָט מיט אמאָל דערפיהלט, אז די זיכערע רוהיגקייט פון זיין היים איז אָט דאָ, היינט, צושטערט געוואָרען ; אז א סכנה הענגט איבער זיין אלטען קאָפּ.

— אָבער פאר וואָס איז דאָס געוועֹן ? ווי קומסטו צו אזעלכע זאכען, מיין קינד ? — האָט ער געפרעגט מיט הארץ. — וואָס פאר א לייטישער מענש פארנעהמט זיך מיט אזעלכע נארישקייטען ? אדרבה, זאָג אליין !

ביוֹם זוהן אויפ'ן פנים האָט זיך באוויזען א שפּאָטישער שמייכעל און מיט א טאָן פון אן עלטערען צו אן אינגערען האָט ער געזאָגט :

— נו, טאטע, דאָס איז שוין גאָר נישט קיין נארישקייטען ! מיינסט אז איך אליין בין געזעסען ? מיר זיינען געוועזן א חברה פון איבער הונדערט — רייכע און אָרימע, פּראָסטע און געבילדעטע, א דאָקטאָר אפילו איז צווישען אונז געוועזן, און א פּריץ'ס א טאָכטער, גאָר פון די גרויסע.

— אי, אי, וואָס פאָר א הפקר-וועלט ! — האָט דער אלטער אויסגעשריען טשמאקענדיג מיט די ליפּען. — אָבער איך פארשטעה ניט וואָס ווילען אזעלכע. דאכט זיך, אז זיי פעהלט שוין גאָר ניט. טאָ וואָס בונטעווען זיי זיך ? א דאָקטאָר, א פּריץ'ס א טאָכטער, זאָגסטו ? האָסט זיי טאקע אליין געזעהן ?

— שייך געזעהן. איך בין מיט זיי נאָהענטע פריינט געוואָרען, איבערהויפּט מיט דער מיידעל. וואָלסט באדארפט זעהן וואָס פאר א שעהנע זי איז און וואָס פאר א געבילדעטע, — האָט דער זוהן געענטפערט מיט היץ.

— ווענען א שיקסע רעדט ער דאָס אזוי, — איז דעם אלטען דורכגעלאָפען א געדאנק און עס האָט איהם א שטאָך געטאָן אין הארצען. אָבער מיט'ן שכל האָט ער דאָך באגריפען, אז די זאך איז, מסתמא, ניט קיין קינדער־שפּיל, אז א טעם מוז דאָ יאָ זיין, וואָרום ווי אזוי קומען צו דעם טאקע די געבילדעטע, די רייכע ? און מיט א לייכטען שמייכעל האָט ער כלומר'שט אין א מוסר־טאָן געזאָגט :

— נו, וואס האבען מיר צו קוקען אויף זיי? מיר, אידען, דארפען זיך אין אזעלכע זאכען ניט מישען, און אזוי וואויל וואלט געווען צו דיר, ווען דו זיצסט בעסער און לערענסט. גלויב מיר, אז עס וואלט פאר דיר ארויסגעקומען א בעסערער תכלית. נאר עס ציהט מיר אין הארצען. אפשר קאנען מיר עסען ווארימעס? וואס זאגסטו, גיטעל?—האט ער געזאגט, רייבענדיג זיך די הענט— א סימן, אז ער איז צופרידען.

ביים עסען האט זיך דער גאסט דערוואַרימט. דער מוטער'ס פריינדליכע בליקען, די נאהענטקייט פון איהר און פון פאטער האט איהם אויפגעמונטערט. פאר די עטלי:ע לאנגע יאהר, וואס ער איז געווען אין דער גרויסער שטאדט, האט ער זיך שטענדיג געפיהלט פרעמד און עלענד. אויף קיין מינוט האט אין איהם ניט אויפגעהערט דער פארלאנג נאך דער היימישער ווארימקייט און די טריישאפט, וואס מען קאן עס אין דער גאנצער וועלט פאר קיין געלט ניט קריגען. אפט פלעגט ער צו די חברים זאגען:

— און איך פארזיכער אייך, אז נאך אלעמען איז א מאמע'ס איין לאַסקע מעהר ווערט ווי אייער אלעמענס פריינדשאפט.

און אט האט ער דאס איצט. די מוטער רוקט איהם צו אלע ווײלע א בעסערען ביסען און טרייבט איהם צו ער זאל עסען. אט די טריישאפט, האט ער דערפיהלט, דרינגט אריין טיף אין זיין נשמה און לאַסטשעט איהם, נעהמט איהם איין ווי א קליין קינד. און דערפאר האבען איהם די דארע איינגעפאלענע באקען אויפגע- לויכטען און באדעקט זיך מיט א רויטער פארב, די אויגען האבען געשיינט. ער האט דערצעהלט פון דער גרויסער שטאדט, וועגען די לעצטע נייעס, וואס מען שרייבט אין די גאזעטען.

דער פאטער האט איהם אויפמערקזאם געהערט און געשלונגען זיינע ווערטער. ער האט דערשפירט א שטאלץ: נאך אלעמען, איז ער פארט א לייטישער בחור, א קלוגער, א וועלטליכער. נאר א רחמנות, ווי אפגעצעהרט, ווי אויסגעדארט ער איז און ווי ארים ער איז אנגעטאן — א שרעק! למען השם, באלד נאך שבת וועט ער אריין צו איצען אין קראם און נעהמען על החשבון פאר איהם נייע בגדים. אבער די היטעל, וואס טוט מען מיט דער היטעל? א חרפה צו ווייזען זיך מיט איהר אין גאס: א ברייטער דאשעק,

מיט א גלאנציגען קאזיראק, פונקט, להבדיל, ווי די גוים טראגען אום זונטאג; אפילו דער גלאנציגער בענדעלע איז אויך דא. פוי, ווי מיאוס! היינט וואס פאר א העמדעל ער טראגט עס! א שווארצע, מיט א שוסטערשען קנעפעל ביים האלז, א צוריסענע, א צוקנייטשטע, און די ארבעל פון רעקעל זיינען איהם קורץ. וואס ווייטער האט ער דערפיהלט, אז אין הארצען וועקט זיך אויף דער אלטער, איינגעווארצעלטער כעס אויף דעם בחור'ל, וועלכער איז אוועק אויף א שלעכטען דרך, וועלכער האט זיך אריינגעלאזט אין הפקרות און איבערגעפיהרט זיין לעבען. און אויך דאס, וואס אט באלד אין דער רגע קאן זיך עפענען די טיר און דער פריסטאוו קאן אריינקומען, האט איהם אלץ מעהר אויפגערעגט און געמאכט שוידערען. דער פנים האט זיך איהם פארצויגען, די געדיכטע ברעמען איבער די גרויע אויגען האבען זיך אראפגעלאזט, דער ביטערער געפיהל איז געוואקסען מיט יעדער רגע.

— נו, און אלע אייערע געהען עס אזוי אנגעטאן ווי דו? איז דאס א מאדע ביי אייך אזא? — האט ער ארויסגעזייט פון צווישען די צייהנער.

דער גאסט האט אויף איהם אנגעשטעלט זיינע גרויסע, שווארצע אויגען און גאר נישט געענטפערט.

— נו, אדרבה, זאג דו אליין. לאמיר ריידען ווי מענשען, ווי דערוואקסענע. ביזט דאך שוין ניט קיין אינגעל, ברוך השם. איז דאס א תכלית? איז דאס גוט אזוי? האסטו א טראכט געטאן וואס פון דיר קאן ווערען?

דער זוהן האט אויפגעהערט עסען און איז געבליבען זיצען מיט אן אראפגעלאזטען קאפ. איהם האט זיך געדאכט, ווי א הארטע, קאלטע האנט האט זיך צוגעדריקט צו זיין הארץ.

— בערציק, הויבסט שוין אן? — האט די מוטער איבערגעריסען דעם אלטען מיט א פארוואורף.

— שוייג, גיטעל, לאז מיך רעדען. ס'מוז דאך נעהמען אמאל א סוף צו דעם. א בחור, קיין עין הרע, פון פיר און צוואנציג יאהר. ביי לייטען אזעלכער איז שוין א בעל הבית פאר זיך. איך אין זיינע יאהרען האב דאך שוין געהאט א קינד, האב געוואוסט וואס הייסט טראגען אויף זיך א יאך.

— און ביזט געבליבען ביים קנעלונג! עפעס א קלייניגקייט וואס ער האט דא אויפגעטאן?! — האט גיטעל געזאגט מיט א ביטערען געלעכטער און דערביי צוגעווארפען דעם זוהן א וואָרימען בליק.

— א קינד איז אפגעוועזען אין דער פרעמד אזוי פיל יאהרען, קומט אהיים אין אזעלכע בגדים! איך וויים ביי לייטען קינדער. אט נעהם, למשל, וועלוועל דעם שוסטער׳ס זוהן אפילו; ער איז געקומען אויף יום טובים אנגעטאן ווי א מענש.

— האסט שוין פארגעסען, אז דו האסט געלאכט פון דעם קיילעכדיגען קאפעליושעל זיינעם, — האט גיטעל איהם איבערגעשלאגען.

— אבער אלץ שעהנער ווי אזא היטעל. דא טראגען דאך די גוים, להבדיל, אזעלכע אום זונטאג, אז זיי קומען אין תפלה. האסטו געזעהן, אז א איד זאל געהן אין אזא היטעל? אדרבה, זאג דו אליין, ביזט דאך עפעס א גרויס־שטאדטישער.

— אבער ווער קוקט עס איצט אויף בגדים? ועמען ליגען עס אזעלכע נארישקייטען אין זינען? — האט זיך דער זוהן אפגערופען מיט א באליידיגטען קול.

— אזוי אזוי, מען קוקט ניט אויף קליידער? נאר אויף וואס דען קוקט מען? אדרבה, לאז מיר אויך וויסען! — האט דער אלטער ארויסגערעדט מיט א ניפטיגען געלעכטערל.

— אויפ׳ן מענשען קוקט מען! אבי מען איז אן עהרליכער, אן ארענטליכער מענש, מאכט ניט אוים ווי מען געהט אנגעטאן; עס איז ניט אמאליגע צייטען.

— א מענש, דער עיקר א מענש זאגסטו? דערצעהל זשע מיר וואס פאר אן אנטיקעל פון א מענש ביזטו? וואס האסטו עס אזוינס אויפגעטאן?

— וואס דארף איך עס אזוינס אויפטאן? איך בין אן ארבייטער, איך לעב פון מיין הארעוואניע.

— פון זיין הארעוואניע לעבט ער! כ׳לעבען, ניטא ווער ס׳זאל לאכען. געהט ארום אפגעריסען, אפגעשליסען, איז אויסגעדארט, אז עס איז א שרעק אויף איהם א קוק צו טאן. און האסטו עפעס אפגעשפארט פון דיין הארעוואניע?...

— בערציק, וואס האסטו זיך אויף איהם אנגעזעצט? הער שוין אמאל אויף! — האט זיך גיטעל געבעטען.

— אזוי, איך זאל אויפהערען? אבער זאג מיר, פאר וואס זאל איך אויפהערען? ווער וועט איהם דארפען אויסהאלטען, אויסקליידען; אויף וועמעס קארק וועט ער ליגען די צוויי יאהר; וועמעס פנים וועט פלאמען אין מנין, אין גאס? פאר וואס זאל איך ניט ריידען?

— איך וועל זוכען ארבייט, איך וועל זיך אליין פארדינען אויפ'ן לעבען, — האט דער גאסט ארויסגערעדט מיט ציטערנדע ליפען.

— פארדינען וועט ער! וואס וועסטו דא טאן? האלץ האקען, מיסט פיהרען? עך, אט דאס איז דער תכלית פון זיי, רבונו של עולם, — האט ער ארויסגערעדט קרעכצענדיג.

ער האט פארשטעלט דאס פנים מיט זיינע דארע, ביינערדיגע הענט און שטיל שעפטשענדיג געבענשט. די מוטער און דער זוהן זיינען געזעסען שטילע, אומעטיגע, מיט אראפגעלאזטע קעפ.

---

אז דעם אלטען'ס איינגעבויגענע פיגור האט זיך פארקירעוועט אין דער בית מדרש גאס, זיינען דער גאסט און די מוטער נאך אלץ געזעסען איינע נעבען די אנדערע און געשוויגען.

גאנץ אנדערש האט זי זיך דעם זוהן געריכט צו טרעפען. די גרוסען, וואס מען האט איהר אפגעגעבען וועגען איהם, האט איהר הארץ אנגעפילט מיט נחת. זי האט עס קיינעם ניט געזאגט, האט עס געהאלטען ביי זיך אין דער נשמה, אבער שטאלץ איז זי געווען מיט איהם; פארט ניט קיין געוועהנליכער, א העלד איז ער, א קלוגער און א געבילדעטער. אזוי האט איהר אמאל דערצעהלט רייזקע, די שניידערקע. און וואס פאר א שעהנער ער איז! אז ער געהט דורך די גאס, שטעלען זיך אלע אפ קוקען אויף איהם. און ער חבר'ט זיך מיט רייכע, מיט סטודענטען,—האט דאס מיידעל צוגעגעבען. און געמאלען האט ער זיך פאר איהר, פאר דער מוטער, אין וואונדערליכע פארבען. עפעס גאר ווי דער בן מלך, וועגען וועמען זי האט אמאל, אז זי איז נאך א מיידעל געווען, אין א מעשה־ביכעל געלייענט. און פלוצים איז איהר שעהנער

חלום צובראָכען געוואָרען — אַן אָרימער, אַ שוואכער, אַ האלב קראנקער זיצט ער פאר איהר.

און דער זוהן — ער האָט אויך געשוויגען. שווערע, טרויע־ריגע געדאַנקען האָבען געדריקט זיין הארץ און מח. צוויי לאַנגע יאָהר וועט ער דארפען ליגען דאָ אין דער קליינער שמוציגער שטעדטעל, ווייט פון נאָהענטע חברים, פון פרעהליכען קאָכיגען לעבען און טאָג־איין, טאָג־אויס וועט ער דארפען הערען די זעלבע נאָגענדע, שווערע, שטעכיגע ווערטער. און געדאַכט האָט זיך איהם, ווי מען וואָלט איהם אוועקגעלעגט אין אַן ענגען, נאַסען, קאַלטען קבר און אַז די זון, די ליכטיגע, ווארימע זון, וועט ער שוין מעהר קיין מאָל ניט זעהן...

## IV

### .1

עס איז אָנגעקומען אַ שווערע צייט פאר מענדלען: טעג, וואָכען נאָכאַנאַנד האָט ניט אויפגעהערט צו גיסען דער דריבנער, געדיכטער אָסיען־רעגען, וואָס נעהמט דורך די ביינער און פאר־ביטערט דאָס לעבען. ער האָט וועגען קיין זאַך ניט געקענט טראַכטען. די פאַרגאַנגענע טעג אין דער גרויסער שטאָדט, די אַלע נאָהענטע, ליבע פּנים׳ער האָבען זיך פארצויגען מיט אַ נעבעל. ער האָט געפיהלט, אַז ער פארזינקט אין אַ שווערען דרעמעל, פון וועלכען ער קען זיך פאר קיין פאַל ניט אויסטשוכען. און אַז די זון איז שוין יע אַמאָל פון די וואָלקענס ארויס, איז ניט פרעה־ליכער געוואָרען: דאָס בילד וואָס זי האָט באַלויכטען איז געווען אַזאַ אומעדיגעס, אַז עס האָט זיך געוואָלט וויינען. אַ בלייענער הימעל, געלע בלעטער, דארע צווייגען, פּוסטע, אָפּגעשניטענע פעלדער, עלענדע פאר׳חשך׳טע, פארגאָסענע הייזקעס, גראָקייט, בלאָטע, דלות און אומעט אָהן אַ סוף. און צוזאַמען מיט׳ן קראַקען פון די וואָראָנעס און מיט׳ן וואָיען פון ווינד פלעגט ענבע־רען אין די אויערען דעם פאָטער׳ס קול, וואָס פלעגט כריפּען פאר כעס:

— וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף מיין קאָפּ! זאָל ער

נעהן פון דאנען! איך וועל איהם מיט א שטעקען ארויסטרייבען. איך וויל קיין גוי ביי זיך אין שטוב ניט האבען!

— וואס רעדסטו, בערציק, — פלעגט די מאמע ענטפערען שטיל, כדי דער זוהן זאל ניט הערען. — וואס הייסט ארויסטרייבען? וואו זאל ער געהן? ווייסט דאך, אז ער טאר ניט אוועקפאהרען פון דאנען. סיידען דו ווילסט, אז מען זאל איהם ווייטער ארייני־זעצען. מיינסט, איהם איז גוט? זעה ווי ער ווייזט אויס, ווי פאר'חושכ'ט ער איז.

הערענדיג די דאזיגע רייד, פלעגט זיך מענדלען וועלען רייסען די האר פון קאפ און אנטלויפען ערגעץ־וואו ווייט. אבער ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז לויפען איז ניטא וואו; אז צוויי יאהר, צוויי אזעלכע שווערע, לאנגע יאהרען וועט ער מוזען, טאג־איין, טאג־אויס, הערען די זעלבע בייזע ווערטער. און דאן פלעגט ער רחמנות האבען אויף זיך אליין און זודיגע טרעהרען פלעגען זיך נעהמען גיסען פון זיינע אויגען.

אמאל, אז דער אומעט פלעגט שוין צופיל צודריקען, פלעגט ער אוועק פון שטוב און פארפאלען ווערען אויף א גאנצען טאג. אהן א ציל פלעגט ער זיך אוועקלאזען איבער די פוסטע פעלדער, דורך די זומפען, דרעהען זיך ארום דער שוימענדער, רווישענדער אזיערע, אוועקשטעלען זיך און קוקען אויף דעם טאנץ פון די וועלען, ווי זיי שפרינגען און שטיפען אזוי ווי קליינע, צולאזענע קינדער. אט אזוי, מיט אן אראפגעלאזטען קאפ, האט ער געקענט אפשטעהן שעה'ען נאכאנאנד און ניט פיהלען די נאסקייט, וואס האט איהם דורכגענומען. אט דא, אין דעם אונאויפהערליכען גערודער פון דער אזיערע, פלעגט ער זיך דערמאנען אן דער רוי־שיגער שטאדט, אן די פריינד און באקאנטע, איבערלעבען פאר־סירונגען, וואס האבען אויפגעזאדען דאס בלוט, און א שמייכעל פלעגט זיך אפטמאל באווייזען אויף זיין דארען, שעהנעם פנים.

פון די אלע פנים'ער וואס זיינען ארויסגעשוואומען אין זיין זכרון האט איין געזיכט געשמייכעלט צו איהם מיט קלוגע, לאכענדע, בלויע אויגען. עס פלעגט ארויסשווימען פאר איהם א יונג, פול פנים'על, א גריבעלע אין דער לינקער באק און פולע, רויטע ליפלאך. דאס איז געווען מינע, די פרעהליכע,

אימער-לאַכענדע מיידעל מט די בלאָנדע האָר און די קלוגע אויגען, מיט וועמען ער איז די לעצטע צייט פאַר'ן ארעסט געווען אזוי באפריינדעט.

— פארגעסען אָן מיר. געדענקסט שוין ניט, אז אזא האָט גאָר אמאָל געלעבט, — פלעגט ער מורמלען מיט א וועהטאָג, און דערביי האָבען די אויגען ניט אויפגעהערט צו גיסען טרעהרען, וואָס פלעגען זיך קייקלען איבער'ן פּנים אין צוויי שמאָלינקע רינעלעך און פארשווינדען ערגעץ אין די לאַצען פון זיין אָפּגע־טראָגענעם, אלטען מאנטעל.

און צום טויזענדסטען מאָל דערמאָנט ער זיך אָן דער לעצ־טער באַגעגעניש. ווי מאָדנע האָט דאָס מזל מיט איהם געשפּילט! די גאַנצע צייט פון דער באקאנטשאפט, אין זייערע שפּאצירען דורך די ווארימע פריהלינגס־נעכט, האָט ער ניט געהאט די דרייסט־קייט איהר ארויסצוזייגען דעם קלענסטען סימן פון דעם, וואָס ביי איהם אין הארצען טוט זיך. זי איז דאָך אזוי ווייט געווען פון איהם. א קינד פון רייכע עלטערען, א געבילדעטע, א שעהנע — ווי קומט זי צו איהם, צום קליין־שטעדטעלשען מלמד'ס זוהן? און ער האָט זיך גאָר ערלויבט צו פרעהען, אָנצוקוועלען פון איהר לעבעדיגקייט, פון איהר נאטירליכער לוסטיגקייט. איהר קלינ־גענדער געלעכטער פלעגט איהם גליקליך מאַכען. און ער האָט אפילו גאָר ניט געטראכט וועגען קיין אַנדער זאַך, ווי בלויז צו זיין אָט אזוי נאָהענט צו איהר. איהם האָט זיך געוואָלט, אז דאָס לעבען זאָל זיך אזוי ציהען ביז'ן סוף. בלויז דעם לעצטען אָוועגט, עפּעס אזוי ווי פּיהלענדיג די אָנקומענדע געפאהר, האָט ער איהר האנד אָנגענומען, ארייַנגעקוקט טיף אין די אויגען און געפרעגט:

— מינע, זאָגט מיר דעם אמת: וואָלט אייך פארדראָסען, ווען איך וועד פלוצלונג ניט, ווען מען נעהמט מיך, למשל, צו?

ער האָט געפיהלט, זיכער געפיהלט, ווי זי האָט א ציטער געטאָן. א קליין ווײַלע האָט זי געקוקט אראָפּ, צו דער ערד, ניט צונעהמענדיג די האנט פון זיינער. נאָכדעם האָט זי איהם מיט א פארזאָרגטער מינע געפרעגט:

— מענדעל, פאר וואס זאגט איהר מיר דאס? שפיאָנירט מען דען אייך נאָך? האט איהר עפּעס באמערקט?

— ניין, ווער זאגט עס אייך? אָבער מיר איז אינטערעסאנט צו וויסען.

— אז איהר וועט צופיל וויסען, וועט איהר צו גיך אלט ווערען, — האט זי געזאָגט און שטיפעריש א לאַך געטאָן.

— איז וואס אַרט אייך, אז איך וועל אלט ווערען?

— פע, איך וואָלט אייך פיינט געהאט. איהר וואָלט געהאט א צוקנייטשטען פנים, טרעהרענדיגע, רויטע אויגען, א מויל אָהן ציינער. בררר!

— הייסט דאָס, אז איצט...

— איצט איז גאָר נישט. קומט אהיים, שוין שפּעט, — האט זי פרעהליך אויסגעשריען און איהם א שלעפּ געטאָן פאר'ן ארבעל.

אין יענער נאכט האט מען איהם ארעסטירט.

זעקס מאָנאטען נאָכאנאנד האט ער פון איהר קיין וואָרט ניט געהערט און ער האט געמיינט, אז ער געהט אראָפּ פון זינען. ער האט אויף אלערליי אופנים געזוכט ארויסצושיקען א צעטעלע. אָבער איהם האט זיך עס קיינמאל ניט איינגעגעבען. נאָר איין מאָל, גאַנץ פּלוצלונג, האט ער אין זיין עסען געפונען א קליין, צונויפגעוויקעלט בריוועלע. ער האט פאר איבערראשונג שיער ניט אויסגעשריען. איהם האט זיך געדאכט, אז א גרויסע, ליכטיגע זון האט אין זיין קליינעם, גרויען קאמערעל ארייננגע־שיינט. אָבער באלד איז איהם נאָך טרויעריגער, נאָך פינסטערער געוואָרען: פון יעדען וואָרט איהרען האט געוועהט מיט קעלט, מיט פרעמדקייט. ער האט זיך געוואָרפען אויפ'ן געלעגער, איינ־געגראָבען דעם פנים אין דער שטרויענער קישעלע און אזוי אָפּ־געלעגען א גאנצען מעת־לעת.

אין זיין שווערען עלענדען טורמא־לעבען איז דער בילד פון מינע'ן, וואס פלעגט אָפט אויפשווימען אין זיין זכרון, געווען די פרעהליכסטע ערשינערונג. שפּעטער אָבער האט ער דאס דאָזיגע קליינע פארגעניגען אויך פארלאָרען. עס האט איהם דערגרייכט די נייעס, אז זי האט חתונה געהאט פאר א גביר'ס א זוהן. ער

האָט ניט געוויינט, זיך ניט געביסען די ליפּען. ער איז שוין געווען קאַלט און גלייכגילטיג צו אַלץ. ער האָט אָבער דער־פיהלט, אַז די וועלטעל, אין וועלכער ער האָט פינף יאָהר פון זיין לעבען פאַרבראַכט, איז וואַכעדיג און גרוי געוואָרען, און אַז אַ נייע צייט איז אָנגעקומען, ווען יעדער מוז זיך כאַפּען בויען זיין איינענעם גליק, איינאָרדנען זיך אַ באַקוועמען נעסט.

## .2

אַ פּאָר מאָל איז אין זיין מאָנאָטאָנעם לעבען איינגעטראָטען אַ קליינע ענדערונג, וואָס האָט איהם אויפגערודערט, צוטרייסעלט. דער אוריאַדניק איז געקומען זעהן, צו אַלץ איז אין אָרדנונג, צו איז דער פאַרברעכער חלילה ניט אַנטלאָפען.

דער פאָטער איז בלאַס, צושראָקען געוואָרען. ער האָט אָראָפּ־געכאַפּט די היטעל און געבליבען אין דער יאַרמולקע. ער האָט געוואָרפען צומישטע בליקען אויפ'ן זוהן, אויפ'ן נאַטשאַלניק, האָט חניפה'דיג געשמייכעלט, אונטערגעטראָגען אַ שטול, איז ארומגעלאָ־פען ווי אַ פאַר'סמ'טער און ניט געוואוסט וואו זיך אהין צו טאָן. דאָס האָט דעם זוהן געקרענקט און באַליידיגט ביז טרעהרען, און טאַקע דערפאַר פלעגט ער זיך באַגעהן גראָב מיט'ן פּראָסטען פויער, וועלכער, מורא האָבענדיג אין הארצען פאַר איהם, פאַר דעם „פּאָ־ליטישען", פלעגט גוטמוטיג און מיט אַ געמאַכטער וואַזשנעקייט זאָגען:

— מיר מוזען היטען אָרדנונג, אויספאָלגען די באַפעהלען פון נאַטשאַלסטוואָ. פאַרשטעהסט, גוטער ברודער? דאָס איז ניט אונזער שולד. — און כדי צוצוגעבען מעהר געוויכט צו זיינע רייד, פלעגט ער צוקלאַפּען מיט'ן שווערד.

— נו, זעהסט דאָך, אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג. דאַרפסט זיך ניט שרעקען, איך וועל ניט אַנטלויפען, — פלעגט ער ענטפערען מיט שפּאָט אין קול.

— אָרדנונג איז אָרדנונג, פאַרשטעהסט? וואָלסט אפשר גע־בען אַ גלעזעלע טיי, בערקאָ, הייס מאַכען דעם סאַמאָוואַר! — פלעגט דער אוריאַדניק זיך ווענדען צום מלמד און דערביי זיך קראַצען אין פּאַטילניצע.

ער האָט געזופּט די הייסע, געלע וואַסער פון טעצעל און שטאַרק געשוויצט, האָט הילכיג געגריזשעט די צוקער און געסאָפּעט. מענדעל פּלעגט זיצען אַנטקעגען איהם און אַ לייכטער שמייכעלע איז ניט אַראָפּ פון זיינע ליפּען. „אַ קליין עקעלע שלעפּט זיך מיר נאָך פון יענע צייטען”, פּלעגט ער טראַכטען, און ערגעץ אין דער נשמה האָט עפּעס געיאָמערט.

— נו, אַ גוטען טאָג, בערקאָ, אַ דאַנק פאַר די טעע, — פּלעגט דער אוריאַדניק זאָגען ביים אַוועקגעהן, און צום זוהן האָט ער צוגעגעבען—פּאַראַידאָס. פאַרשטעהסט, מיר מוזען פאָלגען נאַטשאַלסטוואָ.

— דערלעבט זיך, שעהן אויסגעפיהרט, ניטאָ וואָס צו רייידען, — פּלעגט נאָך אַזאַ באַזוך אַרויסרעדען דער פאָטער, מיט אַ פארקרימטען פּנים פאַר כעס.

— האָסט זיך געמעגט ניט אַזוי בויגען פאַר איהם, דאַרפסט פאַר איהם גאָר קיין מורא ניט האָבען, — פּלעגט דער זוהן ענטפערען מיט פארקריצטע צייהנער.

— עזות מחוצף פּנים! דו רעדסט נאָך?

— בערציק, זאָל זיין שטיל. זעה, איך בעט דיר, פאַר׳סם ניט מיין לעבען, — פלעגט די מוטער זיך אריינמישען מיט טרעהרען אין קול.

* * *

עס איז אָנגעקומען דער ווינטער. דער וואַלד, די פעלדער, די דעכער, אַלץ אַרום איז געווען ווייס, קאַלט און טויט. אין קליינעם שטיבעל איז נאָך פינסטערער, נאָך אומעדיגער געוואָרען. די פענסטער זיינען, מיט׳ן ערשטען פראָסט, פאַרצויגען געוואָרען מיט אַ דיקער הויט פון אייז און ניט געלאָזען די ליכט אריינדרינגען. איצט איז שוין שווער געווען צו געהן. די שנעע האָט דערגרייכט ביז איבער די קני און דער קאַלטער, פרייער ווינט האָט געברענט די הויט. מעהר ווי אַ שטונדע האָט מענדעל אין דער פרייער לופט ניט געקענט זיין: אַ בלויער, אַ ציטערדיגער פּלעגט ער צוריק אין שטוב אריינפאַלען, זיך אַוועקזעצען ביים פענסטער, אָנשפאַרען דעם קאָפּ אויף די הענט און שטונדען לאַנג קוקען אויף די צווייגען, בלעטער און בלומען, וואָס זיינען אַזוי קונציג

אויסגעמאָלט געווען אויף די שויבען. עס האָבען זיך ביי איהם אַפּט די טרעהרען אין האַלז געשטעלט און געוואָלט דורכרייסען זיך אין אַ שטאַרקען יאָמער. אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטען. דאָס וואָלט דאָך געהייסען פאַרניכטען דאָס לעצטע ביסעל רעס־פּעקט וואָס זיי האָבען נאָך געהאַט צו איהם. וואָרים ער האָט געוואוסט, זיכער געוואוסט, אַז אונטער דער מאַסקע פון כעס, קוקט דאָך דער טאַטע אויף איהם מיט אַ געוויסער אַכטונג. די עטליכע יאָהר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער גרויסער שטאָדט, דער ווייטער פרעמדער לעבען, די הפקרות, ווי דער אַלטער האָט דאָס אָנגערופען, און נאָכדעם דער יאָהר טורמע האָט געמאַכט, אַז זיי זאָלען אויף איהם קוקען מיט באַוואונדערונג, ווי אויף אַ מענ־שען וואָס לעבט אין אַ העכערער, אונבאַגרייפליכער וועלט, פול מיט סודות און וואונדער. און דאָס האָט איהם געגעבען כח צו האַלטען זיך.

אָפּטמאָל, אַז אין שטיבעל האָבען זיך אָנגעזאַמעלט געדיכטע שאָטענס און ער מיט דער מאַמען זיינען געבליבען אַליין, איינע נעבען די אַנדערע, ביי די פאַרפראָרענע פענסטער, פלעגט ער זיך צעריידען. די אויפגעוואַכטע ענערגיע פלעגט זיך דורכרייסען אין אַ שטראָם הייסע ווערטער. זי פלעגט אויף איהם קוקען מיט וואונ־דער, מיט ברענענדע אויגען פון ליבשאַפט, שלינגען זיינע ווער־טער און אַלע ווייל אויסשרייען מיט התפּעלות:

— און ווי האָט איהר קיין מורא ניט געהאַט? רבונו של עולם, מע האָט דאָך אייך געקאָנט, חלילה, דערשיסען.

— האָט מען טאַקע געשאָסען אויך. ווייניג, מיינסטו, האָט מען פון אונזערע דער׳הרג׳עט? אָבער מען האָט זיך ניט געשראָ־קען, ווייל מיר האָבען געוואוסט, אַז מיר שטעהען פאַר׳ן אמת. און מיינסטו, אַז נאָר אָרימע האָבען דאָס געטאָן? רייכע קינדער זיינען אויך געווען, גאַנץ רייכע אפילו. אָט, למשל, איז געווען איינע אַ מיידעל, אַ רייכע קינד. וואָס פאַר אַ פאַרשוין! אין איהר פּנים איז זיך ניט געווען איינצוקוקען! און וואָס פאַר אַ קלוגע, געבילדעטע!

— און איהרע עלטערען האָבען דאָס געלאָזען?

— ווער האָט עס געהערט די עלטערען? מיינסט טאַקע,

אַז אין די גרויסע שטעדט קוקט מען אויף אַזעלכע זאַכען? האָסט באַדאַרפט זעהן, מיר פלעגעןביידע אַמאָל אַרומגעהן ביז טאָג.

— ווי, אַ מיידעל אליין? — האָט זיך די מאַמע אַ כאַפּ גע־טאָן פאַר שרעק. אָבער באַלד האָט זיך אַ פייערעל אין איהרע אויגען באַוויזען. זי האָט איהר פּנים צוגעטראָגען נאָהענט צו זיינעם, איהם אַריינגעקוקט טיף אין די אויגען און געפרעגט:

— זי איז דיין כלה, מסתמא. שעהם זיך ניט פאַר מיר, מיין זוהן. — איהר שטימע האָט געציטערט פאַר פרייד.

אַ ווײַלע איז ער געזעסען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און געשוויגען. עס איז איהם שווער געווען צו זאָגען דעם אמת.

— ניין, מאַמע, זי איז ניט מיין כלה. זי האָט ניט לאַנג צוריק חתונה געהאַט פאַר זעהר אַ רייכען בחור, — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, און געקוקט מיט פאַרלאָפענע אויגען אין דער הויך ערגעץ, און די ליפּען האָבען ביי איהם געציטערט.

* * *

אַמאָל, בלאָנדזענדיג אין פאַרשנעעטען פעלד, אַ פאַרטיפטער אין זיינע שווערע געדאַנקען, האָט ער פלוצלונג דערפיהלט ווי עט־וואָס ווייכעס, לינדעס האָט זיך דורך דער לופט דורכגעטראָגען. ער האָט שטאַרק אַ ציה געטאָן דעם אָטעם און אַ שמייכעל געטאָן: פריהלינג!

דאָס בלוט אין זיינע אָדערען האָט רוישיגער גענומען פליסען; אַ טיפע פרייד האָט איהם דורכגענומען. דער ווינטער איז צו ענדע, דער זומער קומט!

און צוזאַמען מיט דעם האָט אַ שטראַהל דורך זיין מח זיך דורכגעטראָגען. אַזוי ווי דורך אַ דיקען וואָלקען האָט אַ געדאַנק אין איהם אויפגעבליצט.

— טאָן, אַרבייטען.

וואָס אַזוינס ער וועט טאָן, האָט ער ניט געוואוסט. ער האָט נאָר געפיהלט, אַז די מוסקולען, די איינגעשלאָפענע ענערגיע, דער חשק צו לעבען, האָבען צוריק אין איהם ערוואַכט. פאַר גרויס פרייד האָט ער אַ הילכיגען געשריי געטאָן, וואָס האָט אָפּגעקלונגען שטאַרק און פאַנאַנדערגעקייקעלט זיך אין דער שטילער לופט. ער

האָט זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן שנעע אין זיין גאַנצער גרויס און צופרידען אַ לאַך געטאָן.

אַז ער איז אהיים געקומען שפּעט פאַרנאַכט, האָט די מאַמע אין איהם די ענדערונג דערשפּירט. זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט וואונדער. איהר הארץ האָט אַ ציטער געטאָן פאַר פרייד; עטוואָס גוטעס האָט מיט איהר קינד פּאַסירט.

3.

געבליבען איז ביי איהם, ער זאָל זיך נעהמען צום לערנען, צוגרייטען זיך צו אַן עקזאַמען, קריגען געלט און אַוועקפאָהרען אין אויסלאַנד שטודירען. דעם פּלאַן האָט ער ביי זיך אויסגעארבייט אין די שטילע, זאַנפטע פריהלינגס־טעג: ער וועט ניט פאַרבלייבען קיין נאַר. „זיי האָבען זיך אַלע אַ נעהם געטאָן אָנצויאָגען דאָס פאַרגאַנגענע. יעדערער האָט זיך גענומען שאַפען אַ קאַריערע, און איך וויל דאָס אויך טאָן. איך וועל זיי ווייזען וואָס איך קאָ אויפטאָן.״

אין די פאַר׳חלומ׳טע, קיהלע אָוועגדען, וואַנדלענדיג אַליין מיט׳ן ברייטען וועג, וואָס פיהרט פאַרביי דעם וואַסער־מיהל, האָט זיין פאַנטאַזיע געאַרבייט מעשים: איהם געמאָלען בילדער איינע שעהנער פון דער אַנדערער — ער וועט ווערען אַ סטודענט, לעבען אין אויסלאַנד, ענדיגען דאָקטאָר, קומען צוריק און זיך אַ נעהם טאָן לעבען אויף וואָס די וועלט שטעהט.

און ער האָט געשמייכעלט ביי דעם געדאַנק, ווי ער קומט אהיים אין אַ פּאַלערינע מיט אַ שטאָק און אַ הויכען הוט. ער געהט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ דורך די שמאָלע, בלאָטע געס־לאַך. אַלע שטעקען ארויס די קעפּ און פרעגען מיט וואונדער:

— ווער איז דאָס דער פּריץ?

— דאָס איז דאָך בערציק מלמד׳ס זוהן, מענדקע. אַ דאָק־טאָר איז ער.

אַזוי וועלען זיי ריידען צווישען זיך.

און אין אַ שבת וועט ער, מיט׳ן טאַטען און דער מאַמען געהן שפּאַצירען דורכ׳ן מארק. זייערע פּנים׳ער וועלען לויכטען, און ער וועט זאָגען צום טאַטען:

— זעהסטו, אבי דו האָסט דערנסטמאָל געמיינט, אַז איך בין שוין אַ פאַרפאַלענער.

„וואָס פאַר אַ געדאַנקען! עט, וואו איך האָב זיך אוועקגעלאָזט!" — האָט ער פון זיך אַליין אַ לאַך געטאָן און פרעהלאַך געגומען ברומען אַ לידעל.

שווער אָנקומען דאַרף דאָך איהם ניט, אַ קאָפּ האָט ער אַ גוטען. ווען ער האָט נאָך געלערענט אין ישיבה, און שפּעטער ביים לעהרער, האָבען זיי אַלע זיך ניט געקענט אָפּלויבען.

און אַלעקסאַנדער, זיין בעסטער פריינד, וואָס האָט מיט איהם געלערענט מאַטעמאַטיק, האָט ניט איין מאָל געזאָגט:

— עך, ווען איהר זיינט נאָר ניט קיין פוילער, וואָלט איהר זיך צו עפּעס דערשלאָגען!

דאַן האָט ער פון דעם געשפּאָסט: טראַכטען ווענען אַ קאַר־יערע גאָר! אָבער איצט האָט זיך איהם די זאַך געמאָלען גאַנץ אַנדערש.

„געוויס אַ קאַריערע, געוויס ווערען רייך. צו דען האָב איך ניט געזעהן, אַז אפילו אין אונזערע קרייזען האָט מען זיך צו אַ רייכען געשמייכעלט, גע'חנפ'עט, און אַן אָרימען חבר האָט מען אַרונטערגעמאַכט אונטער'ן האַנט?"

אין די אַנדערהאַלבען יאָהר קען ער זיך לייכט צוגרייטען. דאַן וועט די פּאָליציי־אויפזיכט זיין געענדיגט, און ער וועט קענען געהן וואו דאָס הארץ גלוסט.

אַ לאַנגע צייט האָט ער דעם פּלאַן זיינעם געהאַלטען ביי זיך. זאָל דאָס קומען פּלוצלונג, אונערוואַרטעט, וועט די פרייד זיין גרעסער. אָבער צום סוף האָט ער עס דאָך פאַר דער מוטער אַרויס־געלעגט.

צוערשט האָט זי עס ניט געקענט באַגרייפען: עפּעס אַ קליי־ניגקייט, ווערען אַ דאָקטאָר. לייכט רעדט זיך עס אַרויס. דאָס איז דאָך כמעט אונמעגליך צו דערגרייכען. אָבער אַז ער האָט מיט איהר איינגע'טענה'ט און איהר פאַרזיכערט, אַז דאָס איז מעגליך, אַז ער וועט דאָס באַשטימט דערגרייכען, האָט זי זיך פאַנאַנדער־געוויינט. דאָס וועט איהר גאָט באַצאָהלען פאַר די בזיונות וואָס זי איז זיך אויסגעשטאַנען, פאַר די בלוט־צאַפּעניש,

פאר די יסורים, וואס זי האט געהאט פון די שטערטעלשע ווייבער. — „עפעס איז פון אייער מענדקען גאר נישט געווארען. א שאד. ער איז געווען אזא וואויל אינגעל אמאל. איהר האט באדארפט זעהן ער זאל וואס ניט איז טאן; זאל ער זיך נעהמען צו א מלאכה", פלעגען זיי זאגען מיט א גיפטיגען שמייכעלע.

זי האט געמוזט שווייגען, ווארום וואס האט זי געקאנט ענטפערען? איצט אבער, א דאנק דעם, וועמעס נאמען מען טאר אומגעוואשען ניט דערמאנען, זאלען זיי זעהן ווער איהר זוהן איז!

ביינאכט צו וועטשערע, אז בערציק האט דעם פלאן אויסגעהערט, האט ער די ברעמען צונויפגעצויגען פאר כעס: וויים איך וואס מען פלאפּעלט! שפּעטער אז ער האט זיך איבערצייגט, דאס מען מיינט עס ערנסט, האט זיך זיין פנים אויסגעלייטערט, די גרויע אויגען האבען זיך אויפ'ן זוהן'ס פנים אפּגעשטעלט, איהם לאנג באטראכט. ער האט א שמייכעל געטאן:

— אפשר קאן דאס טאקע מיט'ן אויבערשטען'ס הילף געמאלט זיין? דער עיקר איז התמדה. מיט חשק קען מען אלץ דערגרייכען, — האט ער געזאגט שטרענג און דערביי ווייכער צוגעגעבען — וואס, אפשר א שלעכטען קאפּ האסטו, שייגעץ איינער. וואלסטו נאר געוואלט, האסטו דאך געקאנט זיין א למדן מופלג.

די קליינע הייזעלע, מיט'ן שווארצען, פאררויכערטען באלקען און די אפּגעברעקעלטע ווענט, האט אזוי ווי אויפגעשטראהלט. די דריקענדע שאטענס, דער אומעט, וואס האט די פאמיליע געהאלטען ווי מיט אייזערנע צוואנגען, זינט דער זוהן איז פון טורמע געקומען, איז איצט פארשוואונדען ווי א רויך.

דער פאטער מיט'ן זוהן האבען גענומען ריידען אלץ אפטער און אלץ לענגער, און נאך די אלע געשפּרעכען איז עפּעס אימער אויסגעקומען, אז מען קען אויך זיין א „געשטודירטער" און דאך האבען א אידישע הארץ.

— אט דערפאר האב איך אייך האלט, — האט דער אלטער געזאגט, — וואס איהר זייט נאך אלץ אידען. איך וועל דיר זאגען דעם אמת, אז טיף אין הארצען ביי זיך גלויב איך נאך איצט אויך, אז איהר האט אמונה און בטחון אין גאט, און אז אלץ

וואָס אהר טוט אָפּ איז עס נאָר דערפאַר, וואָס איהר זייט יונגע שקצים. איהר וועט עלטער ווערען, וועט איהר קליגער ווערען.

ביי מענדלען האָט זיך פריי פאַנאַנדערגעוויקעלט דער צונג. ער האָט אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען פון זיין לעבען אין דער גרויסער שטאָדט, פון די צרות וואָס ער איז זיך דאָרט אויסגע־שטאַנען, און וועגען די גליקליכע מינוטען, וואָס די באַוועגונג האָט איהם געגעבען:

— די סאָלדאַטען זיינען געשטאַנען מיט די ביקסען אָנגע־שטעלט געגען אונזערע הערצער. מיר זיינען געשטאַנען איינע געגען די אַנדערע ווי צוויי ווענט און זיך פון אָרט ניט גע־ריהרט. מען איז געווען ענטשלאָסען אויף אַלץ, אבי ניט אָפּצור־טרעטען. פּלוצלונג איז אַ יונגע שעהנע מיידעל ארוים פון דער מאַסע און זיך געלאָזט געהן אַנטקעגען די סאָלדאַטען. מיט אַ הויכען קול, אַז מיר אַלע זאָלען הערען, האָט זי דעם אָפיציר איבער־געגעבען אונזער פאַרלאַנג און איהם געוואָרענט, אַז אויב בלוט וועט פאַרגאָסען ווערען, וועט עס פאַלען אויף זיין קאָפּ.

— אַ מיידעל! אַ יונגע מיידעל! וועה, וועה, ווי האָט זי דאָס קיין מורא ניט געהאַט? זיי האָבען איהר דאָך געקענט צור־רייסען אויף שטיקער! — האָט דער פאָטער אויסגעשריען.

— מען האָט וועגען זיך אין אַזעלכע מינוטען ניט געטראַכט. עס איז אין זינען ניט געלעגען, — האָט דער זוהן מיט באַגייס־טערונג געזאָגט.

דער אַלטער האָט זיך געצויגען ביי דער גרויער באָרד, גע־קנייטשט דעם שטערען, איז אויפגעשפּרונגען און זיך צוריק גע־זעצט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען הערט ער אַזעלכע טשי־קאַווע זאַכען. נאָר אין מיטען שמועס האָט ער פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן:

— און וואו דענקסטו צו פאָהרען שטודירען — אין פּעטער־בורג אָדער אין מאָסקווע?

— ניין, ניט אין רוסלאַנד. איכ'ל פאָהרען אָדער אין דייטש־לאַנד אָדער אין דער שווייץ; איך וועל זעהן וואו עס לוינט זיך בעסער.

פון דעם אָוועגט אָן פלעגט בעריציק נאָכ'ן דאַוונען אין מנין,

אז מען פלעגט זיך צוריידען וועגען פּאָליטיק, זיך אַריינמישען אין געשפּרעך:

— מיין מענדעל דערצעהלט מיר וועגען דעם, אַז...

פון אָנפאַנג האָט מען אונטערגעשמייכעלט מיט חוזק: מיין מענדעל דערצעהלט! אויך מיר אַ מענש! אַן „אַבאַדראַנעץ"! אָבער וואָס ווייטער האָט מען זיך גענומען צוהערען מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט. עפּעס דערצעהלט ער אַזעלכע טשיקאַווע זאַכען! און מען האָט גענומען זוכען אַ געלעגענהייט זיך צו טרעפען מיט איהם, האָרכען וואָס ער האָט צו דערצעהלען; און מיט ברייט געעפענטע מיילער, מיט ענטציקונג, האָט מען געהערט די לאַנגע, וואונדערליכע מעשיות, וואָס אַט דער בחור מיט'ן בלאַסען פּנים און די טיפע, שווארצע אויגען האָט אַזוי שעהן דערצעהלט.

4.

עס איז אָנגעקומען אַ זומער מיט גרינע לאָנקעס, אַ שמעקעדיגען וואַלד און ברייטע, פאַרזעעטע קאָרן־פעלדער. אַלץ האָט געזונגען אַ פרייד־געזאַנג דעם ניי־אָנגעקומענעם לעבען. די זשאַבעס אין זומפּ האָבען אָנגעפילט מיט זייערע קולות די לופט, פויגלען האָבען געטרילערט הויך און הילכיג.

אין די וואַרימע אָוונטען פלעגט מענדעל ניט קענען איינזיצען אויף אַן אָרט. די בלויע, אין נעבעל איינגעהילטע ווייטקייט האָט איהם געצויגען, גערופען. ער פלעגט זיך אַזוי אַוועקלאָזען געהן שפּאַנען אָהן אַ ציל, אָהן אַ פּלאַן. אין זכרון האָבען אויפגעפלאַמט די אַלטע זכרונות; עס זיינען ארויסגעשוואומען די פּנים'ער פון פריינד און באַקאַנטע. צווישען זיי אַלע האָט איין געזיכט העלער, לויטערער געלויכטען צו איהם. דער אַלטער קריץ אין דער נשמה האָט גענומען וועה טאָן, און מיט אַ פאַרקרימטען פּנים פון שמערץ פלעגט ער אויסרופען:

— מינע, מינע!

באַלד אָבער פלעגט ער טרויעריג אַראָפּלאָזען דעם קאָפּ, און שוואַך, אָהנמעכטיג פלעגט ער זיך אַראָפּלאָזען אויפ'ן ווייכען, מיט טוי באַדעקטען גראָז און קוקען, קוקען לאַנג מיט זיינע גרויסע, שווארצע אויגען, ווייט אין דער דונקעלהייט אריין.

ער האָט געוואוסט, אַז איצט איז זי די פרוי פון אַ מאַן, אַ

באַלעבאַסטע פון אַ רייכע הויז, און געווים לאַכט זי פון יענעם אָרימען בחור, וואָס האָט איהר שטענדיג מיט אַ געבעט אין די אויגען געקוקט. זי איז זאַט און צופרידען. זי איז שוין מסתמא אַפגעקאַרמעט געוואָרען. אָבער כאָטש ער האָט דאָס געוואוסט, פונדעסטוועגען איז יענע געשטאַלט, מיט די בלאָנדע האָר, פולע ליפען און לויטערע, בלויע, לאַכענדיגע אויגען, אַלץ נאָך געשטאַנען פאַר איהם. צו איהר האָבען זיך די אַלע זאַכען עפּעס אַזוי ווי ניט געקלעפּט; ריין און אונשולדיג איז זי אַלץ געשטאַנען פאַר איהם.

זיי וועלען זיך נאָך טרעפען, באַשטימט טרעפען. זאָל ער נאָר דורכמאַכען דעם קורס. ווען ער וועט פאָהרען אין אויסלאַנד, וועט ער דורכפאָהרען יענע שטאָדט און איהר אויפזוכען. אָה, דאַן וועט שוין אַנדערש זיין: זי וועט קוקען אויף איהם ווי אויף איהרם אַ גלייכען, און ער וועט שוין דרייסטער ווערען.

אין אַ ווינקעלע פון זיין מח האָט ער אליין חוזק געמאַכט פון זיך: עפּעס אַזוי ווי עמיצער וואָלט דאָרט געזעסען און גע־רייצט זיך:

— זי וועט שוין צו יענער צייט האָבען אַ קינד, אפשר צוויי, אַ מאַמע, אַ צושוואָומענע אידענע; זי וועט דיר אפילו דערקענען ניט וועלען.

אָבער די נעכט זיינען אַזוי וואונדער שעהן און וואַרים; די לבנה שיינט מיט אַזא פאַר׳חלום׳טען, חנ׳עוודיגען גלאַנץ איבער די לאָנקעס, דעם זומפּ, דעם געדיכטען וואַלד. די נאַכט הילט אין זיך אַזוי פיל סודות, אַזוי פיל צויבער, אַז עס ווילט זיך גלוי־בען, חלום׳ען, בויען די וואונדערליכע לופט־שלעסער.

* * *

וויפיל ער האָט זיך ניט צובעטען ביי די עלטערען זיי זאָלען וועגען דעם פּלאַן זיינעם קיינעם ניט דערצעהלען, האָט ער גאָר נישט אויסגעפיהרט. די גאַנצע שטעדטעל האָט זיך אין גיכען דערוואוסט, אַז מענדקע בערציק׳ס שטודירט אויף דאָקטאָר, אַז ער פאָהרט אין „אויסענלאַנד". פילע האָבען איהם ביים באַגעגענען נעפרעגט וואו ער האַלט שוין, צו עס איז נאָך אַ פולע געבליבען. די מיידלאַך, וואָס האָבען איהם די גאַנצע צייט אויסגעמידען און

ניט געשענקט קיין ברעקעל אויפמערקזאמקייט, האָבען איצט גע־
נומען קוקען אויף איהם מיט זשעדנע אויגען, מיט נייגעריגקייט.
אין זייערע פאנטאזיעס האָט זיך גענומען מאָלען א העלד מיט
א מונדיר, גאָלדענע קנעפּ און א קאָקארדע. און ניט איינע פון זיי
האָט שוין אין דער שטיל וועגען איהם גע'חלומ'ט און שטיל גע־
זיפצט. אפילו די קליינע קינדער פלעגען איהם אָנקוקען מיט וואונ־
דער און מיט דרך ארץ: א דאָקטאָר, ער דאַווענט ניט, עפּעס
מאָדנע — פלעגען זיי טראַכטען מיט ווייט געעפענטע אויגעלאַך
קאָלופּענדיג די נעזלאַך. דער גביר האָט איהם שוין אייניגע
מאָל די האַנט געגעבען און אויף רוסיש איהם איינגעלאַדען קומען
אויף א גלעזעל טעע, זיך דורכצורעדען. אך, ווען פון דעם לאָזט
זיך גאָר נישט אוים! ער וואָלט זיך באדארפט באגראָבען לעבע־
דיגערהייד.

אָט דער געדאַנק האָט איהם אַלץ שטארקער און שטארקער
גענומען עגבערען: וואו נעהמט מען געלד? ארום און ארום וועט
עס מוזען קאָסטען ביי א טויזענט רובעל. וואו וועט ער עס קריגען
אזא גרויסע סומע? אָט דארף ער שוין האָבען צעהן רובעל אויף
ביכער. ער מוז אויסשרייבען די ביכער פון שטאָדט. ער הויבט
אָבער ניט אָן צו וויסען, ווי אזוי מען קריגט אָט די צעהן רובעל.
— וואָס הויבט מען אָן צו טאָן? ווי גיט מען זיך א עצה?
אפשר שרייבען אין שטאָדט צו פריינד, זיי זאָלען ארויסהעלפען?
האָט ער אָבער פארשטאַנען, אז דאָס איז נאַריש. זיי וועלען זיך פון
איהם אויסלאַכען. צו דען ווייס ער ניט וואָס עס טוט זיך דאָרט,
ווי קאָלט און ווייט מען איז געוואָרען איינע פון די אנדערע? אָט
האָבען זיי דאָך אפילו אויף זיין בריף ניט געפונען פאר נויטיג צו
ענטפערען. געלט וועלען זיי איהם געבען? געפונען דאָס אָרט! —
פלעגט ער מיט רציחה ארויסברומען.

וואָס פאר א טייוועל האָט מיר פאר'ן צונג געשלעפּט? צו
וואָס האָב איך דאָס גאָר באדארפט דערצעהלען? איך בין גע־
וואָרען אַן אידיאָט, א בהמה, — האָט ער זיך אליין געזידעלט, —
איך וואָלט די צייט אריבערגעשטופּט ווי ניט איז, און נאָכדעם
וואָלט איך שוין געוואוסט פאר וואָס זיך צו נעהמען. באריהמען
האָט זיך מיר געוואָלט! א דאָקטאָר נאַר!

די מוטער האָט איהם גענומען נאָכקוקען מיט שרעק, מיט א פאַרזאָרגטען פּנים. עפּעס וואָס האָט שוין ווידער מיט'ן זוהן פּאַסירט. אָבער אַזוי ווי ער איז שטענדיג ארומגעגאַנגען מיט אַן אָנגעכמורעטען פּנים, א ברוגז'ער, האָט זי ביי זיך ניט גע'פּועל'ט איהם צו פרעגען. ער איז דאָך אַזא מאָדנער, אַזא טשיקאַווער בחור; זי הויבט איהם ניט אָן צו פאַרשטעהן. ביז איין מאָל האָט ער אליין זיך ארויסגערעדט:

— איך ווייס ניט, וואָס מען הויבט אָן צו טאָן. איך דאַרף האָבען אַזוי פיל געלד, און דאָ האָב איך קיין קאָפּיקע ניט ביי לייב און לעבען.

— געלט?! אויף וואָס דאַרפסטו געלט, מיין זוהן?

— וואָס מיינסטו, מאַמע, עס טוט זיך אָט אַזוי גלאַט אין דער וועלט אריין? מען נעהמט און מען ווערט א דאָקטאָר! אויף אַזא אופן וואָלטען דאָך דאָס אַלע טאָן, — האָט ער ארויסגערעדט מיט שפּאָט אין קול.

— ווייסטו דאָך, אַז איך בין ניט קיין געבילדעטע. וואָס פאַרשטעה איך? וויפיל געלט דאַרפסטו?

— טויזענט רובעל.

— טויזענד רובעל! וואָס רעדסטו, קינד? — האָט זי אויסגעשריען, און די ליפּען זיינען איהר ווייס, אָפּגעשטאָרבען געוואָרען. — וואו וועלען מיר נעהמען טויזענט רובעל?

— איך זאָג ניט, אַז איהר זאָלט מיר געבען. איך ווייס, אַז איהר פאַרמאָגט אפילו ניט קיין טויזענט קאָפּיקעס. איך טראַכט נאָר אַלץ, וואו מען נעהמט עס, ווארום אָהן דעם וועט גאָר נישט ארויסקומען, — האָט ער שטיל ארויסגערעדט.

— וועה, וועה, עס קען זיך נאָך חלילה גאָר נישט אויסלאָזען, — האָט זי געזאָגט. די אויגען זיינען איהר פאַרלאָפען מיט טרעהרען. זי האָט אויף איהם געקוקט מיט פאָרוואורף.

א ווייל'ע זיינען ביידע געזעסען שטילע, אומעטיגע, צוגעדריקטע. ביי מענדלען אין מח איז אויסגעוואַקסען א געדאַנק: אויפהויבען זיך פון אָרט, ארויפלעגען די הענט אויף דער מאַמע'ס פּלייצעס און זאָגען:

— לאָמיר דאָס אוועקוואַרפען. עס איז א נאַרישער חלום.

איך וועל קיינמאָל קיין דאָקטאָר ניט זיין. — אָבער ער האָט דאָס פאַר קיין פאַל ניט געקענט טאָן. ער האָט געפיהלט, אז דאָס לעצ־טע ביסעל פרייד וואָלט ער צוגענומען ביי אָט דער עלטערער, שוואכער פרוי, און אז אויך איהם וואָלט שווער געוואָרען צו לעבען אויף דער וועלט. מען מוז זיך האלטען פעסט, געהן דאָס מזל אנטקעגען.

— מילא, צופיל זאָרגען דאַרפסטו אויך ניט. איך וועל זיך ווי ניט איז דורכדרעהען. מיר'ן זעהן וואָס עס איז דאָ צו טאָן, — האָט ער מיט געמאכטער רוהיגקייט אין קול ארויסגעזאָגט.

אויף מאָרגען האָט איהם די מאמע אָנגענומען פאַר'ן האנט, איהם לאנג געקוקט אין די אויגען אריין, פארלעגען געשמייכעלט, און צום סוף געזאָגט:

— מענדעל, איך וויל מיט דיר עפּעס ריידען, אָבער איך בעט דיך, דו זאָלסט ניט ווערען אין כעס. ווייסט, אז איך מיין דיין טובה. — זי האָט שווער געאָטעמט.

— רייד, מאמע. וואָס האָסטו זיך אָפּגעשטעלט?

— איך האָב זיך דורכגערעדט מיט עלקע'ן. ווייסט דאָך, זי איז מיינע א גוטע פריינד. איך האָב איהר אַלץ דערצעהלט, האָט זי מיר אַן עצה געגעבען. — זי האָט זיך פארהאקט, עס האָט איהר קיין מוט ניט געקלעקט צו ענדיגען.

— רייד, מאמע, וואָס האָסטו מורא? — האָט ער מיט שרעק ארויסגערעדט, און די קנעכלאך האָבען אזש א ציטער געטאָן.

— זי האָט מיר געזאָגט וועגען שפרה'ן דער קרעמערקע.

— וועגען שפרה'ן? וואָס קעהר זי זיך אָן מיט מיר?

— ווייסט דאָך, זי איז אַן עהרליכע מיידעל און האָט געלט; מען שאצט איהר אין א דריי טויזענט רובעל.

פּלוצים איז איהם אַלץ קלאָר געוואָרען. ער האָט הויך א לאַך געטאָן:

— מיט וועמען, מיט אָט דער מיאוס'קייט? זי איז דאָך נאָך אמאָל אזוי אַלט ווי איך. — א רויטקייט איז איהם ארויס־געקומען אויף די באקען. עס האָט זיך איהם געוואָלט שטארק לאַכען.

איהם איז אויסגעקומען אזוי נײ און קאמישע דער געדאנק, אז מען רעדט איהם א שידוך. קיין מאל האט ער אפילו ניט א טראכט געטאן וועגען דעם. ער האט געליבט פיל מיידלאך, מיט עטליכע איז ער געווען גאנץ נאהענט. אבער דאס איז אלץ געווען אנדערש. דער געדאנק, אז מען רעדט איהם א שידוך האט איהם א קיצעל געטאן און געמאכט פרעהליך.

— נו, וועגען איהר עלטער, מיין זוהן, איז דאס שוין א גוזמא; אין גאנצען איז זי עלטער פון דיר מיט א זעקס־זיבען יאהר, אפשר אכט.

— וואס רעדסטו! אז איך בין א קליין אינגעל געווען, איז זי שוין געווען א גרויסע מויד און שוין געהאנדעלט מיט הערינג און זאלץ.

— זי האט אבער א פולע געלט. מען שאצט איהר גאר גרויס. זי איז אן עהרליך קינד, אזא יאהר אויף מיר; ניט אזא חצופה ווי די אנדערע.

— עה, בעסער וואלט זי געווען א חצופה, אבי ניט אזוי העסליך.

און כאטש ער האט ביי זיך אין הארצען געוואוסט, אז ער קען אזא זאך ניט טאן, זיכער ניט, דאך האט דער שמועס געהאט א שטארקע ווירקונג אויף איהם: אין א ווינקעלע פון מארך איז עפעס לויטער געווארען, און ער האט געפיהלט, אזוי ווי א שווערע משא וואלט פון זיינע פלייצעס אראפגעפאלען; ער האט פרייער אויפגעאטעמט.

— נו, וואס זאגסטו, מיין זוהן, אפשר איז די זאך גאר ניט אזוי קרום? — האט איהם די מוטער געפרעגט ווי מיט געבעט. — אין דער אמת׳ען איז דאך שעהנקייט ניט אלץ. מען ווערט צו־געוואוינט. דער עיקר, דער מענש זאל זיין א מענש. אט נעהם מיך אליין מיט דיין טאטען, זאל געזונט זיין. אז איך האב איהם דאס ערשטע מאל דערזעהן, איז מיר פינסטער געווארען אין די אויגען: דאר איז ער געווען ווי א שפאן און שווארץ ווי א מורין. היינט האט ער נאך דערצו געהאט א געשטט אויף אן אויג. ווי נאר איך האב אויף איהם א קוק געטאן, בין איך ארויסגעלאפען פון שטוב און געגומען וויינען מיט ביטערע טרעהרען; איך האב

גענומען שרייען, אז מען זאָל מיך אפילו הרג'ענען, וועל איך איהם ניט נעהמען. נו, האָט מיר דער טאטע דערלאַנגט א פייערדיגען פּאטש, א ריס געטאָן ביי די האָר און געזאָגט: דו שוויינ, איך וועל דיר די ביינער צוברעכען. ער איז געווען א גרויסער כעסן, דיין זיידע, זכר צדיק לברכה, אז ער האָט וואָס ניט איז געהייסען טאָן, האָט מען שוין געפאָלגט. נו, און פונדעסטוועגען זעהסטו דאָך, איצט דאכט זיך מיר, אז קיין שעהנערער פּאר דיין טאַטען איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. זי איז א וואויל מיידעל, שפרה, א גוטע נשמה און פון פיינעם יחוס.

— א יחסנ'טע שוין אויך! וואָס איז, איהר טאטע איז א דרדקי מלמד, א שוטה?

— נו דאַרפסט דאָך ניט חתונה האָבען מיט איהם. זי איז א קלוגע מיידעל.

— מילא, לאָמיר דאָס לאָזען; מיר'ן נאָך רעדען וועגען דעם, — האָט ער געענטפערט פארטראַכט, אויפגערודערט.

— אָבער צו וואָס אָפּלעגען? דערוויי'ל געהט די צייט אין ניוועץ, — האָט זי איהם ניט אָפּגעלאָזט.

— אָך, מאַמע, איך קען זיך דאָך ניט פארקויפען אָט אזוי פּלוצים, ניט באַקלעהרענדיג זיך אפילו — האָט ער אויסגעשריען מיט כעס.

— וואָס רעדסטו, פּאַרקויפען זיך? ווי מאָדנע! ממה נפשך, אז דו ווילסט ניט, איז ניט.

— איך האָב דיר ניט געזאָגט אז ניט, אָבער באטראַכטען זיך מעג איך דאָך.

זי האָט א לאַך געטאָן. אָט די לעצטע ווערטער זיינע האָבען איהר באַוויזען, אז דער ענין איז איהם אין גאַנז אריין. עס איז אַראָפּ בעסער ווי געוואונשען. געטראַכט האָט זי, אז ער וועט איהר דורס זיין... — זאָל נאָר זיין מיט מזל, רבונו של עולם — האָט זי שטילינקערהייד גאָט געבעטען.

אריינטראַכטענדיג זיך אביסעל מעהר אין דער זאַך, איז ער געוואָרען אומעטיג. אין זיין זכרון איז ארויסגעשוואומען שפרה'ס בילד: איהרע באַקען, גרויע, דאַרע, מיט זומערשפּרינקלאַך;

איהרע פאַדערשטע לאַנגע צייהנער, די מאָרדעטשקע, די באָראָ־דעווקעס. אַן עקעל, אַ שרעק האָט איהם אָנגעכאַפּט.

און טראַכטענדיג וועגען די דריי טויזענט רובעל, וועגען דער אונגעהייער גרויסער סומע, וואָס ליגט אין די הענט פון דעם קליי־נעם, דאַרען שרץ, האָט איהם אַזש אויפגעטראָגען פאַר כעס: זי האָט עס, האַלט אין איהרע הענט אַזאַ גרויסע קראַפט. דאָס ניט איהר דאָך דעם כח אומגליקליך צו מאַכען אַ יונגען לעבען; ער וואָלט, דאַכט זיך, מיט פרייד איהר דערשטיקט, דערוואָרגען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם צאָרן זיינעם, אויף דעם טיפען עקעל, האָבען זיך זיינע געדאַנקען דאָך געדרעהט אַרום אָט דעם דאַרען נפש׳ל. און געדאַכט האָט זיך איהם, אַז עפּעס טיילט איהר דאָך אויס פון אַלע מענשען אַרום. כאָטש זי איז אַזוי נישטיג און קליין, פאַרנעהמט זי דאָך אַזאַ גרויסען אָרט צווישען די אַלע אָרימע, דערשלאָגענע, פאַר׳חושכ׳טע מענ־שען. יעדער פון זיי בויגט זיך און שמייכעלט צו איהר. זי איז, אויסער דעם נגיד, די שטאַרקסטע פּערזאָן אין שטעדטעל. אַרומ־גערינגעלט מיט איהרע פעסלאַך הערינג, זעקלאַך זאַלץ, הערשט זי איבער אַלעמען און אַלעם; אָן איהר ווילען הענגען אָפּ פילע פאַמיליעס. זי העלפט אַרויס מיט אַ הלואה, מיט אַן עצה. יעדער זוכט איינצוקויפען זיך ביי איהר אין די אויגען מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ שמייכעל. אפילו זיין פאָטער, וואָס האָט, דאַכט זיך, מיט איהר גאָר ניט צו טאָן, אפילו ער, אַז ער רעדט צו איהר, ווערט זיין פנים ווייכער, חניפה׳דיגער.

איצט האָט ער שוין געוואוסט, אויף זיכער געוואוסט, אַז דער פּלאַן זיינער איז ניט קיין חלום. עס איז פּלוצים געוואָרען אַ ווירקליכקייט — דאָס וועט שוין זיין. אַבי ער זאָל נאָר וועלען, וועט ער שוין זיין אַ סטודענט אין אויסלאַנד, אין אוניווערזיטעט; ער וועט זיין אַ דאָקטאָר. קיין קראַפט אין דער וועלט וועט איהם שוין פון דעם ניט אָפּרייסען.

אָט די געדאַנקען האָבען איהם אין גאַנצען באַהערשט. שטונדען גאַנצע פלעגט ער קענען אַזוי אָפּזיצען ביים פענסטער פאַרזונקען אין אַ האַלבען דרימעל, פאַרטראָגען אין אַן אַנדער וועלט.

און מאָדנע, די בילדער, וואָס זיין פאַנטאַזיע האָט איהם געמאָלען, זיינען געווען העלע, פריידיגע. דער דריקענדער אומעט, דאָס בענקען נאָך דער שטאָדט, נאָך דעם אמאָליגען לעבען איז אוועק פון זיך אליין, אזוי ווי מיט׳ן האַנט אָפּגענומען.

נאָך אמאָל, אונטער דער ווירקונג פון די אָנקומענדע נאַכט־שאָטענס, פון דעם געזאַנג וואָס איז געהאַנגען אין דער ווייכער, דופּטענדער לופט איז פאַר איהם אַרויסגעשוואומען אַ געשטאַלט פון אַ יונג מיידעל, מיט בלאָנדע האָר. אויף אַ מינוט נאָר האָט דאָס הארץ אַ ציטער געטאָן, אָבער עס איז באַלד צוריק פאַרשוואונדען. די געשטאַלט איז שוין איצט געווען פאַרהילט אין אַ שלייער, וואָס האָט ניט געלאָזט זעהן גענוי דאָס געזיכט. עס האָט נאָר געוועקט אַ שטילען טרויער, אַ זיסען וועהטאָג.

## .5

אמאָל, געהענדיג אַ פאַרנאַכט מיט׳ן וועג וואָס פיהרט צום מיהל, האָט ער דערזעהן ניט ווייט אַ פרויען־געשטאַלט אין ווייסען געקליידט. באַלד האָט איהם אַ קלאַפּ געטאָן דאָס הארץ:

— שפרה.

ער האָט צו זיך אליין אַ שמייכעל געטאָן און אויסגעגלייכט זיך. עס איז איהם געווען טשיקאַווע, מעהר ניט. קיין שרעק אָדער קיין פרייד האָט ער ניט געפיהלט. ער איז געווען גלייכגילטיג.

— גוט נאָוועגט, שפרה. וואו געהט איהר עס אזוי שפּעט איינע אליין?

— גוט נאָוועגט, מענדעל. איך האָב דיר... איך מיין אייך, — האָט זי זיך פאַרהאַקט און שעהמעוודיג אַ שמייכעל געטאָן, — גאָר ניט דערקענט. איך געה זיך מיר דורך אביסעל. אַ גאַנצען טאָג אין קראָם, מען האָרעוועט זיך גענוג אָן, ווילט זיך אין אָוועגט אָביסעל דורכגעהן. וואָס מאַכט איהר, מענדעל?

איהר קול איז געווען הייזעריגלאַך און זי האָט שווער גע־אָטעמט. קענטיג, אַז זי איז געווען אויפגערעגט ביז דער העכ־סטער שטופע.

מענדעל האָט אויף איהר געקוקט מיט די שוואַרצע, גרויסע

אויגען. ער האָט איהר צומישטקייט באמערקט און דאָס האָט איהם הנאה געטאָן. דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען האָט ער איהר געזעהן אין אזא לאגע. אלע מאָל, ווען זיי האָבען צווישען זיך גערעדט, פלעגט דער נגיד'ישער זיכערער שמייכעל ניט אראָפּ פון איהרע דינע, בלייכע ליפּען.

— וואָס מאכט איהר, שפרה? ווי געהט עס? — האָט ער איהר גאַנץ פרעהליך געפרעגט.

— וואָס זאָל איך מאכען?! איהר ווייסט: קליין שטעדטעל־שע; מען האָרעוועט שטארק, און ווייטער ווייסט מען פון קיין זאך ניט.

— נו, פון דער קליין שטעדטעל אונזערער דאַרפט איהר שוין נאָר ניט זיין אומצופרידען. זעהט דעם וואלד, באטראכט די קאָרן, קוקט אויף אלע זייטען. וואו האָט איהר נאָך אזא שעהנ־קייט? וויפיל וואָלטען לייט באצאָהלט אבי צו קענען לעבען א זומער אין אזא גן־עדן?! קענט איהר זיך דען פאָרשטעלען, וואָס אין שטאָדט טוט זיך איצט אין אזעלכע היצען?

זי האָט אויף איהם געקוקט מיט ברייט־געעפענטע אויגען. זי האָט ניט גוט געהערט וואָס ער רעדט. ערשט איצט האָט זי באמערקט, אז ער איז א שעהנער, געזונטער בחור, מיט פייערדיגע, שווארצע אויגען, א הויכער, א שלאנקער. און זיך פאָרשטעלענ־דיג וואָס ער קען זיין פאַר איהר, איז איהר ווי א הייסער שטראָם אריבער איבער'ן לייב. זי האָט לייכט אויפגעציטערט. איהר האָט זיך געדאַכט, אז די טרוימען איהרע, די ברענענדע פארלאנגען, זיינען מיט אמאָל פארווירקליכט געוואָרען. דאָס האַרץ האָט איהר געציטערט, נאָר איהר מיידעלשע שטאָלץ, איהם איינגעבאָרענע שעהמעוודיגקייט האָט איהר געמאכט צו באהערשען זיך, ניט ארויסצואווייזען קיין צייכען וואָס אין איהר קומט פאָר.

— פונדעסטוועגען טראכט איך, אז אייך בענקט זיך נאָך דער שטאָדט.

— א האָר אויך ניט. איך בין צופרידען דאָ צו זיין. מעהר ניט, ווינטער איז מיר געוועזען אומעטיג. איהר ווייסט דאָך אליין, עס איז זיך ניטאָ וואו אהינצוטאָן.

— איך האָב געזעהן, ווי איהר בלאַנקעט זיך, נעבעך, ארום און אומעטיגער, א פארטראכטער, אז איהר מיידט אוים מענשען.
— ווי געהט דאָס געשעפט? לייזט מען עפּעס? — האָט ער פארקירעוועט דעם געשפּרעך אין א זייט. — עס זיינען אונטער דער צייט צוגעקומען נאָך קראָמען. דאָס האָט מסתמא קיין טובה ניט געטאָן די לייזונג.

— מיר האָט ניט געשאַדט, איך וויים ניט ווי אנדערע. איהר ווייסט דאָך, אן איינגעפונדעוועטע פירמע, פון גאנצען גע־גענד ארום קומט מען צו מיר. די צרה איז נאָר, וואָס עס איז ניטאָ אויף וועמען זיך צו פארלאָזען פון דאנען אהין; די מענשען זיינען ניט געטריי.

אין איהר טאָן איז געווען פארטרויליכקייט. ער האָט עס אויפגעכאַפּט און עס האָט איהם א קיצעל געטאָן: עפּעס האָט זיך איהם געדאַכט ווי זי וואָלט איהם שוין האַלטען פאר א שותף צו איהר פארמעגען. איהם האָט אפילו ניט אָנגעריהרט, וואָס זי רעדט וועגען דער אומטרייהייט פון די מענשען. איהם האָט נאָר געמאַטערט די פראגע, צו האָט מען שוין מיט איהר גערעדט, צו ווייסט זי שוין וועגען עפּעס. כאָטש ער האָט זיך אינסטינקטיוו אָנגעשטויסען, אז מען האָט מיט איהר גערעדט, און אז דער איצ־טיגער ארויסקומען איז טאַקע צוליב דעם. דאָס האָט איהם עט־וואָס אויפגערעגט; ער האָט געוואָרפען א בליק אויף איהר דארען קערפּער, אויף דער איינגעפאַלענער ברוסט און די שפּיציגע מאַר־דעטשקע. דער אַלט־באַקאַנטער געפיהל האָט זיך אומגעקעהרט; איהם איז דורכגעלאָפען א געדאַנק — נעהמען זיך פאנאנדערלאַכען הויך אויפ'ן קול און אוועקגעהן; זאָל זי דאָ בלייבען אין מיטען וועג אליין, א דערשלאָגענע, א צושראָקענע. אָבער ער האָט גע־וואוסט, אז דאָס איז א נארישקייט, וואָרום דאָס וואָלט דאָך הייסען צוריק ארייננוואַרפען זיך אין אייביגען עלענד. און מיט האַס אין הארצען האָט ער געפיהלט, אז אָט די קליינינקע, נישטיגע מיידעל האָט א שליטה אויף איהם, און אז אינוועניג ביי זיך רעספּעקטירט ער איהר און האָט מורא פאר איהר.

— איהר ווייסט, אז איהר האָט זיך גאָר ניט געענדערט פאר די עטליכע יאָהר וואָס איך בין ניט געווען. אָט דאָס איז אויך

נאָר מעגליך אין א קליין שטעדטעל, וואו די מענשען עלטערען זיך ניט אזוי גיך ווי אין דער גרויסער שטאָדט.

זי האָט א לאַך געטאָן: דאָס איז שוין גראָבלאָך, — האָט זי ביי זיך געטראַכט און מיט א גאַנץ רוהיגען טאָן געזאָגט:

— געוויס ענדערט מען זיך דאָ ניט אזוי שנעל: קלענער די שטעדטעל, קלענער די זאָרג. אָבער איהר האָט זיך שטאַרק פאַר־ענדערט און געעלטערט פאַר דער צייט. קענטיג, אז איהר האָט זיך דאָרט געגונג אָנגעליטען צרות, כע, כע, כע. — אָבער זעהענדיג, אז ער ציהט איין די ברעמען אונצופרידען, האָט זי ווייכער צו־געגעבען: — איך געדענק דאָך אייך גאָר פאַר א קליין קינד, ווען איהר האָט געלערענט ביי מיין טאַטען. מיר פלעגען זיך צוזאַמען שפּילען אויפ׳ן הויף אין זאמד. איך געדענק אייך, ווי איצט וואָלט עס געווען. איהר זייט דאַן אויך געווען א שעהנער אינגעלע מיט שווארצע אויגען.

זי איז געווען אומעטיג. געהענדיג זייט ביי זייט מיט אָט דעם בליהענדען בחור, האָט זי זיך דערפיהלט אַלט, אָפּגעלעבט. דאָס טרעפט שטענדיג מיט אונז, ווען מיר דערזעהען עמיצען, וועמען מיר האָבען נאָך געקענט אַלס א יונג קינד, א שוואַכען נפש׳ל, און וואָס שטעהט איצט פאַר אונז א מענש, א דערוואַק־סענער, אַן ענטוויקעלטער, מיט א פאַרענדערטען פּנים. עס ווילט זיך אונז דאַן וויינען אויף דער פאַרשוואונדענער יוגענד אונזערער. און טאַקע דערפאַר, וואָס אָט דער אומעט האָט זיך אין איהר קול דערפיהלט, איז ביי מענדלען די אומצופרידענהייט פאַרשוואונדען, און זיין האַרץ האָט א ציטער געטאָן מיט סימפּאַטיע. איהר שוואַכ־קייט, דער שטילער טרויער האָט ביי איהם ארויסגערופען א צערט־ליכען געפיהל צו איהר: איהם האָט זיך פאַרוואָלט אָננעהמען איהר האַנד און פריינדליך זאָגען:

— וואָס זאָל מען טאָן, שפרה, מיר ווערען אַלע אַלט.

א היבשע ווייַלע האָבען זיי שפּאַצירט מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרטיפט אין געדאַנקען. עס איז געוואָרען אַלץ דונקעלער. לייכטע שאָטענס האָבען זיך גענומען אראָפּלאָזען אויפ׳ן וואַלד. איין ברעג הימעל איז געווען רויט ווי פייער. ס׳איז געווען אזוי שטיל, אז אפילו א בלעטעל פון א בוים האָט קיין רויש ניט געטאָן.

— איך האָב געהערט, מענדעל, אז איהר קלייבט זיך שטור־דירען. איז דאָס אמת? — האָט זי פּלוצים איבערגעשלאָגען די שטילקייט.

— יע, איך טראכט וועגען דעם, — האָט ער ניט זיכער געענט־פערט.

— דאָס איז זעהר גוט. יעדער מענש מוז דאָך טראכטען וועגען א תכלית פאר זיך. מען קען דאָך אייביג אָט אזוי ניט לעבען. עס איז טאקע גאנץ פיין וואָס מען זאָרגט וועגען אנ־דערע אויך, אָבער אליין איז מען דאָך בילכער. און עס איז גוט, וואָס איהר האָט זיך איצט פאר דעם גענומען, כל זמן איהר זייט נאָך יונג. — איהר קול האָט געקלונגען געשעפטסמעסיג.

— עט, דאָס איז נאָך דערווייל א חלום. איהר מיינט, אז דאָס איז אזוי גרינג ווי עס רעדט זיך?

— קיין זאך איז ניט גרינג. יע, ארומגעהן לעדיג איז א גאנץ לייכטע זאך, אָבער אז מען וויל וואָס ניט איז דערגרייכען, מוז מען האָרעווען, שטארק האָרעווען.

— עס פאָדערט זיך דערצו אזוי פיל געלט.

—דאָס איז אָבער ניט אלץ, — האָט זי ווארים, מיט הארץ געזאָגט. — געווים איז געלט שווער צו קריגען. דער עיקר איז אָבער, אז מען זאָל שטארק וועלען די זאך דערגרייכען; וועגען געלט קען מען זיך שוין אן עצה געבען. — די לעצטע ווערטער האָט זי ארויסגערעדט מיט א שמייכעל, ווי איינער רעדט: — מיר ווייסען דאָךביידע וועגען דעם, ניטאָ זיך וואָס צו באהאלטען.

אָט דעם טאָן האָט ער אויפגעכאפּט און איצט איז איהם געוועזן אנגענעהם. יע, מיט געלט וועט שוין קיין דאגה ניט זיין. אָבער ער האָט זיך געמאכט תמ׳עוואטע.

— אייך, שפרה, איז גרינג צו זאָגען: „מען קען זיך אן עצה געבען״. איהר ווייסט דאָך אָבער, אז איך פארדין ניט און איך הויב ניט אָן צו ווייסען, וואו איך וועל נעהמען אזא גרויסע סומע.

— נישקשה, גאָט וועט העלפען, — האָט זי געזאָגט שמייכ־לענדיג און פארשעהמט געקוקט אן א זייט. — זאָל נאָר געהן אין דעם, וועט שוין אלעס רעכט זיין.

פון ווייטען האט זיך דערטראגען דאס רוישען פון וואסער. דאס איז געווען די מיהל, וואס איז געשטאנען א פאר וויארסט פון שטעדטעל און וואו דער יונגער עולם איז שבת געגאנגען שפא־צירען. איצט איז דא געווען פוסט; די לופט איז געווען פריש, קרעפטיג. קליינע, אונזיכטבארע טראפענס האבען זיך געלעגט אויפ'ן פנים, אויף די הענט און אנגענעהם געקיצעלט די הויט.

ביידע האבען זיך אריבערגעבויגען איבער'ן צאם און געקוקט אויפ'ן וואסער שטראם, וואס האט געזאדען און געקאכט אונטער דער גרויסער, הילצערנער ראד. די ראד האט זיך באוועגט לאנג־זאם, ווארפענדיג געדיכטע טראפענס וואסער. דער גאנצער שמא־לער טייכעל האט זיך געווארפען ווי א שלאנג. די ווייסע וועלען זיינען ווי קליינע, בייזע חיה'לאך געשפרונגען צום זאמדיגען ברעג. עס האט זיך געפיהלט קראפט, ענערגיע. פון דער אנדער זייט, הינטער'ן טויער, האט זיך געטראגען א טומעל פון מענשליכע שטימען, דאס סקריפען פון די פוהרלאך מיט די זעק קארן. דאס אלץ איז פארשטיקט געווארען פון הילכיגען קראכען פון די מיהל־שטיינער, וואס האבען זיך איינע אן די אנדערע געריבען און האבען דעם קארן אין דינעם מעהל פארוואנדעלט. אויף אלץ איז געלעגען א דיקע הויט פון ווייסען, ברודיגען מעהל־שטויב. עס האט זיך דא געפיהלט שאפען און לעבען.

— אט דא פלעגען מיר זיך ליב האבען צו באדען אונטער'ן שטראם. אפשר צעהן מאל א טאג פלעגען מיר זיך ארויס'גנב'ענען פון חדר און לויפען אהער. ווי שטארק דאס וואסער איז, אפילו א גרויסער קאן זיך דא אויף די פיס ניט האלטען — האט ער געזאגט פארטראכט, שמייכלענדיג.

— און מיר, מיידלאך, פלעגען זיך באדען אן דארט, אונטער דעם אויסגעבויגענעם בוים. מיר האבען געהאט צרות פון אייער חברה. איהר זייט געווען גרויסע באד־יונגען — האט זי געענטפערט מיט א פארשעמטען שמייכעל.

און דאס איז געווען אמת: ער געדענקט נאך, וואס עס פלעגט זיך אפטאן, ווען עמיצער פון די אינגלאך פלעגט זיך אונטערטונקען אונטער'ן וואסער, און פלוצים ארויסשפרינגען צווישען דער חברה

מיידלאך, וואָס פלעגן אָנהויבען שפרינגען ווי די ווילדע און פאַר־הילכען מיט זייערע געשרייען די לופט. און ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט עס אויך געטאָן איין מאָל, ווען חיה'קע שלמה'ס, זיין חבר'טע, וואָס אַלע האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז זיין געליבטע, האָט זיך דאַן געבאָדען. אויף איין רגע נאָר האָט איהם אַ שיין געטאָן אין די אויגען אַ בלישטשענד־ווייסע לייב, וואָס האָט איהם די אויגען פארבלענדעט. ער האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט און צוריק אונטערגעטונקט. זי האָט אפילו ניט געוואוסט, ווער דאָס איז געווען. און דערמאָנענדיג זיך אָן יענער פאַסירונג, האָט ער אינ־סטינקטיוו אַ קוק געטאָן אויף דער, וואָס שטעהט דאָ ביי זיין זייט. ווי קליין, גרוי דאָס איז; ווי איינגעפאַלען די ברוסט איז, ווי שמאָל די פלייצעקעס. ער האָט אַזש אַ ציטער געטאָן.

— קומט, שפרה, אהיים, — האָט ער ארויסגערעדט טרוקען.

זי האָט אויפגעהויבען די אויגען אויף איהם, באַטראַכט זיין יונגען, שעהנעם פּנים, אַ שמייכעל געטאָן און געזאָגט:

— קומט, שוין טאַקע שפעט. זעהט, ווי טונקעל עס איז.

די גאַנצע וועג אהיים האָבען זיי צווישען זיך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. ער האָט געקוקט מיט ווייט־געעפענטע אויגען אין דער טונקעלהייט. דאָס פּנים איז איהם געווען האַרט און בייז.

— וואָס פאַר אַ מאָדנער ער איז, ער מוז זיין אַ כעסן, — האָט זי ביי זיך געקלערט, — אָבער ווי שעהן און שטאַרק ער איז — האָט זי זיך געטרייסט.

אָן דער מאַמעס אויגען האָט ער גלייך דערקענט, אַז זי ווייס פון דעם שפּאַציר, וואָרום זי האָט געקוקט אויף איהם מיט אַ פאַר־שענדען בליק. דאָס האָט איהם גאָר אויפגעבראַכט: פאַרשלייערען ווילען זיי מיך. נו, מיר'ן נאָך זעהן. ער האָט געפיהלט, ווי דאָס בלוט אין איהם קאָכט פאַר כעס. עס האָט זיך איהם געוואָלט זידלען, אָבער די מוטער, זעהענדיג, אַז ער איז עפּעס ניט מיט אַלעמען, האָט געפונען פאַר בעסער איהם גאָר נישט צו פרעגען.

ער האָט זיך געזעצט ביים פענסטער און ארויסגעקוקט אין געסעל. עס איז געווען נאַכט. דאָ און דאָרט האָט אַ שטערענדעל געפינקעלט, געטוקט זיך און זיך באַהאַלטען. עס איז געווען שטיל און טרויעריג.

.6

שווערע, דריקענדע טעג האָבען זיך אָנגעהויבען פאַר מענדלען. איין פראַגע האָט איהם אַלץ געעגבערט: פאַרבינדען זיך מיט אָט דער, פון וועלכער עס טראָגט זיך אָהן אויפהער דער ריח פון זאַלץ און הערינג? אוועקגעבען איהר דאָס לעבען, די פרייהייט, פאַר די דריי טויזענט רובעל וואָס זי פאַרמאָגט? אָפּזאָגען זיך פון אַלץ אויף אייביג, באַגראָבען אַלץ מיט אַנאַנדער? און אַזוי קלערענדיג, פלעגט ער פלוצים די פויסטען צוזאַמענדריקען, די ציינער פאַר־שטשעמען. די מוטער, וואָס האָט פון איהם קיין אויג ניט אַראָפּ־גענומען, פלעגט אַ פאַרציטערטע ווערען: עס האָט זיך איהר גע־דאַכט, אַז ער געהט אַראָפּ פון זינען. מיט וועהטאָג אין קול האָט זי געזאָגט:

— נו, מילא, אוועק'הרג'ענען דאַרף מען זיך ניט, מסתמא איז ניט באַשערט. אַז דו ווילסט ניט, זאָל זיין ניט.

צו זיין גרויס וואונדער האָט ער באַמערקט, אַז די דאָזיגע רייד איהרע מאַכען אויף איהם ניט דעם מינדעסטען איינדרוק. פאַרקערט, דאַן ערשט פלעגט זיך איהם דאַכטען, אַז זאָל זיך דאָס אַלעס טאַקע אויסלאָזען מיט גאָרנישט, וואָלט איהם אונמעגליך געווען צו לעבען, ער פלעגט זיך גלייך באַרוהיגען, אַ שמייכעל טאָן, און זאָגען:

— וואָס פאַלט דיר איין, מאַמע, איך האָב גאָר וועגען דעם ניט אָנגעהויבען צו טראַכטען.

איין מאָל, נאָך אַזאַ געשפּרעך, האָט איהם די מוטער אָנגענומען ביים האַנט, און טיף אַריינקוקענדיג אין זיינע אויגען, האָט זי געזאָגט:

— געוויס, מיין זון, וואָלט דאָס געווען אַ גרויסער שאָדען. זי איז דאָך אַזאַ וואוילע מיידעל, אַ קלוגע און אַ גוטע נשמה. וואָלסט וויסען, וויפיל טובות זי טוט, וויפיל מענשען זי האָט אַרויס־געהאָלפען. אפשר טויזענט רובעל איז מען איהר שולדיג, און וויפיל וועט פאַרלאָרען געהן?

— פאַרלאָרען, וואָס מיינסטו פאַרלאָרען, מען גיט איהר דען ניט אָפּ? — האָט ער אויסגעשריען אויפגערעגט. אָבער ער האָט זיך באַלד פאַר זיך אַליין פאַרשעמט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— געווים גיבען איהר פילע ניט אָפּ. מיינסט, וועניג חזירים זיינען דאָ, וואָס ווע‏לען באַצאָלען מיט אַ רעה פאַר אַ טובה? — האָט איהם די מוטער געענטפערט מיט כעס אין קול. — איך האָב מיט איהר פיל מאָל גערעדט, אַז זי זאָל דאָס מעהר ניט טאָן. מען קאָן דאָך אַזוי בלייבען אָהן אַ קאָפּיקע. נאָר רייד מיט איהר. זי זאָגט, אַז זי קאָן ניט אָפּזאָגען, ווען אימיצער קומט זיך פאַר איהר באַקלאָגען.

— עס פּאַסט, מען זאָל איהר גאָר אָנזעצען, — האָט ער ארויסגערעדט שטיל, און די אויגען האָבען אַ בליץ געטאָן.

— האָסט באַדאַרפט מיט איהר זיך דורכריידען. זי האַלט דאָך פון דיר אַן עולם ומלואה, דיר וועט זי פאָלגען.

נאָך אַזאַ געשפּרעך פלעגט ער אַרומגעהן אַ צוטראָגענער: אין דער אמת'ן, וואָס וועט זיין, אַז מען וועט איהר אָנזעצען? ער איז געוועזען קליינליך און ניט פּראַקטיש. ער האָט ניט געוואוסט פון איינפאַכען קרעמערשען יושר, וואָס הייסט האַלטען וואָרט, מכיר טובה זיין. ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפען דעם רחמנות־געפיהל, וואָס לעבט טיף אין די הערצער אפילו פון די קליינינקע סוחרים'לאַך, וואָס רייסען איינע ביי די אַנדערע דעם ביסען פון מויל, און וואָס זיינען דאָך פאַרבונדען מיט פעדים פון פריינדשאַפט און נאָהענטער שכנה'שאַפט. אָבער ריידען מיט שפרה'ן האָט ער ניט געקאָנט, און טאַקע דערפאַר, וואָס זי האָט אויף איהם געקוקט ווי אויף אַ מענשען אַ העכערען, וואָס האָט אַזוי פיל געטאָן פאַר אַנדערע. ער האָט געפיהלט, אַז דאַן וואָלט זי פאַרלאָרען דעם גאַנצען רעספּעקט פאַר איהם. איצט קוקט זי אויף איהם, ווי אויף אַ העלד, אַ וואונדער־ליכען מענשען. איהר מיידעלשע נשמה איז געפאַנגען פון זיין געהיימניספולער פאַרגאַנגענהייט אין דער ווייטער שטאָדט, פון די באַהאַלטענע געדאַנקען, מיט וועלכע ער טראָגט זיך ארום, און וואָס מאַכען אהים אַזוי הויך, העכער טויזענט מאָל פאַר די אַלע קרעמער מיט זייער געלט־דורשטיגקייט און קרעמערשע חשבונות. און ווי מיאוס ער וואָלט אַראָפּגעפאַלען אין איהרע אויגען, ווען זי וואָלט אין איהם דערזעהן אויך ניט מעהר ווי אַ קליינליכען געלט־גייציגען קרעמער!

יע, די איינציגע זאַך, מיט וועלכער ער קאָן אָנהאַלטען דעם

רעספּעקט צו זיך, איז, אַז ער זאָל זיך האַלטען העכער פון די קליינ־ליכע אינטערעסען. ניט נאָר שפרה, אַלע אין שטעדטעל האָבען איהם שטאַרק געאַכטעט. ער האָט דאָס געפיהלט און געוואוסט. זיי פלעגען שאָקלען מיט די קעפּ און באַדויערען, וואָס ער לעבט אָהן אַ תכלית, און דאָך האָבען זיי אויף איהם געקוקט, ווי אויף אַ העכערען מענשען, וועמענס נשמה טראָגט זיך אַרום גאָר אין אַנדערע וועלטען, שעהנערע און בעסערע ווי זייערע וואָכענדיגע און נישטיגע. מיט וואָס פאַר אַ רעספּעקט די יונגוואַרג האָט זיך עס צו איהם געווענדעט, ווען זיי האָבען עפּעס ניט פאַרשטאַנען, ער זאָל זיי עס קלאָר מאַכען. און איהם האָט געקרענקט, וואָס די לעצטע צייט האָט ער אָנגעהויבען באַמערקען אַז מען מיידט איהם אויס, אַז מען קוקט איהם נאָך מיט אַ גיפטיגען שמייכעלע אויף די ליפּען. ער האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרשטעהן. זאָל דאָס זיין, אַז מען וויים שוין וועגען שפרה׳ן? אין דעם האָט ער ניט געגלויבט. אַז סך־הכל איז ער מיט איהר אַ פּאָר מאָל זיך דורכגעגאַנגען צום מיהל. נו, איז וואָס? אָט איז ער מיט אַנדערע אויך געגאַנגען.

אפילו דער פאָטער, וואָס האָט מיט איהם געלעבט אַזוי פריינד־ליך די עטליכע חדשים זייט ער האָט זיין פּלאַן וועגען שטודירען ענטדעקט, און וואָס האָט איהם כסדר געשלעפּט צו זיך אין חדר׳ל שמועסען וועגען וועלט־זאַכען, אפילו ער האָט איצט גענומען איהם אויסמיידען און ווידער גענומען ציהען די ברעמען, קרעכצען און ניט אויסריידען אַ וואָרט.

ער האָט זיך אויך אָנגעהויבען ברוגז׳ן אויפ׳ן פאָטער, קוקען אָן אַ זייט און שווייגען. אייגענטליך, האָט ער יע געוואוסט, פאַר וואָס דער פאָטער באַציהט זיך די לעצטע צייט אַזוי קאַלט צו איהם, ער האָט געוואוסט דעם פאָטערס כאַראַקטער.

ניט קוקענדיג אויף דעם זוהנ׳ס אפּיקורסות האָט דער אַלטער איהם דאָך אין האַרצען שטאַרק ליב געהאַט און געשעצט זעהר הויך. אין אַ ווינקעלע פון זיין נשמה האָט זיך געצאַפּעלט אַ שטאָלצער געפיהל, וואָס ער איז אַזאַ יואַזשנער בחור און פאַרנעמט ביי דער חברה אַזאַ גרויסען אָרט. עט, וואָס מען זאָל ניט זאָגען וועגען זיין מענדלען, אָבער ער איז פאָרט אַ וועלט־מענש, אַ קלוגער און אַ געראָטענער. אפילו ווען ער איז געזעסען אין טיורמע און

ער איז געווען אין טויט־שרעק, מען זאָל איהם ניט אָפּטאָן גאָט ווייס וואָס, אפילו דאַן האָט ער געגען דעם אייגענעם ווילען איהם רעס־פּעקטירט. ער האָט געוואוסט, אז דאָס איז גאָר אַן אנדער מין מענש, מיט אנדערע השגות, ווען עס איז ווייט און פרעמד דאָס זאָרגען וועגען געלט, וועגען חיונה. אָפּט נאָך אַ ויכוח מיט׳ן זון, פלעגט ער זאָגען דער ווייב:

— אַ שאַרפע קאָפּ, אַ חריפות, אַז ער ווייס דיר אַלצדינג. און אַ כח הדבור, סכנת נפשות!

— און זעהסט דאָך, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין די נאַרישקייט. ער וואָלט דאָך געקאָנט זיין אַ לייט, ווען ער וויל נאָר. ער וואָלט אפשר אַ רב געווען, — פלעגט זי ענטפערען מיט פאַדרוס אין קול.

— אַ שאלה אַ ביסעל, געווים אַ רב. ער איז דאָך געווען דער בעסטער אינגעל אין שטעדטעל. אַ שגץ, אָבער אַ טייערע קאָפּ האָט ער אויף זיך. ער וועט אם ירצה השם זיין אַ געשטודירטער. איך ווייס, ער וועט עס דערגרייכען מיט גאָט׳ס הילף. — און דאָס זאָגענדיג האָבען זיינע גרויע אויגען פון אונטער די געדיכטע ברע־מען אַרויסגעלויכטען מיט פרייד.

און דאָ מיט אַמאָל לאָזט זיך גאָר אויס אַ שידוך מיט שפרה׳ן, פאַר געלט זיך פאַרקויפען. אמת, דער שכל הישר האָט איהם גע־זאָגט, אז דאָס איז אַ גלייכע זאַך, אָבער זיין גאַנצע, ריינע נשמה האָט געגען דעם פּראָטעסטירט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז עפּעס־וואָס זעהר גוטעס איז פון זיין לעבען פאַרשוואונדען.

נאָר די מוטער האָט דעם זוהן מוט געגעבען. דער חשק צו זעהן איהר קינד אַ גרויסען לייט, אַ דאָקטאָר, האָט איהר צרה׳דיגען לעבען באַשיינט. זי האָט איהם אין די אויגען געקוקט מיט ברענענדער ליבשאַפט און געהאַלטען אין איין לויבען שפרה׳ן:

— ווייסט גאָרניט, ווי האָלד זי האָט דיך. וועסט זעהן, דיר וועט ניט פעלען קיין פויגעל־מילך. און ווייסט, וואָס זי זאָגט? אַז פאַר קיין פאַל וועט זי ניט אויפגעבען די קראָם, ביז דו וועסט ענדיגען און ווערען דאָקטאָר. איך האָב איהר געזאָגט, אַז פאַר אַ געשטודירטען פּאַסט ניט, אַז די ווייב זאָל זיין אַ קרעמערקע. דאָס קאָן דיר נאָך, חלילה, שאַדען. וואָס זאָגסטו צו דעם?

— אַך, מאַמע, דו רעדסט שוין, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ

פארטיגע זאך. אפשר לוינט זיך ניט דער גאנצער ענין. ווייסט דאך, אז איך קאן איהר ניט האלט האבען. מיר דאכט זיך אלץ, אז איך וואלט ניכער דעם גאנצען לעבען הונגערען, מאטערען זיך, איידער פארקויפען זיך, — פלעגט ער זאגען מיט רציחה.

— וואס רעדסטו, קינד, דאס גאנצע שטעדטעל וויים דאך שוין וועגען דעם. ווי קאנסטו פארגיסען אזוי איהר בלוט, מאכען איהר צו שאנדע פאר'ן גאנצען שטעדטעל?

— וואס? מען וויים שוין וועגען דעם? ווער האט דיך געבעטען דאס צופויקען! איך וועל זיך שעמען ארויסגעהן אין גאס, מיר קומט דאך אוים איצט זיך אויפצוהענגען! — האט ער געשריען מיט א פארקרימטען פנים.

— איך פארשטעה דיך ניט. וואס האסטו געמיינט, אז די וועלט איז בלינד, מען זעהט ניט, וואס ארום טוט זיך? הערסט אן איינפאל! געהט מיט דער מיידעל, פארברענגט מיט איהר און מען זאל נאך ניט וויסען — האט זי געענטפערט מיט א הויכען גע־לעכטער.

— אבער צו וואס האסטו באדארפט ריידען?

— שווייג, קינד, וואס דו ביזט. פאר וואס ניט ריידען? מיינסט אין דער אמת'ן, אז זי כאפט דאס א גאנצע מציאה? וואס דען קאנסטו טאן? ווערען א בעל־מלאכה און אונז פארשווארצען די יאהרען אויף דער עלטער? וועסט זעהן, מיין קינד, מיר'ן אפ־שטעלען אם ירצה השם די חופה און דו וועסט גלייך אוועקפאהרען אין אויסלאנד. זאגסט דאך, אז דו קאנסט פועל'ן ביי נאטשאל־סטווא, מען זאל דיך לאזען ארויספאהרען.

די ווערטער וועגען אויסלאנד האבען אויף איהם געווירקט ווי א כישוף. דער גאנצער כעס איז איהם באלד אפגעגאנגען, און ער האט זיך ארייגעלאזען אין א געשפרעך מיט דער מוטער וועגען יענער גליקליכער צייט. זיי האבען צוזאמען געמאכט פלענער, ווי אזוי ער וועט קומען אין א יאהר ארום צו גאסט, און דערנאך ווידער אוועקפאהרען, און דאן שוין קומען א פארטיגער דאקטאר. ביי ביידען האבען די אויגען געלויכטען, די באקען האבען זיך מיט א רויטקייט באדעקט. זיי האבען געלאכט אויפ'ן קול און זיך

געשושקעט שטילינקערהייט. א פרייער לעבען אין דער ברייטער וועלט, אָהן שום נויט! וואָס פאַר א גליק! פאַר גרויס פרייד פלעגט ער אזש ניט קאָנען איינזיצען אין הויז. ער פלעגט זיך אוועקלאָזען אין פעלד, בראָדזשען צווישען די הויכע קאָרן־זאנגען, וואָס האָבען זיך לייכט געשאָקעלט, גערוישט און איינגערוימט איהם סודות וועגען א רייכען, זאַטען, צופרידענעם לעבען, וועגען א גליקליכען עלטער.

אי שפרה? עט, נישקשה, אז מען וויל, קאָן מען איינאָרדנען דאָס לעבען אזוי, אז זי זאָל איהם ניט שטעהן אין וועג. ער וועט מאַכען, אז זיין לעבען זאָל זיך פליסען פאַרביי איהר, אָהן איהר. און טאָמער וועט זי איהם צופיל שטערען, דאַן וועט ער איהר באַ־זאָרגען און אוועקשיקען פון זיך. געוויס וועט ער איהר באַצאָלען יעדען גראָשען, וואָס זי האָט אויף איהם אויסגעגעבען, מיט דאַנק וועט ער איהר באַצאָלען פאַר אַלצדינג... און טאָמער וועט זי ניט וועלען וועט ער זיך גלאַט אזוי איינאָרדנען, אז זי זאָל איהם ניט שטערען. ער וועט זיין עהרליך געגען איהר, אָבער אין גאַנצען מקריב זיין זיך איז ער דאָך ניט מחויב. אָדער ער וועט זיך גאָר פאַרטיפען אין דער וויסענשאַפט, אָפּגעבען זיך מיט לייב און לעבען צו זיין פראָפעסיאָן, וועט זוכען און ארבייטען. ער וועט מאַכען נייע אנטדעקונגען, עס וועלען געשריבען ווערען ארטיקלען אין די צייטונגען און זשורנאַלען וועגען איהם, דאָס גאַנצע לאַנד וועט מיט איהם שטורמען. און דאַן, וואָס פאַר א ווערדע האָט דאָס אייגענע לעבען, די הויז, די פאַמיליע? די גאַנצע וועלט איז דאָך זיינע!

און פאַר וואָס ניט שפרה? זי וועט דאָך מעהר ווי ווער ניט איז וויסען, ווי איהם צו שעצען. טאַקע דערפאַר, וואָס זי איז א פראָסטע מיידעל, וועט זי דאָך קאָנען בעסער פאַרשטעהן זיין ווערט, מאַכען זיין לעבען לייכט און באַקוועם. טאַקע פאַר וואָס ניט שפרה? מיט וואָס איז זי ערגער פאַר אַנדערע מיידלעך, פאַר די פּוסטע קאָקעטקעס, וואָס קנייטשען און דרעהען זיך און האָבען נאָר אין זינען צו לעבען אויף יענעמ'ס חשבון? שפרה האָט שווער גע־ארבייט. מיט די אייגענע קרעפטען האָט זי באַשאַפען איהר פאַר־מעגען. וויפיל צרות און מאַטערניש האָט זיך עס באַדאַרפט אויס־שטעהן, איידער זי האָט דערגרייכט אזא שטופע? שפרה איז אַן

אמת עהרליכען אידענ'ס א טאָכטער, א נאאיווע, אַן אויפריכטיגע מיידעל. ניט קיין שעהנע? איז וואָס? וועניג האָט ער באגע־גענט מיאוס'ע פרויען, קלוגע, עהרליכע און זעלטענע מוטערס, איי־בערגעגעבענע מיט לייב און לעבען צו זייערע פאמיליעס?

ער געדענקט איהר נאָך, ווען זי איז געווען אָרעם, דערשלאָגען און שוואַך; ווען זי האָט געעפענט די קראָם אין א ווינקעל פון זלמנ'ס הויז. מען האָט געלאַכט און חוזק געמאַכט פון איהר. אין דער צייט, וואָס אנדערע מיידלאך האָבען זיך ארומגעשלעפּט שלינג און שלאַנג און געוואָרפען אויגעלאַך צו די בחורים, איז זי געשטאַנען אין דעם פינסטערען געוועלבעל און זיך גערונגען מיט די דאָרפישע פויערים, געאַרבייט מעשים, געשוואָרען און געשאָלטען, אייביג א צופאַטעלטע, אַן אָפּגעריסענע. זי איז אָבער געווען שטאַרק. זי האָט ביטער געקעמפט געגען די שווערע אומשטענדען און זי האָט געזיגט. איצט איז זי רייך, נאָכ'ן נגיד איז זי די רייכסטע אין שטעדטעל. מען חנפה'ט זיך צו איהר. זיי קריכען פאַר איהר אויף די נעגעל, די ווערים. אַלע מאָל אזוי! פריהער לעגען זיי שטיינער אין וועג יעדען, וואָס פּרופט זיך ארויסדראפּען פון דער שווערער לאַגע, און אַז יענער דערגרייכט דאָך, טראָץ זייערע שטערונגען, צו עפּעס, הויבען זיי אָן זיך צו שמייכלען, זיך אונטערלעקען. אָה, די מיאוס'ע ברואים! זיי פאַרגינען דאָך קיינמאָל ניט, וואָס דער צווייטער לעבט אויף דער וועלט!

אָה, איצט הויבט ער ערשט אָן פאַרשטעהן, וואָס פאַר א העלדין אָט די דאַרע, ניט שעהנע מיידעל איז. וואָס פאַר א כח, וויפיל ענערגיע מען האָט עס באַדאַרפט האָבען, אום אויפצוהויבען זיך העכער פאַר אַלעמען און אַלץ. אַן אָרעמע נשמה וואָלט עס ניט געקאָנט דערגרייכען, קיינמאָל ניט. עפּעס מוז זיין אין איהר אזוינס, וואָס האָט איהר געמאַכט פאַר דער אויסדערוועהלטער פון גאַנצען שטעדטעל, פאַר וועלכער אַלע מוזען זיך בייגען. יע, אין איהר נשמה איז עפּעס דאָ מעכטיגעס.

און ער הויבט אָן צו פאַרשטעהן, פאַר וואָס די אַלע שטעד־טעלשע קוקען אויף איהם מיט א גיפטיגען שמייכעלע. זיי פאַר־גינען איהם ניט. זיי פאַרשטעהן, אַז אויך ער געהט זיך אויפ־הויבען העכער פאַר זיי אַלעמען, און זיי זייִנען איהם מקנא.

— ווערים זיינען דאָס, קליינע, נישטיגע ווערים, וואָס ליגען אין זומפּ. אָה, ווי פיינט ער האָט זיי!

ער האָט זיך פאַרקליבען אין הויכען, גרינעם גראָז. דאָ איז ער געווען ווייט פון דער וועלט; דאָ האָט זיך ניט געהערט קיין מענשליכער קול. ער האָט געזעהן איבער זיך אַן אומענדליך־הויכען, בלויען הימעל, אַ קלאָרען, אַ לויטערען, אָהן אַ פּיצעל וואָלקען, און צרוח זיך איז געווען די גרינע גראָז, באַשפּרענקעלט מיט אַלערליי בלומען. ער האָט געהערט דאָס זשומען פון פליגעלאַך, דעם גערויש פון די קאָרן־זאַנגען. דאָ האָט זיך געפיהלט רוה און פרידען; זיין צוטרייסעלטע נשמה, זיין פאַרצווייפעלטער געמיט, האָבען זיך דאָ אָפּגערוהט.

אַהיים געקומען איז ער אַ פרישער, אַ מונטערער.

— ווייסט, מאַמע, — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער, אַרויפ־לעגענדיג זיינע הענט אויף איהרע אַקסלען, — נאָך אַלעמען האָב איך זיך באַטראַכט, אַז שפרה איז גאָר ניט אַזאַ שלעכטער שידוך פאַר מיר. זי האָט פיל, פיל מעלות, וואָס אַנדערע, שעהנערע און איינגערע, האָבען ניט. זי איז אַ טיכטיגע פרוי, זי האָט פיל ענערגיע. באַטראַכט זיך נאָר, שמערעל'ס אַ טאָכטער האָט זיך געקאָנט אַזוי אַרויפאַרבייטען. איז דאָס דען ניט קיין וואונדער?

די מוטער האָט זיך אַזש אַ טרייסעל געטאָן פאַר איבערראַשונג. איהרע איינגעפאַלענע באַקען האָבען זיך מיט אַ רויטקייט באַדעקט.

— האָסט זיך באַדאַרפט מיט איהר מעהר טרעפען, — האָט איהם די מוטער איבערגעשלאָגען. — איהר פאַרדריסט, וואָס דו מיידסט זי אויס. איך זעה דאָס אָן איהר. זי האָט מיר אַנומעלטען געגעבען אָנצוהערעניש, אַז דיר פּאַסט ניט מיט איהר צו געהן. דאָס איז פאַר איהר אַ בזיון. ווייסט דאָך, אַ מיידעל, איהר איז ניט צו פאַרדענקען. — זי האָט אויף איהם געקוקט מיט באַהאַל־טענעם שרעק; זי איז ניט זיכער געווען, צי וועט ער ווידער ניט ווערען אין כעס.

— גאָר אַ נייעס! וואָס הייסט, מיר פּאַסט ניט? — האָט ער פאַרשעמט געזאָגט, — גלאַט, עס איז ניט אויסגעקומען.

ער האָט געוואוסט, אַז ער זאָגט ליגען. ער האָט טאַקע אויס־געמידען זיך מיט איהר צו טרעפען; ער האָט ניט געקאָנט אַריבער־

טראָגנען די בליקען פון די בחורים און מיידלאַך, וואָס האָבען זיי אָנגעקוקט מיט אָפענעם חוזק. ער האָט געפיהלט, אַז דאָס פּנים ברענט איהם פאַר שאַנדע. אָט די שפּאַצירען האָבען איהם געשראָקען מעהר פאַר אַלץ. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאַריש פון זיין זייט.

— טרעף זיך מיט איהר שבת, געה זיך דורך צום מיהל, — האָט די מוטער געזאָגט מיט ווייכקייט אין קול.

— פאַר וואָס ניט אפילו וויטער אויך? — האָט ער געזאָגט לאַכענדיג. — איך שעם זיך ניט מיט איהר צו געהן.

— און דו האָסט באַדאַרפט אָנהויבען צו לערנען. די צייט געהט אָט אַזוי אַוועק אין ניוועץ.

—איך האָב טאַקע אַליין אויך געטראַכט וועגען דעם. די צרה איז נאָר, וואָס איך האָב ניט אויף קיין ביכער. איך מוז האָבען צעהן רובעל. מען מוז דאָס אויס־ייבען פון שטאָדט. ווייסט דאָך, אַז איך האָב קיין געלט ניט.

— גיב אַ רייד מיט שפרה'ן. זי וועט זיין זעהר צופרידען.

— אָך, ניין, מאַמע, דאָס ניט. רייד שוין דו בעסער מיט איהר.

זי האָט אויף איהם פּילדרייטיג אַ קוק געטאָן, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

—דאָס איז ניט גוט פון דיר, מיין קינד. ממה נפשך, טראַכסטו ערנסט וועגען דעם, דאַרפסטו זיך האַלטען צו איהר ווי צו אַן אייגענער, אָבער אויב ניט...

— אַז איך קאָן ניט, פאַרשטעה זשע. דאָס איז מיר שווער, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט וועהטאָג אין קול.

דער געדאַנק צו נעמען ביי איהר געלט האָט איהם געשראָקען. די גאַנצע זאַך איז נאָך פאָרט געווען אין דער לופטען. ער איז דאָך געווען פריי. עס האָט איהם אָפט געקאָנט אַרויפקומען אויפ'ן זינען ווידער און ווידער:

— זאָל זי געהן צום טייפעל מיט די דריי טויזענטער, מיט מיין דאָקטאָריע! איך וועל אַוועק אין שטאָדט און וויטער לעבען יענעם פרייען, קאַכיגען לעבען.

אָבער נעמען ביי איהר געלט, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש.

דאָס הייסט, גענומען האַנט־געלט, דאָס מיינט, אָפּרייסען אַלץ. און וועגען דעם האָט ער אַנדערש ווי מיט עקעל ניט געקאָנט טראַכטען.

— גוט, איך וועל מיט איהרריידען, — האָט די מוטער אומ־צופרידען געזאָגט.

— אָבער איך בעט דיך, מאַמע, דאָס זאָל זיין נאָר אַ חוב. זאָג איהר טאַקע קלאָר, אַז ווי נאָר איך וועל האָבען די ערשטע געלעגענהייט, וועל איך עס איהר מיט דאַנק אָפּגעבען, — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, קוקענדיג אָן אַ זייט. ער האָט קיין כח ניט געהאַט צו קוקען דער מוטער אין די אויגען.

### 7.

עס איז שוין געווען ענדע זומער. די נעכט זיינען געווען קיהלע, קרעפטיגע. די פולע לבנה האָט באַלויכטען די ווייטע, פוסטע פעלדער מיט אַ מאַטען, פאַר'חלומ'טען שיין; אַ דיקער טוי איז געהאַנגען אין דער לופטען. די געדיכטע וועלדער האָבען געהויכט מיט קעלט און פייכטקייט. אַ שטילער טרויער איז געווען אויס־געגאָסען, יענער טרויער, וואָס פיהלט זיך אין דער נאַטור ביים אָנקומען פון די נאַסע, כמורנע טעג און נעכט, פון שטורם און שניי. עפּעס דאַכט זיך דאָן, ווי יעדעס ווינקעלע, יעדעס בלעטעל און גרעזעל געזעגענט זיך און זאָגט אַ שטילען זיי־געזונט...

מענדעל און שפרה האָבען שפּאַצירט מיט'ן פעלד דורך דער שמאָלער סטעזשקעלע, וואָס האָט זיך געדרעהט, געשלענגעלט און איז פאַרשוואונדען ערגעץ אין דער מאַטער טונקעלהייט. לאַנגע, משונה'דיגע שאָטענס האָבען זיך נאָך ביידען נאָכגעשלעפּט טראָט פאַר טראָט. זיי האָבען געטאַנצט, זיך צונויפגעצויגען און אויס־געצויגען אין מורא'דיגע גיגאַנטען. און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס זיינען ווילדע ברואים, וואָס שפּאַנען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם נאָך די מענשען שריט ביי שריט און וואַרטען נאָר אויף די ערשטע געלעגענהייט זיך אַרויפצוּוואַרפען אויף זייערע קרבנות. ביידע האָבען געשוויגען און געקוקט פאַרטראַכט אין דער ווייטער טונקעלהייט. זי האָט נאָר אָפּט געוואָרפען אַ זייטיגען בליק אויף איהם און אין איהר האַרצען באַוואונדערט זיין שטאַרקייט. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז די וואַרעמקייט פון זיין יונגער קערפּער

טראָגט זיך צו איהר, און אז דאָס באַרירט איהר און לאַשטשעט איהר. דאָס האָט איהר אַנגענעם אויפגערעגט. עס האָט איהר לייכט געשווינדעלט פאַר די אויגען. מענדעל האָט זיך געפיהלט ווי אָקאָרשט אויפגעכאַפּט פון שלאָף. א גאַנצען טאָג איז ער גע־זעסען איבער די ביכער. דאָס האָט איהם מיד געמאַכט. איצט האָבען די גלידער זיינע ווי אויפגעוואַכט; עס האָט זיך געגלוסט באַוועגונג, אַרבייט. ער האָט געצויגען די קיהלע לופט מיט'ן פולען ברוסט. איהם איז אַנגענעם געווען, וואָס די קליינע, דאַרע מיידעל געהט דאָ ביי זיין זייט. איהר בלאַסער פנים'ל איז געווען באַגאָסען מיט א ווייכען שיין און עס האָט אויסגעקוקט גוט און אַנגענעם. די לייכטע טונקעלהייט האָט פאַרבאָרגען די קנייטשען און די באַראָדאָווקעס פון איהר פנים; איהרע אויגען האָבען גע־גלאַנצט פון אינווענינגסטער פרייד. ווי קליין און שוואַך זי איז, — האָט ער מיט רחמנות א טראַכט געטאָן. עס האָט זיך איהם פאַר־וואָלט אָננעמען איהר האַנט און זאָגען עפּעס גוטעס און לאַש־טשענדעס.

— איהר ווייסט, שפרה, מען דאַרף זיין אין א גרויסער שטאָדט, אין טומעל און רעש, צווישען ציגעל און שטיין, אום צו באַגרייפען וואָס פאַר א נחת דאָ איז. אויף מיין וואָרט, אז מיר, קליין־שטעדטעלשע, דאַרפען ביי זיך ניט אָראָפּפאַלען.

— איהר, מענדעל, זייט שוין גאָר ניט קיין קליין־שטעדטעל־שער. ווען איך קען אייך ניט, וואָלט איך עס קיינמאָל ניט גע־גלויבט, — האָט זי געזאָגט, איהם צערטליך אריינקוקענדיג אין די אויגען.

— טויג טאַקע ניט. דאָס איז א סימן, אז איך בין אויך קאַליע געוואָרען. אָה, ווי איך האָב פיינט געהאַט אָט די אַלע גרויס־שטאָדטישע. ווי אָנגעצויגען, קאַלט און האַרט זיי זיינען. זעלטען וואו איהר געפינט אַן אָפען, עהרליך האַרץ. ניטאָ די ריינע פשוט'קייט, וואָס מען זעהט דאָ. אויף מיין וואָרט, אז איך אַליין בין ניט אַזוי עהרליך ווי געווען.

— געהט שוין, געהט! ניט עהרליך? וואָס איז, איהר זייט, חלילה, א גנב, כי־כי־כי... — האָט זי געזאָגט און איז זיך פאַר־גאַנגען אין א שטילען געלעכטער.

— ניין, ניט קיין גנב, אָבער עפּעס איז ניט דאָס. אַמאָל בין איך געווען ריינער, איינפאַכער און אמת'ער ווי איצט.

זי האָט אויף איהם געקוקט מיט שרעק. זי האָט ניט פארשטאַנען, וואָס ער מיינט. נאָר זי האָט זיך ניט געוואונדערט. ער איז דאָך אַזאַ געבילדעטער און אַ קלוגער, אַז ער רעדט זיך פאַנאַנדער, שיטען זיך איהם פּעריל פון מויל. אָך, קיין מאָל האָט זי ניט געטראַכט פון אַזאַ גליק. גאָט האָט איהר באַצאָהלט פאַר איהרע טרעהרען, פאַר איהר ווארטען און בענקען.

— איך האָב גאָר פארגעסען, שפרה, אייך צו זאָגען אַ דאַנק פאַר די געלד, וואָס איהר האָט מיר געליהען, — האָט ער פּלוצים איבערגעריסען איהרע געדאַנקען.

— וואָס רעדט איהר, מענדעל, פאַר וואָס דאַנקט איהר מיר? — האָט זי אויסגעשריען און זיך אָפּגעשטעלט.

— פאַר די צעהן רובעל, וואָס איהר האָט מיר אויסגעליהען אויף די ביכער. ווען ניט איהר, ווייס איך טאַקע ניט, וואָס מיר וואָלט אויסגעקומען צו טאָן, — האָט ער ווי פארשעהמט געזאָגט, קוקענדיג אָן אַ זייט.

דאָס האָט איהר וועה געטאָן. געבענדיג די געלט האָט איהר האַרץ געטאַנצט פאַר פרייד: זי האָט אין דעם געזעהן דעם ער־שטען צייכען פון זיין פריינדשאַפט און צוטרויען צו איהר. דאָס איז געווען די ערשטע, נאָהענטע, קרובה'שע באַציהונג צווישען זיי, און צום סוף גאָר אַ דאַנק וואָס זי האָט געליהען. הייסט דאָס, אַז ער האַלט זיך נאָך אַלץ פאַר אַ פרעמדען.

— לאָמיר זיך גאָר דאָ צוזעצען אויפ'ן שטיין, — האָט ער פאָרגעלעגט.

זיי האָבען געשוויגען. עס איז ניט געווען וועגען וואָס צו רעדען און איהם האָט זיך ניט געוואָלט רעדען. ער האָט געקוקט פאַר זיך אויף דער לבנה, אויף די קוים זיכטבאַרע שטערען, וואָס זיינען פון דער דונקעלהייט אַרויסגעשוואומען, און געשמייכעלט צופרידען. ער האָט אַלע ווייַלע געוואָרפען אַ בליק אויף איהר. זי האָט געקוקט אַראָפּ, זי איז געווען אומעטיג.

— וואָס טראַכט איהר, שפרה? — האָט ער שטיל אַרויסגע־רעדט און אָנגענומען איהר האַנט.

דאָס איז געווען די ערשטע אינטימע באריהרונג, דער ער־שטער צייכען פון א ווארימען געפיהל. זי האָט אזש א ציטער געטאָן. איהר מיידעלשע לייב האָט אויפגעשווידערט. אזוי ווי א שטארקער עלעקטרישער שטראָם וואָלט דורך איהר דורכגעלאָפען. די לייב וואָס האָט יאָהרען־לאנג געביינקט נאָך א לאסקע, האָט אויפגעברויזט פון א נחת'דיגען געפיהל. זי האָט געשפירט, אז דער פנים ברענט איהר פאר פרייד און בושה.

איהר אויפגערעגטקייט האָט זיך אויך איהם איבערגעגעבען. זיין לייב האָט לייכט געציטערט. איצט האָט ער שוין גאָר ניט געטראכט, אז זי איז א מיאוס'ע, אן אלטע. ער האָט נאָר געפיהלט איהר ווארים קליין הענטעל אין זיינע. ער האָט געוואוסט, אז נעבען איהם זיצט א פרוי, און זיין יונגע בלוט האָט אויפגעזאָדען פון אויפגעוואכטען באגעהר.

„וואָס וואָלט זיין, ווען איך ציה זי צו צו זיך און נעהם זי ארום?" — האָט ער א טראכט געטאָן. — „ניין, מע טאָר ניט, — האָט אין איהם א שטים געשריען. — „דו באגראבסט דיין יוגענד, דיין לעבען. היט זיך, היט זיך".

זי האָט לייכט געשווידערט. איהר הארץ האָט שטארק גע־קלאפט. זי האָט באגעהרט צוצודרוקען זיך צו זיין הארצען פעסט, פעסט, באהאלטען זיך אין זיינע אָרימס, פיהלען זיינע ווארימע, פולע ליפען.

און פלוצלונג — אזוי ווי אין א חלום האָט זיך עס אויף זיי ביידען אראָפּגעלאָזט — א ווילדער פארצעהרענדער פייער האָט זיי ביידען ארומגעכאפט...

* * *

און נאָכדעם האָט ער זיך געריסען די האָר פון קאָפּ, גע־וויינט, געשלוכצט און זיך געביסען די ליפען ביז בלוט. א טיפער עקעל האָט איהם ארומגענומען. די ליפען האָבען איהם נאָך גע־שמארצט פון דער באריהרונג מיט דער שטעכיגער בראָדעווקע. ער האָט געפיהלט איהר טרוקענע דארע לייב, דעם ריח פון הערינג. ער האָט געפיהלט, אז זיין לעבען איז אָט דאָ אין פוסטען פעלד באגראָבען, צובראָכען געוואָרען אויף אייביג; אז די יוגענד, די

חלומות, דער רווישיגער פרייער לעבען איז אוועק, אויף אייביג אוועק.

אויך זי האָט געוויינט, באַגראָבענדיג דאָס פּנים אין איהרע הענט. זי האָט געפיהלט, אַז צווישען איהם און איהר ליגט אַן אָפּגרונד, אַז קיין מאָל וועט ער זי ניט ליב האָבען, אַז אומזיסט האָט זי זיך געיאָגט נאָך איהם. זי וועט שוין קיינמאָל ניט גליק־ליך זיין! זי האָט געוואוסט, אַז אָט דאָ ביים שטיין, אין פייכטען גראָז, האָט זי אויף אייביג איהר גליק און פרייהייט באַגראָבען.

און דער יאָמער פון דיביידע מענשען האָט זיך צוזאַמענגע־גאָסען, געצויגען און געטראָגען אין דער לופטען. און די פולע לבנה, אַ פאַרטראַכטע, אַ בלאַסע, האָט זיך געשיפט אין דער טיפער, טונקעל־בלויער ווייטקייט, רוהיג, בעלאַסען אויף איהר אייביגען וועג.

# א פלעק

דאָס איז געווען איינער פון די שעהנסטע זומער־טעג, ווייל איך האָב קיין סימן פון אַ וואָלקען ניט געזעהן. דער הימעל איז געווען בלוי, טיף און ריין, און די זון האָט אַזוי געלויכטען, אַז איך האָב זיך געמוזט פאַרשטעלען די אויגען, און מיין פּאַטער, וואָס איז צו־זאַמען מיט מיר געלעגען אויף דעם ווייכען גראָז, האָט אויך אַזוי געטאָן, און ער איז געווען גוט צו מיר, ער האָט מיר געגלעט די האָר, די באַקען; אַזוי גוט איז ער נאָר געווען שבת ביי־טאָג.

פון צווישען די יונגע בוימלאַך האָט זיך געזעהן דער פּוסטער, קיילעכדיגער מארק מיט די צוגעשלאָסענע קראָמען; דער מנין מיט די גרויסע פענסטער האָט אַרויסגעקוקט שטרענג, ערנסט פרום און שבת'דיג. נאָר פון דער אַנדער זייט האָבען זיך געמאָלען אויפ'ן סאַמע ברעג הימעל די גוי'אישע הייזלאַך. זיי האָבען זיך געבאָדען אין זונען־ליכט, זיי האָבען אַזש געטאַנצט פאַר פרייד. אָבער דאָרט איז קיין סימן פון שבת ניט געווען, וואָרים אויף זיי אַלעמען, האָב איך געוואוסט, וואַרט דער גיהנום מיט די זודיגע קעסלען פּעך, מיט די אייזערנע ריטער, און פאַר אונז איז אָנגעגרייט דער גן־עדן מיט'ן שור הבר, מחמת מיר זיינען פרומע אידען, היטען אָפּ גאָט'ס תורה און דעם שבת־קודש...

משמעות, אַז איך האָב איינגעדרעמעלט, ווייל דער געשריי פול מיט אימה האָט מיך ניט גלייך דערגרייכט. איך האָב נאָר דער־זעהן דעם פּאַטער'ס בלאַסען פּנים, און האָב דערהערט זיין ציטע־ריגען קול:

— שטעה אויף, מיין קינד!

— ווער שרייט דאָס, טאַטע? — האָב איך דערשראָקען גע־פרעגט.

— איך ווייס ניט. קום, מיר'ן זעהן.

פון אלע גאסען האבען זיך געצויגען מענשען, מאנסבילען, ווייבער, קינדער — גרויס און קליין; אלע זיינען געלאפען מיט אימפעט צום אלטען וואלד.

— רבונו של עולם, וואס האט דארט געקענט פאסירען? — האט מיין פאטער געשעפטשעט, לויפענדיג מיט די לעצטע קרעפטען.

— וואס האט דא אזוינס פאסירט? — האט דער פאטער געפרעגט שטרענג און הויך.

אלע זיינען געשטאנען מיט אראפגעלאזטע קעפ, אומעטיגע און פארשעהמטע.

— רעדט, וואס קומט דא פאר? — האט דער פאטער גע־פאדערט.

— רבי, אן אומגליק האט דאס שטעדטעל געטראפען, — האט עמיצער מיט א וויינענדיג קול געזאגט. — לאזט דעם רב זעהן.

די מחנה האט זיך צוטיילט, און איך האב דערזעהן זיצען צוויי פיגורען אויפ'ן ראנד פון דעם טיפען גראבען, א מאן און א פרוי זיינען דאס געווען, ביידע מיט אראפגעלאזטע קעפ, מיט פאר־דעקטע פנים'ער. זיי האבען זיך ניט גערירט, ניט באוועגט מיט קיין אבר. דא האט דער פאטער מיינער פארשטעלט דאס פנים און אויסגעשריען: „רבונו דעלמא כולא! מיט אן אשת־איש?!" — און האט זיך צוואויינט.

* * *

פארנאכט האט זיך אויפ'ן מיטען הימעל באוויזען א שווארצע שטיק וואלקען, וואס איז געבליבען הענגען אויף איין ארט. איך האב א קוק געטאן אין מארק צום מנין, און א קעלט איז מיך אריבער. די גרויסע פענסטער זיינען געווען אזוי שווארץ און האבען אזוי בייז געקוקט, אז איך האב געמוזט באהאלטען מיין פנים אין דער מאמע'ס שויס...

— וועה, וועה, וואס מיר האבען דערלעבט, אזא חרפה, אזא בושה! — האט די מאמע גע'טענה'ט מיט א יאמערדיגען ניגון.

* * *

פון יענעם שבת אן האב איך דערזעהן די וועלט אין אן אנ־דער ליכט, און מיר דאכט זיך, אז דער הימעל איז שוין פאר מיר מעהר קיינמאל עכט, ריין, לויטער און בלוי ניט געווען.

# אין דער פרעמד

ערב שבת איז מאָטקע, אַ אינגעל פון אַ יאָהר צוועלף, אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָדט לערנען אין דער ישיבה. אָפּגעשטעלט האָט ער זיך דערווייל ביי אַ קרובה, צו וועלכער ער האָט געבראַכט אַ בריף פון זיידען. אזוי ווי דער בריף איז געווען געשריבען אין לשון קודש, און זיין קרובה שרה און איהר מאַן געצעל זיינען געווען גאַנץ שוואַך אין „עברי", האָט דער גאַסט אַליין באַדאַרפט איבערלייענען דעם בריף.

„זייט איהם מקרב און גיט למען השם אכטונג, אַז ער זאָל ניט אַראָפּ פון דרך הישר און גאָט ברוך הוא וועט אייך באַצאָהלען כפל־כפלים"...

לייענענדיג עס, האָט מאָטקע געוויינט מיט ביטערע טרערען. געצעל און שרה האָבען זיך אויך געווישט די נעז. אַ פּאָר מאָל האָט שרה אַ קוק געטאָן אויפ'ן מאַן מיט אַ שטאָלצער מינע, ווי איינער זאָגט: „נו, ווּעמעס פעטער איז דאָס?". געצעל האָט זיך אָבער מיט דער ווייב'ס בליקען ניט גערעכענט. ער האָט נאָר געקוקט אויפ'ן דאַרען אינגעל, וואָס לייענט די לשון קודש ווי אַ וואַסער, און געשאָקעלט צופרידען מיט'ן קאָפּ. אַז ער האָט דערהערט דאָס דער פעטער לאָזט איהם גריסען מיט די ווערטער „הנגיד רב געצעל שיחיה", איז ער אריינגעפאַלען אין התפעלות:

— אַזאַ קליינס און יכול'ט שוין!

— וואָס מיינסטו, אַלע זיינען ווי דו! — האָט שרה אריינגעשטעלט.

— טע, טע, געפעלט דיר שוין ווידער ניט? חרטה אויפ'ן שידוך, הא? — האָט געצעל איהר אָפּגעענטפערט, אָבער אָהן כעס.

— מאָדנע מענשען, — האָט מאָטקע ביי זיך אַ טראַכט געטאָן, — דאַכט זיך גרויס־שטעדטישע, און מען קאָן דאָס גאָר ניט

דערקענען. — ער האָט געקוקט אויפ׳ן קרוב מיט װאַרימקייט. װען ער איז געפאָהרען, האָט איהם דאָס הארץ אזוי געשראָקען, צום סוף איז גאָרנישט, זיי זיינען גאַנץ פריינדליך צו איהם. און דאָס שװערע געפיהל, װאָס האָט זיך איהם געלעגט אויפ׳ן הארצען באַלד װי דער באַהן האָט זיך פון אָרט געריהרט, האָט איהם איצט אָפּגעלאָזט. — גוטע מענשען, — האָט ער ביי זיך באַשלאָסען.

פרייטאָג צונאַכטס האָט איהם דער קרוב צוגעזעהן; ער האָט איהם געטריבען, ער זאָל זיך ניט שעהמען און עסען.

— רייב, ברודער, מיטביידע באַקען. דאָ אין שטאָדט דאַרף מען האָבען כח, — האָט ער אַלע װיילע פרעהליך געשריען.

איצט האָט זיך שוין מאָטקע געפיהלט גאָר יום־טוב׳דיג: ער האָט געזעהן, אַז ער איז אַן אָנגעלעגטער גאַסט. אין דער שניידער־שער שוהלכעל האָט געצעל מיט שטאָלץ אָנגעװיזען אויפ׳ן בחור׳ל:

— דאָס איז דעם פעטער בערטשיק׳ס אַ אייניקעל. װאָס, איהר װייסט ניט װער דער פעטער בערטשיק איז? איין קליינינ־קייט... ער איז דאָך אַ למדן מופלג, כמעט אַ רב, ער פּסק׳ענט שאלות. און דער טאַטע זיינער, מיינט איהר, איז אַ פּראָסטאַק?... און ער אַליין, אָט װי איהר קוקט איהם אָן, ער איז דאָך קלאָר אין האַלב ש״ס...

מאָטקע׳ן איז אפילו אויסגעקומען פריקרע, װאָס אַזאַ אַל־טער איד מיט אַ באָרד זאָגט, במחילה, אַ ליגען; נאָר גאָרנישט, אַ ביסעל איז איהם אָנגענעהם געװען צו זעהן װי די באַלעבאַטים פון שוהלכעל קוקען אויף איהם מיט דרך־ארץ, עפּעס גאָר װי אויף אַ גרויסען.

דאָ איז אַלץ אַנדערש. אַלע פּראָסטע, גראָבע מענשען מיט מאָדנע פּנים׳ער, גאָר ניט װי אין דער היים; גאָר אַנדערע אי־דען — פרעמדע, קאַלטע און װייטע, אָבער דאָס האָט איהם ניט געאַרט. ער װייסט, אַז דאָס איז אַ גרויסע שטאָדט; דאָ זיינען אַלע קליגער װי אין דער היים, דאָ װייסען זיי דאָך אַלץ...

דער שבת איז פאַרבייגעלאָפען פרעהליך, און ער האָט אפילו ניט אַ טראַכט געטאָן, אַז ער איז אין דער פרעמד, אַז מען װעט דאַרפען לערנען אין דער ישיבה און זוכען „טעג״. און שטעהענדיג פאַרנאַכט אין טויער און קוקענדיג אויף די יונגע בחורים מיט די

ווייסע מאַנישקעס, אויף די מיידלאַך מיט די ברייטע היט און הויכע פעדערען, וואָס זיינען געגאַנגען אין גאַס, געדערדט הויך און געלאַכט אַזוי לוסטיג, איז איהם שטאַרק געפעלען געוואָרען.

* * *

באַלד אויף מאָרגען האָט איהם די קרובה געזאָגט:

— נו, און איצט דאַרפסטו טראַכטען וועגען אַ תכלית. געה אַריבער צום ראש ישיבה און פרעג נאָך, ווען מען הויבט אָן צו לערנען. קלויב זיך אויס אַ גוטען אָרט אין בית המדרש וואו צו שלאָפען. זעה דעם שמש, בעט איהם, ער זאָל דיר באַשטעלען „טעג".

איהר קול האָט איהם איצט געקלונגען האַרט און פרעמד. דאָס שווערע, קאַלטע געפיהל האָט איהם איצט ווייטער אָנגעריהרט. ער האָט אָנגעשטעלט אויף איהר די גרויסע שוואַרצע אויגען מיט געבעט. זי האָט הפנים באַמערקט דעם רושם, וואָס איהרע ווערטער האָבען אויף איהם געמאַכט, און זי האָט שוין ווייכער צוגעגעבען:

— ביזט דאָך געקומען לערנען. וואָלט איך רייך געווען, וואָלסטו ביי אונז איינגעשטאַנען; אָבער איין גאָט ווייס, אַז איך קאָן ניט. מיר זיינען אַליין אָרימעלייט.

מאָטקע'ן האָט פאַרדראָסען, וואָס געציל איז ניט דערביי. ער איז זיכער געווען, דאָס ווען יענער איז דאָ, וואָלט זי אַזוי ניט גערעדט. ער האָט זיך איצט דערפיהלט עלענד, פאַרלאָזען, און אין האַלז האָט עפּעס געגומען בייסען. ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט אַן אַראָגעלאָזטען קאָפּ און ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

— נאַ דיר, אָט האָסטו פופציג קאָפּיקעס; איך האָב דאָס אָראָפּגע'גנב'עט פון זיינע געלט. היט עס, פאַרליר עס חלילה ניט, און גיב עס ניט אויס אויף נאַשעריי. שבת וועסטו ביי אונז עסען.

ער האָט געהאַט ווייט צו געהן ביז דער ישיבה, און עס האָט זיך איהם טאַקע פאַרוואָלט אָנקוקען די שטאָדט אויך. עס איז איהם אויסגעקומען משיקאווע, וואָס צווישען אַזוי פיל מענשען קען איהם קיינער ניט און ער קאָן קיינעם ניט. מען זעהט איהם

אפילו ניט. אָט דאָס באוואוסטזיין האָט אויף איהם אלץ א גרע־סערע קעלט אָנגעיאָגט. — עפּעס גאָר אליין, ווי אין א מדבר, — האָט ער א טראכט געטאָן מיט וועהטאָג. אָבער ער איז אלץ גע־גאנגען און געגאנגען. אזוי פיל שעהנע זאכען ליגען עס אויס־געלעגט אין די פענסטער: גאָלד און זילבער, און קליידער, — וואָס דאָס האַרץ געלוסט; היינט וואָס פאר א נאַשערייען! פּי־ראָזשקעס און בולקעלאך, און בייגעל. ער האָט דערפיהלט, ווי די שפּייאכץ לויפט אָן אין מויל, אָבער וועגען קויפען עפּעס איז איהם אפילו ניט איינגעפאלען. ער האָט פארשטאנען, אז דאָס איז אלץ אָנגעגרייט פאר רייכע, פאר גבירים, אָבער ניט פאר אזעלכע ווי ער.

אין בית־המדרש איז ער אָנגעקומען אין מיטען טאָג. קיינער איז דאָרט ניט געווען. די פּוסטקייט, די געלע ווענט, דער פאר־קמורעטער באַלקען, די צוואוואָרפענע סטענדערס האָבען אויף איהם אָנגעוואָרפען א שרעק. — אָט דאָ וועל איך עס דארפען זיין — האָט ער מיט פּחד א טראכט געטאָן. ער איז א פּאָר מאָל דורכגעגאנגען היָן און צוריק, אָבער די שטילקייט, די פּוסטקייט האָט איהם געדריקט, האָט איהם אייננ געמאכט. אזוי ווי א פּראָסט טראָגט זיך פון אלע ווינקעלאך, און פריהרט די ביינער, האָט זיך איהם געדאכט. כמעט לויפענדיג איז ער ארויס אין גאַס.

ער איז געשטאנען און געקוקט אויף די מענשען, וואָס טראָגען זיך פארביי איהם. ער האָט געזוכט כאָטש איין באקאנט, פריינדליך פּנים, א ווארימען בליק. נאָר דאָס זיינען אלץ געווען פרעמדע מענשען מיט קאלטע פארגליווערטע פּנים'ער, וואָס האָ־בען איהם אָפּגעשטויסען און געשראָקען.

ער האָט אויפגעהויבען די אויגען צו די פענסטער, אין די הויכע מויערען, וואָס האָבען זיך געצויגען אין אלע זייטען אָהן א סוף. די טונקעלע שויבען האָבען אויף איהם אראָפּגעקוקט און עפּעס ווי געוואונקען: „דו ביזט א פרעמדער, בחור'ל; דאָ ביי אונז איז פרעהלאך און ווארים; דו טאָרסט אָבער אהער ניט אריינ־קומען, — ניט פאר דיר...״

ער האָט א קוק געטאָן אויפ'ן הימעל. טונקעל־גרויע וואָל־קענס האָבען זיך געצויגען, געטראָגען ערגעץ וואו. עס האָט איהם

א ציה געטאָן דאָס האַרץ: דער הימעל איז דערזעלבינער וואָס אין שטעדטעל. און מיט אמאָל האָט זיך אויף איהם אראָפּגעלאָזט דאָס גאַנצע בענקען נאָך דער היים. ער האָט דייטליך דערזעהן די הויז זיינע, דעם וואַלד און די פעלדער, און דערפיהלט האָט ער, ווי אין האַלז האָט צונויפגעדריקט, אין נאָז האָט אָנגעהויבען בייר־סען. ער האָט זיך דערשראָקען: מעהר פעהלט ניט, ער זאָל זיך גאָר פאַנאַנדערוויינען אין מיטען גאַס, ווי א קליין חדר־אינגעל.

פון די הייזער זיינען ארויסגעקומען און עס זיינען אהין אריינ־געגאַנגען מענשען. מיט זיכערע טריט זיינען זיי גע־גאַנגען זייער וועג. עס האָט זיך איהם אויך פאַרגלוסט אָט אזוי אריינגעהן אין א טיר, פיהלען די היימישע וואַרימקייט. אָבער דער געדאַנק איז איהם אויסגעקומען אזוי פּרעמד און ווילד. ער וויים אויף זיכער, אז פון איצט אָן וועט ער שוין אַלע מאָל דאַר־פען וואוינען אין פוסטען קאַלטען בית־המדרש, שלאָפען אויף א האַרטען, קאַלטען באַנק.

ער איז ווידער אריין אין בית־המדרש און ווידער אמאָל האָט ער דערפיהלט א שווידער. אָבער ער איז שוין ניט ארויס. די פיס זיינען איהם געוועזן מיעד און שווער, און דאָס לייב האָט געציטערט.

ביינאַכט איז ער געלעגען צווישען אויווען אויף א פּאַק מיט שמות און זיך צוגעהערט צום שנאַרכען פון די פּאָר בטלנים, וואָס האָבען געשלאָפען אויף די טישען. ס'האָט איהם געשווידערט פאַר שרעק. יעדער שאָרך, יעדער ריהר, האָט איהם געמאַכט ציטערען דאָס לייב. אַלע מעשיות וועגען מתים, וואָס קומען אין שוהל לייענען די תורה און וואָס רופען־אויף יעדען וואָס געהט פאַרביי זיינען איהם איצט געקומען אין זכרון. עס האָט זיך איהם אַלץ געדאַכט, אז ער הערט טריט, א שושקען זיך, א געוויין.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין בעטעל, וואו ער איז צוזאַמען מיט'ן אינגערען ברודער'ל געשלאָפען צוגעדעקט מיט א וואַרימער קאָלדרע. ער וואָלט, דאַכט זיך, איצט אַלץ אַוועקגעגעבען, אבי צוריק לעגען זיך דאָרט און פיהלען אויף זיך דעם ברודער'ס וואַ־רימען אָטעם.

איצט ערשט, אין דער פינסטער, האָט ער אָנגעהויבען צו

ווײנען: ער האָט זיך געביסען די ליפּען, אײנגעגעסען זיך מיט די נעגעל אין לײב און מיט אַלע קרעפטען געמאַטערט אונטער־צודריקען דאָס שלוכצען, דאָס יאָמערען.

* * *

באַלד נאָכ'ן דאַוונען אויפ'ן צווײטען טאָג האָט ער דער־פיהלט אַ שרעקליכען הונגער. די קנעכלאך האָבען איהם איצט געציטערט, אין מויל איז איהם געווען ניט־גוט און טרוקען. אַ גאַנצען מעת־לעת האָט ער ניט געגעסען. די זאָרג און שרעק האָבען פון איהם דעם אַפּעטיט פאַריאָגט. און איצט האָט אין איהם דער חשק ערוואכט. ער האָט מורא'דיג געוואָלט עסען.

אַלע ווײלע האָט ער אָנגעטאַפּט די פופציג קאָפּיקעס, וואָס די קרובה האָט איהם געגעבען. ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַ־נען, וואָס פאַר אַ טובה זי האָט איהם געטאָן. ער האָט געקוקט אויף די ווײסע זילבערנע מטבע, און עס איז איהם גרינגער גע־וואָרען אויפ'ן הארצען. אזוי פיל געלט האָט ער נאָך קײנמאָל ניט פאַרמאָגט. עפּעס האָט זיך איהם געדאכט, ווי זי ווינקט און שמײכעלט צו איהם, ווי זי זאָגט: „האַלט מיך פעסט, איך בין דײנע".

עס איז איהם געווען אַ גרויסער שאָדען צו בײטען דאָס געלט, אָבער דער הונגער האָט איהם וואָס ווײטער אַלץ מעהר געפּײ־ניגט; ער האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשען און איז ארויס אין גאַס עפּעס קויפען צום עסען.

אין דער היים, אז ער פלעגט אמאָל דאַרפען קויפען אַ בײגעל אָדער אַן אַנדער נאַשערײ, פלעגט ער געהן צו חיה'קע שלמה'ס. דאָרט איז געווען וואָס אַ מויל קאָן נאָר ארויסרעדען: צוקער, ראָזינקעס, אַ דוגע און אַ פּאָדקאָווע, שטיוועל פאַר פּויערים און סחורה אויף בגדים. ער איז דאָרט געווען אַן אָפטער אײנגעהער. חיה'קע פלעגט איהם כמעט אַלע מאָל מיט עפּעס מכבד זײן. דאָ אָבער האָט איהם דאָס הארץ ניט געלאָזט ארײנגעהן. אז קײנער קען איהם ניט און ווײס איהם ניט. אַ לאַנגע ווײלע האָט ער ארומ־געשפּאַנט צווישען די קראָמען, האָט ארײנגעקוקט אינווענינג און איז צוריק אָפּגעטראָטען. אָבער צום סוף האָט ער דערזעהן אַ ברײטע טיר, וואָס איז געשטאַנען אָפען. ער האָט ארײנגעקוקט

און דערזעהן א סך מענשען. אהין איז ער אריין נים דרייסט.

ער האט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען. איבעראל איז געלעגען סחורה: אויף די פאליצעס, אויף די טישען און אויף דער ערד אפילו. די מענשען האבען געשריען, זיך געבייזערט און געפילדערט. אויף איהם האט זיך קיינער נים אומגעקוקט. אלע זיינען געווען שטארק פארנומען און ער האט נים געוואוסט צו וועמען זיך צו ווענדען. נאר אט האט ער דערזעהן אין א ווייטען ווינקעל ביי א טיש זיצען א מענשען מיט שפאקולען אויפ׳ן נאז. ער האט געקוקט אין א דיקען בוך. „דאס איז דער בעל־הבית״ — האט מאטקע א קלעהר געטאן און האט זיך צו איהם געווענדעט:

— זייט אזוי גוט און גיט מיר פאר צוויי קאפיקעס געביי־טעלטע ברויט און פאר א קאפיקע סיראפ.

דער מענש מיט די שפאקולען האט אויפגעהויבען דעם קאפ פון בוך און מיט וואונדער אנגעקוקט דעם אינגעל.

— וואס ווילסטו, בחור׳ל?

— פאר צוויי קאפיקעס ברויט און א קאפיקע סיראפ, — האט מאטקע איבערגע׳חזר׳ט און אויסגעשטרעקט די האנט מיט׳ן האלבען רובעל.

דער מענש מיט די ברילען האט אויף איהם געקוקט און גע־שמייכעלט מיט א גוטהארציגען שמייכעל, און אומקעהרענדיג זיך צו די מענשען, וואס האבען געליארעמט, האט ער געזאגט:

— אט האט איהר נאך א סוחר. ער איז געקומען מאכען א באשטעלונג אויף ברויט און סיראפ.

עס איז געווארען שטיל. אלע האבען אומגעקעהרט די קעפ צום בלאסען אינגעל. אויף אלעמענס פנים׳ער האט זיך אויס־געלעגט דערזעלבער שמייכעל. מאטקע האט זיך דערשראקען, א ציטער איז איהם דורכגעלאפען דורכ׳ן קערפער. איהם האט זיך געדאכט, אז ער איז דא אריינגעפאלען אין א צרה, אז אט וועט מיט איהם עפעס שרעקליכעס פאסירען.

— פאר וויפיל ווילסטו ברויט, בחור׳ל? — האט איהם עמיצער געפרעגט.

— א פאר וואגאן מסתמא און עטליכע פעסלאך סיראפ, — האט אן אנדערער געלאכט.

— פון וואנען קומט איהר, ר׳ סוחר? אין וועלכען האטעל שטעהט איהר איין, אין „פאריז" אדער „יעווראפא"?

מאטקע איז געשטאנען א צומישטער, א צוטומעלטער. דאס בלאס פנים איז נאך בלאסער געווארען, די פארטריקענטע ליפען האבען א ציטער געטאן.

— וואס האט איהר זיך צום אינגעל צוגעטשעפעט? — האט ער דערהערט א ווייכע שטים. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן א הויכע פרוי, רייך פארפוצט, מיט א לויטערען פנים. זי האט ארויפגעלעגט איהר ווייסע האנט אויף זיין אקסעל און מיט א ליבליכען קול געזאגט:

— קום נאר אהער, אינגעלע, צו מיר. רעד ניט מיט זיי. זאג מיר וואס דו פארלאנגסט.

ער איז געשטאנען אנטקעגען איהר מיט ברייט געעפענטע אויגען און געשוויגען.

— זעהט, וואס פאר פראכטפאלע אויגען און וואס פאר א ליבינקער פנים'ל. ווי בלאס דו ביזט! וואס איז, דו ביזט קראנק? רעד, פאר וואס שווייגסטו?

איהר קול, איהר באריהרונג האט איהם געלאסטשעט און גע־ווארימט; אין הארצען האט זיך אזוי ווי א קנויל גענומען בא־וועגען; עס האט איהם גענומען שטיקען אין האלז, אבער מיט אלע קרעפטען האט ער זיך באהערשט ניט צו וויינען.

— וואו וואוינסטו? וועמענס ביזטו?

— איך וואוין אין ערגעץ ניט. איך האב גענעכטיגט אין בית־מדרש.

— ווער איז דיין טאטע? וואו איז דיין מאמע? צו וואס דארפסטו ברויט? האסט נאך ניט געגעסען? — האט איהם די פרוי אלץ געהאלטען אין פרעגען.

— וואס איז דא צו פרעגען? — האט זיך אפגערופען דער מענש מיט די ברילען, — ער איז געקומען לערנען אין א ישיבה. פון א קליין שטעטעל איז ער, און איז נעבאך הונגעריג.

— ווי אלט ביזטו, אינגעלע? — האט די פרוי ווייטער גע־פרעגט.

— איך בין שוין געוואָרען צוועלף יאָהר, — האָט מאַטקע ווי מיט שטאָלץ געזאָגט.

— צוועלף יאָהר? גאָט מיינער! נאָך אַ קינד און שוין אין דער פרעמד, עלענד און הונגעריג. זעהט ווי בלייך און אויסגע־דאַרט, — האָט זי אַרויסגערעדט דורך טרעהרען. — אָבער וואָס פאַר אַ לויכטענדע, פּראַכטפאָלע אויגען. זעהט ווי זיי שיינען, — האָט זי אויסגעשריען מיט ענטציקונג און איהם אויסגעדרעהט צום שוויינענדען פּאַרטראַכטען עולם.

פּלוצים האָט זי איהם אַרומגענומען, צוגעדריקט צו זיך און באַדעקט דעם פּנים זיינעם מיט קושען.

דאָ האָט שוין מאַטקע מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען: דאָס בענקען נאָך דער וואַרימער היים, דאָס שרעק פאַר'ן האַרטען בייזען עלענד, די קומענדע נויט, די צוואוועהטאָגטע קינדערשע נשמה, דאָס אַלץ האָט זיך דורכגעריסען אין אַ שטאַרקען יאָמער, אין אַ שלוכ־צען און וויינען. אין דער ווייַלע האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס וואָס איז געווען אין די עטליכע טעג איז נאָר אַ בייזער חלום, און ווידער אַמאָל איז ער נאָהענט צו דער מאַמע'ס ברוסט און עס איז ווידער גוט און וואַרים.

# צוריקגעקומען

ווי נאָר דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים וואָקזאַל, האָט זיך מאָטקע אַרויסגעכאַפּט דורך דער אַנדער זייט פון וואַגאָן, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום וואַלד. איהם האָט געשראָקען די באַגעגעניש מיט די שטעדטעלשע. ער האָט געוואָלט אויסמיידען זייער שמייכעל און די שלום־עליכם׳ס. ער איז האַסטיג אַריבערגעשפּרונגען די ליניעס און זיך געלאָזט לויפען צווישען די געדיכטע יונגע בוימלאַך. דאָ האָט ער זיך דערפיהלט לייכט און פריי. אַ צופרידענער שמייכעל האָט זיך צושפּרייט איבער זיין מאָגערען פּנים. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז די בוימער האָבען צו איהם פריינדליך אַ וואונק געטאָן.

פאַר די צוויי וואָכען, וואָס ער איז דאָ ניט געווען, האָט זיך קיין זאַך ניט פאַרענדערט. מעהר ניט, וואָס פון די קלעפּיגע גרינע קייקעלאַך זיינען געוואָרען בלעטלאַך, אַזוי איז אַלץ געווען אויפ׳ן זעלבען אָרט; ער האָט אַפילו באַמערקט אַ קליין בערגעלע שטיינער, וואָס ער האָט אַמאָל, שפּילענדיג זיך, צוזאַמענגעלעגט.

ער האָט אַריינגעצויגען אין זיך מיט חשק די פרישע לופט, צוזאַמען מיט דער אויסערגעוועהנליכער שטילקייט וואָס האָט זיך איהם איצט, נאָך דעם רעש און טומעל פון שטאָדט, אויסגעוויזען אַזוי מאָדנע, און אָט דאָ צווישען די בוימער, האָט ער ערשט דערפיהלט, אַז דער דריקענדער אומעט, די שטענדיגע זאָרג און די מורא׳דיגע בענקעניש האָט אָפּגעלאָזט. ער איז צוריק געווען אין דער היים, אָבער די פריהליכקייט זיינע האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. באַלד האָט ער ווידער דערשפּירט, ווי אַ קעלט צושפּרייט זיך איהם איבער׳ן האַרצען. דער שמייכעל איז פאַרשוואונדען און ער האָט אומעטיג אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

ער האָט געמוזט געהן אהיים. ער האָט דאָך אין וואַלד ניט

געקענט פארבלייבען. אָבער ער האָט געוואוסט, וואָס איהם ער־וואַרט דאָרט. טאַקע ערשט איצט האָט ער גענומען באַגרייפען, אז דאָס וואָס ער האָט געטאָן איז מיאוס, אז אַלע וועלען פון איהם לאַכען, אז דער טאַטע וועט שרייען און אז די מאַמע וועט קרעכצען. איהם קלינגען נאָך אין די אויערען דעם טאַטען׳ס ווערטער, וואָס ער האָט איהם געזאָגט ביים געזעגענען זיך:

— זעה, מיין קינד, האַלט זיך דאָרט. טאָמער איז דיר ניט אזוי גוט די ערשטע צייט, זאָלסטו ניט זאָרגען. מען ווערט צו־געוואוינט. לערען גוט און טראַכט וועגען אַ תכלית.

דאַן האָט ער זיך פארשוואָרען, אז וואָס עס זאָל מיט איהם דאָרט ניט פּאַסירען, אז ער זאָל אפילו חלילה שטאַרבען פאַר הונ־גער, וועט ער צוריק ניט פאָהרען אין מיטען זמן.

אמת, ער האָט קיין טעג ניט געקראָגען; אויסער שבת און מיטוואָך איז ניט געווען וואו צו עסען. און שלאָפען האָט ער גע־מוזט אין שוהל, אויף דער הארטער באַנק. יעדער שאָרך האָט איהם געשראָקען; דער טומעל, דער האַווען פון די מענשען האָט איהם דערשלאָגען. ער האָט פאַר דער גאַנצער צייט ניט געטראָ־פען קיין איין מענשען, וועלכער זאָל צו איהם אויסריידען אַ פריינד־ליך וואָרט. אַלע זיינען דאָרט געווען פרעמד, ווייט און קאַלט. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט באַדאַרפט אָננעהמען די קליאַמקע פון דער טיר ביי זיין מיטוואָך, האָט איהם דאָס האַרץ געפלאַטערט פאַר בושה. און ביים שבת איז איהם דען בעסער געווען? אז ער האָט געדאַרפט אויסשטרעקען די האַנט נאָך אַ שטיקעל ברויט, האָט איהם דאָס בלוט אין קאָפּ געשלאָגען. די טרערען זיינען איהם געשטאַנען אין האַלז, וואָרים ער האָט די גאַנצע צייט גע־זעהן פאַר זיך דעם טאַטען, דער מאַמען און די ברידער וואָס זיצען אַרום טיש, צופרידענע און זיכערע.

אין ישיבה, ביים שיעור, האָט ער ניט געהערט, וואָס דער רבי זאָגט. דער פרעמדער איד מיט דער קויהל־שוואַרצער באָרד און מיט די ברענענדיגע אויגען האָט אויף איהם געשריען און איהם געזידעלט. אַלע האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ פארשטאָפּטען קאָפּ; קיינער האָט ניט געוואוסט, אז דאָס וואָס ער ווייסט ניט וואו מען האַלט, איז ווייל ער טראַכט נאָכאַנאַנד וועגען דער היים,

וועגען וואַלד און די ברייטע פעלדער. קיינער האָט זיך מיט איהם ניט גע'חבר'ט, ווייל ער איז געווען דער קלענסטער און דער שוואַכ־סטער צווישען אַלע. דערפאַר האָט ער ניט אויסגעהאַלטען און זיך געלאָזט אָנריידען פון יצר הרע, וואָס האָט איהם ניט אויפגע־הערט צו פּיקען אין קאָפּ:

— געה, נאַרעלע, פאָהר אהיים, ביזט נאָך אַזוי יונג, וועסט נאָך צייט האָבען צו וואַלגערען זיך אין דער פרעמד.

עס זיינען איהם אויך אריין אין די אויערען די ווערטער, וואָס ער האָט געהערט פון מענשען:

— אַזאַ ברעקעל שיקט מען שוין אין דער פרעמד; מ'דאַרף טאַקע האָבען אַ טאַטערשע האַרץ דאָס צו טאָן.

אָבער ערגער פאַר אַלץ זיינען געווען די נעכט. ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבען דרעמלען, האָט זיך איהם גלייך געדאַכט, אַז ער פיהלט לעבען זיך די וואַרימקייט פון איציקעל'ס גוף און ער פלעגט מיט פרייד עפענען די אויגען. דאָס איז אָבער נאָר געווען אַ חלום, די באַנק האָט געדריקט און געבראָכען די ביינער. די קעלט האָט געמאַכט שוידערען און אַ שלוכצען האָט זיך גענומען רייסען פון האַרצען.

* * *

ווי לאַנגזאַם מאַטקע איז ניט געגאַנגען, וואָס פאַר אַ קליינע טריט ער האָט ניט געמאַכט, איז ער אָבער פאָרט געקומען נאָ־הענט צום שטוב. דער שטרויענער דאַך, די נידעריגע פענסטער־לאַך און די שוואַרצע, פאַר'חושכ'טע ווענט האָבען אויף איהם געקוקט מיט כעס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט די אויגען געזוכט אויף אַלע זייטען. די גאַס איז געווען פוסט און וויסט; קיין לעבעדיגער נפש האָט זיך אין ערגעץ ניט געזעהן. אָבער אַז ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט, האָט ער באַמערקט, ווי זיין קליין ברודער'ל איציקעל פאָרעט זיך מיט אַ שטעקעלע אין דער ערד, און ווידער אַמאָל האָט זיך אַ צופרידענער שמייכעל באַוויזען אויף זיין פּנים:

— איציקעל, קום אהער! — האָט ער אויסגעשריען.

דער פיר־יעהריגער ברודערל האָט זיך אויפגעשטעלט און

איהם אָנגעקוקט א ווײלע, דאַן האָט ער א געשריי געטאָן מיט א קוויטש:

— מאָטיע! מאָטיע דאָ, מאמע!

די מאמע איז ארויסגעקומען פון הויז. זי האָט פארשטעלט מיט דער האַנט די אויגען, געקוקט אויפ'ן זוהן, וואָס איז געשטאַנען פון ווייטען מיט'ן פעקעלע אין די הענט און זי האָט געזאָגט מיט א הארטען קול:

— וואָס־זשע שטעהסטו דאָרט? קום אהער.

אז מאָטקע איז צוגעקומען, האָט זי איהם א קוש געטאָן אין באַק, באטראכט א ווײלע און געזאָגט מיט חוזק:

— ניט אויסגעהאלטען, הא?

— איך האָב קיין טעג ניט געקראָגען, — האָט מאָטקע גע־ענטפערט און געקוקט צו דער ערד.

— אזוי, קיין טעג ניט געקראָגען? נאָר מיט דיר טרעפען ניסים. קום־זשע אין הויז אריין, ביזט דאָך מסתמא הונגעריג.

אז ער האָט זיך גענומען צום גרויסען לאָבען ברויט און דעם קאַלטען, פארוויסטען קוואס, האָט זיך די מאמע געזעצט געגען איהם מיט פארלעגטע הענט אויפ'ן הארצען, געשאָקעלט דעם קער־פער הין און הער, עטליכע מאָל אָפּגעזיפצט און אזוי ווי פאר זיך באמערקט:

— מיינע קינדער, אז עס איז קיין מזל ניטאָ, זאָל מען טאקע בעסער ניט געבוירען ווערען.

אפילו איציקעל איז געשטאַנען פון דער ווייטענס, געקאָ־לופּעט מיט א פינגער די נאָז און געקוקט אויפ'ן גאַסט פון אונ־טער'ן שטערן. די שטילקייט איז אָבער באַלד איבערגעריסען גע־וואָרען, ווען זרח'קע, א בחור פון זעקס יאָהר מיט א פארשמירט פנים, איז אריינגעפאלען מיט א גוואלד:

— מאמע, עסען!

— שאַ, שריי ניט אזוי, דו זולל וסובא! זעה בעסער ווער עס איז דאָ.

זרח'קע האָט באטראכט דעם ברודער, אָבער ער איז צו איהם ניט צוגעגאַנגען, נאָר האָט איינגעגראָבען דאָס פּנים ביי דער מא־

מע'ן אין שוים און שוין שטילער א ביסעל געזאָגט מיט א וויינענ־דיגען קול:

— איך בין הונגעריג.

און ווידער אמאָל האָט מאָטקע'ן פארדריקט אין האלז. ערשט איצט האָט ער זיך ארומגעקוקט, אז אויך דאָ איז שוין ניט ווי אמאָל, אז אין די צוויי וואָכען איז אזוי ווי אויסגעוועפּט געוואָרען די ווארימקייט, וואָס ער האָט אלע מאָל געפיהלט צווישען די דאָ־זיגע ווענט. סיי די מאמע, סיי די ברידער האָבען אויסגעקוקט פרעמד און ווייט.

— שא, אָט איז דער טאטע. געה, מאָטקע, אריין אין קאַ־מער ביז דער כעס וועט איהם איבערגעהן, — האָט די מוטער געזאָגט מיט שרעק אין קול.

מאָטקע האָט געהערט דעם באקאנטען קלאנג פון דעם טאַ־טען'ס טריט. א פארגליווערטער איז ער געשטאנען אין א וויג־קעל און זיך צוגעהערט מיט א פארכאפּטען אָטעם, וואָס מען רעדט וועגען איהם.

— וויסט, שמואל, מיר האָבען דאָך א גאסט! — האָט די מאמע געזאָגט מיט א מאָדנער זיסקייט אין קול.

— א גאסט? ווער איז דאָס? לאָמיך הערען.

— מאָטקע איז דאָ.

עס איז געוואָרען מורא'דיג שטיל. ביי מאָטקע'ן האָט אָנ־געהויבען קלינגען אין די אויערען.

— צוריקגעקומען, דער שייגעץ? — האָט זיך דערטראָגען דעם טאטענ'ס בייזער קול.

— שא, טשעפּע איהם איצט ניט. ער קוקט נעבאך אויס חושך ווי די ערד.

עס איז דורכגעלאָפען א לאנגע צייט. קיין פּיפּס האָט זיך ניט געהערט. דאָס האָט געמאכט ציטערען דעם אינגעל'ס לייב.

— וואו איז ער? — האָט צום סוף דער פאָטער געזאָגט מיט א זיפץ.

— מאָטקע, קום אהער, דער טאטע וויל דיך זעהן, — האָט די מאמע אויסגערופען גאנץ לוסטיג.

מאַטקע איז אריין אין גרויסען צימער און אַ קוק געטאָן אויפ'ן טאַטען פון אונטער'ן שטערען.

— נו, קום אהער! נאַ דיר שלום עליכם, — האָט דער טאַטע געזאָגט אויסשטרעקענדיג אַ האַנט און דערביי פארמאַכט אַן אויג, אַ סימן אויף אַ שמייכעל.

— שלום עליכם, — האָט מאַטקע געענטפערט גאַנץ שטיל און פארשעהמט.

— וואָס מאַכסטו, הא? ניט געוואָלט הונגערען, הא? — האָט דער טאַטע אָנגעפאַנגען מיט בייזקייט.

— שמואל, לאָז דאָס אויף שפּעטער. געה וואש זיך, ס'איז צייט צו עסען, — האָט זיך די מאַמע אַריינגעמישט.

קרעכצענדיג און זיפצענדיג האָט זיך דער פאָטער געוואַשען, געמאַכט המוציא און גענומען עסען, ניט אַ קוק טוענדיג אפילו אויפ'ן זוהן. די מוטער איז ווידער געזעסען מיט פארלעגטע הענט אויפ'ן הארצען, זיך געשאָקעלט הין און הער, דאַן האָט זי שטיל באמערקט:

— קיין טעג ניט געקראָגען, צו קליין מסתמא.

— איך אין זיינע יאָהרען האָב אויך געלערענט אין דער פרעמד, געליטען הונגער און בין ניט געקומען אין מיטען זמן צוריק אהיים.

— נו, ווער קאָן זיך גלייכען צו דיר? — האָט די מוטער באמערקט מיט שפּאַס אין קול. — דו ביזט דאָך אַ בריה.

מאַטקע האָט זיך ארויסגעכאַפּט אומבאמערקט פון הויז. דאָס ערגסטע איז געווען אריבער. אָבער די דריקענדע שווערקייט, וואָס האָט זיך געלעגט אויף זיינע יונגע אַקסלען, איז ניט אַראָפּ. ער האָט דערשפּירט, אַז די קינדהייט איז אַוועק אויף אייביג, און אַז די היים, די וואַרימע היים איז צו איהם פרעמד געוואָרען, און געוואוסט האָט ער, אַז טאָג־איין טאָג־אויס וועלען אַלע אויף איהם טייטלען מיט די פינגער: צוריקגעקומען! צוריקגעקומען!

און עס האָט זיך איהם גענומען דאַכטען, אַז דאָרט אין דער פרעמד, אין שול און אין ישיבה איז פיל בעסער געווען און עס

האָט איהם גענומען ציהען צוריק צו יענעם לעבען, וואו מען הערט ניט קיין קרעכצען און קיין מוסר.

— איכ'ל צוריק פאָהרען! — האָט ער פעסט געזאָגט, און די שווארצע, אומעטיגע אויגען האָבען אויפגעבליצט.

# אַ „ברודער־אַרבייטאָרער"

צוויי בעלי בתים האָט שלמה׳קע געהאַט אין דעם ערשטען יאָהר, וואָס די מאַמע די אַלמנה האָט איהם אוועקגעגעבען פאַר אַ בעל־מלאָכה, און פון ביידען האָט ער געמוזט אוועקגעהן.

דעם ערשטען בעל־הבית געדענקט ער ניט גאַנץ גוט. אין גאַנצען איז ער דאָרט אָפּגעווען דריי וואָכען. איהם איז נאָר פאַר־בליבען אין זכרון אַ קליין, נידריג מענשעל מיט בייזע אויגען. ער האָט שטענדיג גערעדט; זיין הויכע גראָבע שטימע האָט תמיד געקלונגען ווי אַ גלאָק. אַ גאַנצען טאָג האָט ער ניט אויפגעהערט צו שילטען מיט טויטע קללות די וויב און די דריי אַרבייטער, וואָס זיינען געזעסען אויפ׳ן לאַנגען טיש, די פיס פאַרלעגט אונטער זיך, אַזוי ווי די טערקען, און האָבען גענעהט.

אָפּגעמאַכט איז געווען, אַז שלמה׳קע דאַרף זיין ביים בעל הבית אויף דער לעהרע פינף יאָהר, דערפאַר דאַרף איהם דער בעל הבית געבען עסען, מאַכען דריי פּאָר שיך און צום סוף פון די פינף יאָהר געבען פופציג רובעל. אַזוי איז געווען פאַרשריבען שוואַרץ אויף וויים. עס איז אויך געווען צוגעשריבען, אַז באַים איינער פון די צדדים וועט ברעכען דעם אָפּמאַך, מוז ער באַצאָהלען הונ־דערט רובעל קנס־געלט. אָבער אויף דער דריטער וואָך האָט זיך מיט שלמהקען געטראָפען אַ סיבה: מען האָט איהם געשיקט איינ־קויפען עפּעס צום עסען, האָט ער דאָס געלט, אַ גאַנצע גריוונע, פאַרלאָרען. דערפאַר האָט איהם דער בעל־הבית אַזוי לאַנג גע־פּאַטשט, ביז בלוט איז איהם געלאָפען פון דער נאָז, און נאָכדעם האָט ער איהם פשוט ארויסגעשליידערט פון שטוב.

די אַלמנה איז געלאָפען צום רב, האָט געקעהרט וועלטען למאי מען האָט אויף איהר יתום אויסגעטראַכט אַ בלבול. אָבער קיינער האָט זיך ניט געוואָלט אריינמישען, קיינעם האָט זיך ניט געוואָלט

אָנהויבען מיט אַ חיט. דאָס איז הפנים שלמה'קעס תפילה אָנגע־נומען געוואָרען, ווייל שטיל, ביי זיך אין הארצען, האָט ער געבעטען, אַז דער שניידער זאָל איהם צוריק ניט נעהמען. ער איז זיכער געוועזן, אַז ער וועט איהם דער'הרג'ענען.

שלמה'קע איז אָבער ניט לאַנג ארומגעגאַנגען לעדיג. עס האָט זיך אויסגעפונען אַ נייער בעל הבית, און דער איז איהם געפעלען געוואָרען פון ערשטען קוק. דאָס איז געווען אַ הויכער מענש, זעהר אַ דארער מיט לאַבעדיגע אויגען.

— נו ברודער, הייסט דאָס, אַז מיר'ןביידע צוזאַמען שקלאַ־פען, מיר'ן זיין חברים? — האָט דער נייער בעל הבית געזאָגט מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעלע און דערביי האָט ער שלמה'קען גע־פאַטשט איבער דער פלייצע.

שלמה'קע האָט מיט אויגען געקוקט אויף דעם הויכען מענשען. איהם איז אַ ווארימקייט דורכגעלאָפען איבער'ן לייב. פון טאַטען אָן, וועמען ער געדענקט אזוי ווי דורכ'ן חלום, האָט ער אזא פריינדשאַפט ניט באַגעגענט.

— די ערשטע זאַך וועלען מיר זיך איינטיילען די ארבייט. פארשטעהסט, „ראזדעליעניע טרודא". דאָס איז אַ קאַפּיטאַליס־טישע אָרדנונג, — האָט דער בעל־הבית ווייטער גערעדט.

— זעליג, הער אויף. צו וואָס טויג דיר דאָס? — האָט זיך דערטראָגען פון קיך אַ ווייבערשער קול.

— נו שא, גיטעל! אַבי בייזער זיך ניט, — האָט דער בעל־הבית געענטפערט און האָט געוואָרפען אַ כיטרען בליק אויפ'ן איי־נגעל. — דאָס איז מיין אשת חיל, זי האָט ליב צו שרייען. נאָר עס מאַכט ניט אויס. זי איז אַ גוטע, אַ וואוילע. האָב נאָר פאַר איהר קיין מורא ניט.

די ארבייט איז געווען אַ לייכטע. איהם האָט דער בעל־הבית אָנגעטרויט ארויסצוציהען די פארסטריגעס, איבערקעהרען און אַר־בעל און לויפען אין קלייטעל נאָך פארשיידענע שניידערשע מכשירים. שלמה'קען איז די ארבייט שטאַרק געפעלען געוואָרען, איבערהויפט די געגנג; כאָטש מען האָט איהם פארזאָגט, אַז ער זאָל זיך ניט זאַמען, האָט ער זיך דאָך ניט געקאָנט אָפּזאָגען פון פאַר־געניגען אַ שפּיל צו טאָן אין קנעפּלאָך, אָדער פארמעסטען זיך אין

לויפען מיט די אינגלאך פון גאס. אבער אפילו זיצען ביי דער ארבייט איז איהם אויך ניט געווען שווער; קיין מאל האט זיך דער בעל הבית ניט געבייזערט, אלץ האט ער אפגע׳פטר׳ט מיט א וויץ, מיט א געלעכטער.

— ברודער ארבייטארער, דו האסט געלאזען די גאנצע פאדים. מיר׳ן געגען דעם העפטיג פראטעסטירען. די פראדוקציאן פאר־דערט . . .

— זעליג, הויבסט שוין ווידער אן? — פלעגט איהם איבער־שלאגען די רייד דאס יונגע ווייבעל מיט א כעס.

ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען, איז די בעל־הבית׳טע אין דער אמת׳ן געווען א גוטע. זי האט זייביידען צוגעזעהן ווי א טרייע מאמע: אפשר צוואנציג מאל דורכ׳ן טאג האט זי זיי צוגעטראגען דא אן אפגעקאכטע קארטאפעל, דא א שטיקעל עפעל אדער עפעס אן אנדער נאשעריי, און דערביי שטענדיג געזאגט דאס זעלבע ווערטעל:

— נאט, לעהנט אונטער אייערע הערצער.

אויף דעם האט דער בעל הבית געענטפערט אויך מיט א ווער־טעל:

— איך טרינק פאר׳ן געזונט פון דער חבר׳טע גיטעל.

דאס איז אזוי געפעלען שלמה׳קען, אז ער האט זיך ניט גע־קאנט איינהאלטען פון לאכען. ער האט ניט געקאנט פארשטעהן, ווי טרינקט מען דאס א קארטאפעל?

— עה, דו לאכסט פון אונז, דו קליינער שטיפער! — האט זיך דאס יונגע ווייבעל כלומר׳שט אויף איהם געבייזערט, אבער די אויגען זיינען אויך געווען פול מיט געלעכטער.

— ער איז ניט קיין קלאסען־באוואוסטער פראלעטאריער; מען דארף איהם געבען א גוטע אגיטאציע, — האט דער בעל־הבית געענטפערט.

— נו שא, שא, הויבסט שוין ווידער אן? — האט זיך דאס ווייבעל געבייזערט.

שלאפען פלעגט שלמה׳קע א גאנצע וואך, אויסער שבת, ווען ער איז געגאנגען צו דער מאמען, אין א קליין חדר׳ל, אויף א גרוי־סען קאסטען, א הויכען און א שווערען.

אַט דער קאַסטען איז פֿאַר איהם געווען אַ סוד. קיינמאָל האָט ער ניט געזעהן, אַז דער בעל־הבית אָדער די בעל־הבית'טע זאָלען איהם עפענען; ער איז אין גאַנצען געווען פֿאַרלאָזען און פֿאַר־געסען. אָבער געפיהלט האָט שלמה'קע, אַז עפּעס איז דאָ אין איהם, און עס האָט זיך איהם שטאַרק געוואָלט וויסען, וואָס דאָס איז. ער האָט אַ פּאָר מאָל געפּרואווט אַ הויב טאָן אָדער אַ ריהר טאָן, אָבער ער האָט ניט געקאָנט. ווי אַ צוגעשמידטער צו דער ערד וואָלט דער קאַסטען געווען.

איין מאָל האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם בעל הבית:

— רב זעליג, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאַסטען? אוי, ער איז אַזוי שווער און אַזוי שטאַרק... מיט אייזערנע רייפען איז ער אַרום־געשלאָגען.

דער בעל הבית האָט אויף איהם אָנגעשטעלט אַ פּאָר צושראָ־קענע אויגען, די אַרבייט איז איהם פֿון האַנט אַרויסגעפאַלען, אַ היבשע ווײַלע האָט ער געקוקט אויפ'ן אינגעל שווייגענדיג.

— האָסט ווען עס איז דערצעהלט? — האָט דער בעל הבית שטיל געפרעגט.

— וואָס האָב איך דערצעהלט? — האָט שלמה'קע אויך גע־פרעגט מיט אַ צושראָקענעם פּנים.

— גאָרנישט. גלאַט אַזוי! נו, קעהר איבער די אַרבעל...

דער בעל הבית האָט זיך אויפגעהויבען פֿון אָרט און איז אַריין צו זיין ווייבעל אין קיך. אַ היבשע ווײַלע האָבען זיי דאָרט צוויי־שען זיך שטיל גערעדט. ביי שלמה'קען איז דאָס האַרץ פֿאַרגלי־ווערט געוואָרען פֿאַר שרעק. ער האָט געפיהלט, אַז ער האָט גע־טאָן אַ שלעכטע זאַך, און אַז באַלד וועט זיך אָנהויבען דאָס באַ־שטראָפֿען, כאַטש וואָס ער האָט אָפּגעטאָן האָט ער ניט געוואוסט. דאָס שטילע שעפּטשען אין קיך האָט איהם דאָס ליֵיב געשטאָכען ווי מיט שפּילקעס. נאָר באַלד איז אַרויסגעקומען דער בעל הבית מיט אַ שמייכעלע אויפ'ן פּנים, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט גע־ווען. ער האָט שלמה'קען, ווי דער שטייגער איז געווען, געגעבען אַ פּאַטש איבער דער פּלייצע און אַ זאָג געטאָן:

— נו, ברודער אַרבייטער, מיר'ן געהן עסען. עס קלעמט

אונטער'ן לעפעלע. אַך, האָט זי אָפּגעקאָכט קאַרטאָפּעל מיט הע־רינג, אַז מיר רינט די שפּייעכץ פון מויל.

ביים טיש האָט דאָס ווייבעל זיך צורעדט וועגען איהרע חתונה־קליידער און וועגען דעם קופערט. זי האָט געזאָגט, אַז עס וואָלט נויטיג געווען ארויסטראָגען די זאכען אויסלופטערען, וואָרום אַלעס מוז זיין פארשימעלט, אָבער שלמה'קע האָט געפיהלט, אַז דאָס רעדט מען נאָר אויף צו־פּלייסענס. ער ווייס, אַז חתונה־קליידער זיינען ניט אַזוי שווער, נאָר ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און מעהר ניט אויסגערעדט אַ וואָרט וועגען דעם. באַלד איז די גאַנצע זאַך פאַרגעסען געוואָרען.

עס זיינען אריבער עטליכע חדשים. שלמה'קע האָט זיך געפיהלט אויף דער שטעלע ווי ביי זיך אין דערהיים. דאָס לעבען איז געלאָפען לייכט און גרינג. אַ גאַנצען טאָג האָט דער בעל הבית ניט אויפגעהערט זיך צו וויצלען מיט'ן „ברודער ארבייטאָרער" און האָט געהאַלטען אין איין זינגען אידישע און גוי'שע לידלאַך. שלמה'קע האָט זיך אויך אויסגעלערענט עטליכע ווערטער פון דעם אָדער יענעם לידעל און מיט זיין דינעם, קוויטשיגען קול'כעל פלעגט ער אונטערהעלפען דעם בעל־הבית:

„אין די גאַסען,
צו די מאַסען
רופט דער פרייהייטס־גייסט"...

דער בעל הבית פלעגט אויף איהם קוקען מיט לויכטענדע אויגען. דאָס פּנים פלעגט זיך איהם אָנפילען מיט אַ רויטקייט און ער פלעגט ווערען זעלטען שעהן. אָפטמאָל האָט דאָס יונגע ווייבעל מיטגעזונגען. די דריי שטימען פלעגען זיך צונויפגיסען אין איינעם און אָנפילען דאָס קליינע הייזעל מיט לוסטיגען געזאַנג. די מאָ־מענטען זיינען ביי שלמה'קען געווען די בעסטע אין לעבען. ווען דער געזאַנג האָט זיך געטראָגען, איז איהם אַ זיסער שווידער דורכ־געלאָפען איבער'ן לייב, אין האַלז האָט אַזש פאַרקוועטשט, אָבער ער האָט געשריען הויך מיט אַלע זיינע קרעפטען.

— אָט אַזוי, אָט אַזוי, ברודער ארבייטאָרער! איך זעה, אַז דו ווערסט קלאַסען־באַוואוסט. בראַוואָ! — האָט דער בעל־הבית געלאַכט.

— הער אויף, זעליג, איך בעט דיך, — האָט זיך דאָס ווייבעל געבעטען און געקוקט אויף איהם מיט פאָרוואורף.

* * *

גענענדיגט האָט זיך עס אַלעס שנעל און פּלוצים. איין מאָל א שבת אין דער פריה, אז שלמה'קע איז נאָך געלעגען אונטער'ן דעק, אין ווארימען בעט, איז די מאַמע אריינגעלאָפען מיט א געשריי:

— אוי וועה איז מיר, מען האָט דאָך זיי פארנומען,ביידען פארנומען.

— וועמען פארנומען? — האָט שלה'קע געפרעגט מיט שרעק.

— דיינע בעלי הבתים האָט מען פארנומען. מען האָט ביי זיי געפונען א גאנצען קאסטען מיט טריפה ביכלאך און פיסטאָ־לעטען. וועה איז מיר!

שלמה'קע איז געבליבען ווי א פארשטיינערטער. מיט אמאָל איז איהם אַלעס קלאָר געוואָרען. איצט האָט ער פארשטאַנען וואָס פאר א קאסטען דאָס איז געווען, און ווער זיין בעל הבית איז געווען אין איין רגע האָט זיך דאָס אַלעס, וואָס איז געווען אזוי גוט פאר־אנדעלט אין א חלום און איז זיך צופלויגען אין שטיקלאך. ער ווייס, אז ער וועט זיי, די וואונדערליכע גוטע מענשען, שוין קיין מאָל ניט זעהן, ווארום מען וועט זיי צומאָלען אין א מאשין און אריינלאָזען אין וואסער.

און עס האָט א היבשע ווייל געדויערט ביז ער האָט געקאָנט אויסברעכען אין א הויכען יאָמער.

# ר' שמואל שוחט

יעדען טאָג, באַלד נאָך מנחה, פאַרקלייבט זיך דער עולם ארום דעם לאַנגען טיש צו הערען ווי ר' שמואל שוחט לערענט עין יעקב.

מען צינדט אָן דעם הענג־לאָמפּ מיט'ן ברייטען פאַררויכערטען אָבאַזשור. באַלד רוקען זיך אָן די געדיכטע אָווענט־שאָטענס, און עס דאַכט זיך, אַזוי ווי די שאָטענס וואָלטען דאָ ערגעץ וואו באַהאַלטען געוועזן און געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען דער שוחט וועט זיך נעהמען מיט זיין געלאַסענעם קול דערצעהלען די וואונדערליכע, שעהנע מעשיות.

דער עולם, וואָס זיצט דאָ ארום, באַשטעהט פון פּראָסטע בעלי־מלאָכות און דאָרפס־קרעמער. א גאַנצען טאָג האָט מען שווער און ביטער געאַרבייט, זיך געדונגען, געשוואָרען און געשאָלטען, אַזוי, אז דער לעבען איז ניט ניחא געווען, מען האָט געבעטען אויף זיך דעם טויט. דאָ אין די שטילע פאַרנאַכטען, רוהען זיי זיך אויס, שטילען איין די אָנגעוועהטאָגטע הערצער.

דאָ זיצט מאָטע דער דאָרפס־קרעמער, א הויכער איד מיט א לאַנגער שוואַרצער באָרד און גרויסע אויסגעפּוטשעטע קעלבערנע אויגען. פון פאַרטאָג אָן איז ער ארומגעלאָפען איבער די נאָהענטע דערפער עפּעס איינקויפען. האָט אפילו, מישטיינס געזאָגט, רעכט ניט אָפּגעדאַווענט. עס האָט זיך איהם אַלץ געדאַכט, אז אימיצער וועט זיך דערוויסען פון דער ביסעל תבואה און וועט עס ביי איהם פון די הענט ארויסכאַפּען. וואָס מ'האָט פאַרדינט, איז אויף עשירים געזאָגט געוואָרען. ס'איז נאָך א שטיקעל גליק, וואָס דער „בעזמען" (האַנדוואָג) האָט אַרויסגעהאָלפען. א דאנק דעם אויבערשטען וואָס עס איז אראָפּ כשורה. האָט דען ניט געטראָפען, אז מ'האָט געכאַפּט און געשלאָגען עד למיתה, ניט היינט געדאַכט?

דאָ זיצט אויך שלמה שוסטער, אַן עלטערער איד מיט א שיטער,

גרוי בערדעל, רויטע אויגען, פארלאפענע מיט טרעהרען און מיט ציטערנדע הענט. ציגנער מורמלען אונטער, אז דאס איז דערפאר, ווייל ער מאכט צו אפט „קידוש"...

יעדער איינער פון די, וואס זיצען דא, זיינען ארימע דער־שלאגענע אידען. דא איז דער איינציגער עיר מקלט פון די שרעק, מאטערניש און צרות, וואס מען לעבט איבער דורכ'ן טאג. ביים שוואכען ליכט, אונטער דעם לאסטשענדען קול, איז אזוי גוט און ווארעם, א שאד נאר וואס די פאר שטונדען פליהען פארביי אזו גיך און דער קאפ נעהמט פון דאס נײ דרעהען מיט זארג פון מאר־גענדיגען טאג.

אין אלע צייטען פון יאהר, זומער און ווינטער, לערענט ר' שמואל דעם עין יעקב פונקט אין דער זעלבער צייט. באלד נאך מנחה, ווי נאר דער חזן לאזט ארוים די לעצטע ווערטער, קלייבט זיך דער עולם ארום דעם לאנגען טיש, מען זעצט זיך אוים אין אן ענגען קרייז, צוגעדריקטע איינע צו די אנדערע, שטיל פארטיפט אין דעם, וואס מען האט שוין אזוי פיל מאל געהערט.

און ווי שעהן עס זאל ניט זיין דער פארנאכט; ווי העל בא־לויכטען פון די לעצטע זונען־שטראהלען עס זאלען ניט זיין די שפיצען פון די הויכע בוימער; ווי פריש שמעקעדיג עס זאלען ניט רופען צו זיך די גרינע ווייטע ברייטע לאנקעס, די קארנ־פעלדער; ווי שעהן און לאסטשענד עס זאלען ניט זינגען די וואלד־פויגלען — זעהט עס גאר קיינער ניט. אנדערע בילדער, שעהנע, פארכישופטע וועלטען שוועבען פאר די אויגען.

אמר רבה בר בר חנא... איך בין אמאל געפאהרען אויפ'ן ים, האב איך געזעהן פויגלען שטעהן, דאס וואסער איז ביי זיי געווען ביז די קנעכלאך, און די העלזער האבען דערגרייכט ביז'ן הימעל. האב איך געמיינט, אז עס איז יבשה און געוואלט ארויסגעהן פון שיף, איז ארוים א בת־קול און אויסגערופען: „זיי וויסען, אז אויף דעם ארט איז א האק ארייננעפאלען; עס איז שוין זיבען יאהר פארלאפען און די האק האלט נאך אין איין זינקען... זי איז נאך צום גרונט ניט נעקומען".

רב שמואל בלייבט שטיל, ווי זיין שטייגער איז, פארמאכט ער אביסעלע די לינקע אויג: א סימן, אז ער שמייכעלט. און דער

עולם זיצט מיט איינגעהאלטענע אָטהעמס... עפּעס קען מען עס זיך נאָר ניט פאָרשטעלען אַזאַ טיפעניש, אַזאַ גרויס. עס דאַכט זיך, אַז ניט רב שמואל האָט עס איצט ארויסגעזאָגט אָט די מורא׳דיגע, וואונדערליכע זאַך, נאָר אַז מען האָט עס אַליין מיט די אייגענע אויערען געהערט דעם בת־קול, ווי ער שרייט און טראָגט זיך הילכיג ווי אַ דונער...

— וויפיל פונטאלאַך וועגט עס, למשל, אַזאַ גענזעל? — רייסט איבער די שטילקייט נחמיה קצב, אַן אַלטער איד מיט אַ רויטען פּנים און אַ גרויע, צופּאַטעלטע באָרד.

אַלע קעהרען אום די קעפּ אין קצב׳ס זייט, קוקען אויף איהם און שמייכלען: טאַקע, עס איז דאָך אַ פראַגע. רב שמואל טראַכט אַ ביסעל, מאַכט צו די לינקע אויג, קוקט אָן דעם קצב און זאָגט:

— דאָס דאַרף מען פאַרשטעהן בדרך גוזמא. עס זיינען טאַקע דאָ אַזוינע ערטער וואו די חיות און בהמות זיינען ניט אָן ערך גרעסער ווי אין אונזערע מקומות. מיר האָט אַמאָל אַ מענש, וואָס איז געווען אין אפריקא, אין דער מדינה טראַנסוואַאַל, דערצעהלט, אַז דאָרט . . .

עס הויבט זיך אָן אַ מעשה מיט אפריקע: דאָס איז אַ וואונ־דערליכע לאַנד, פּשוט אַ גן־עדן, אייביג איז דאָרט וואַרים, זומער; קיין קליידער דאַרף מען ניט, ווייל עס איז צו הייס, געהען זיי, יענע מענשען, די אפריקאַנער האַלב־נאַקעט, אָט אבי־ווי־ניט־איז אָנגעטאָן זיך... און שוואַרצע זיינען זיי אַ שרעק! אמת׳ע מצרים... און גאָלד וואַלגערט זיך אין די גאַסען.

דער עולם זיצט, זיפצט און וואונדערט זיך: ס׳איז דאָך טאַקע עפּעס גאָר אַן אַנטיק אין דער וועלט; שטעהסט זיך אויף אין דער פריה, וואַרפסט אויף זיך ארויף אַ זשופּיצע און שפּאַצירסט זיך ארום איבער׳ן לאַנקע; אַז ס׳איז דאָך וואַרים און אַלע געהען אַזוי, האָסטו זיך ניט וואָס צו שעהמען. הייגט די גאָלד! עס איז דאָך עפּעס אַ גוואַלד פון אַן עשירות! ווען מען שיקט עס אַראָפּ אַהערצו אַזוי אַ פּאָר הונדערט פונטלאַך גאָלד און מען צוטיילט עס צווישען די אָרימע לייט — ס׳וואָלט דאָך געווען אַן אמת׳ע ישועה.

עס עפענט זיך די טיר מיט אַ שטורעם. עס קומט אריין דאָס יונגוואַרג, פרעהליכע, פרישע און לוסטיגע. דאָס איז מען איצט

נעקומען פון בארען זיך. א שעהנע פאר שעה האט מען זיך גע־וויקט אין דעם לאנגען, שמאלען טיפען טייכעל. מען האט „גע־לעגט קלאפטער", געשוואומען אונטער'ן וואסער מיט'ן קאפ אראפ און די פיס ארויף, געוויזען קונצען אלערליי, ביז מען האט זיך גע־כאפט, אז עס איז שוין שפעט, מ'דארף געהן צו מנחה. גיט אבער איינער אן עצה, אז מען זאל שוין בעסער דאווענען צוויי שמונה־עשרות צו מעריב. אלע זיינען מסכים: סיי ווי סיי שפעט. אבער איינער פון דער חברה לאזט זיך ניט איינרעדען: מנחה, זאגט ער, איז נאך ווי־ניט־איז, אבער דעם „עין יעקב" איז א שאד דורכ־צולאזען. דאס איז רחמיאל'קע לייבע'ס — א קליין־געוויקסיג אבער שטארקער בחור'ל. פאר קיין פאל אין דער וועלט קען מען איהם ניט אוועקרייסען פון עין יעקב. אין רעכטען מיטען פון די שטיפע־רייען, ווי נאר ער דערפיהלט, אז דארט אין מנין זעצט מען זיך לער־נען, ווארפט ער אלץ אוועק און לויפט אהין, און נאך איהם לויפען אלע אינגלאך, ווארים אהן רחמיאל'קען איז די שפיל קיין שפיל ניט. אויף אזא אופן איז צווישען דעם עלטערען עולם אויך אריינגעמישט די יונגווארג פון שטעטעל. אפטמאל, אין מיטען לערנען, אז ר' שמואל הויבט אויף די אויגען זיינע פון ספר און קוקט אן דעם עולם, דאכט זיך איהם, אז ניט אין מנין איז ער, נאר אין וואלד, ארומגערינגעלט פון אלטע הויכע בוימער, און צווישען די אלטע זיינען אריינגעשטופט, צוגעטוליעט אויך די יונגינקע פרישינקע בוימאלאך... ווארים, אין דער אמת'ען, די יונגע, פרישע פנים'ער, מיט די גרויסע גלאנציגע שווארצע אויגען שיינען מאדנע צווישען די אלטע אידען מיט די שווארצע און גרויע בערד, מיט די אויסגע־מאטערטע, אויסגעצעהרטע פנים'ער. עס ווערט איהם מיט אמאל פרעהליכער אויפ'ן הארצען... א ווארימער ליכטיגער פייערעל גלאנצט אין זיינע גרויסע גרויע אויגען...

— שא, שא, זאל זיין שטילער! — בייזערט זיך דוד דער שמיד. ער איז אין כעס, וואס אין רעכטען מיטען אפריקע זיינען זיי אריינגעפאלען און איבערגעשלאגען — הערט, וואס איך האב אייך געוואלט פרעגען: ווי באלד, אז דארט איז יע דא אזוי פיל רייכקייט, טא פארוואס קויפט עס ניט אפ עפעס א רייכער איד, א מין ראטשילד, אדער בעראן הירש, און באזעצט דארט ניט

די אידען? צו וואָס שיקען אין ארגענטינא, אָדער אפילו אין ארץ ישראל? בעסער שוין אהין; דאָרט וואָלטען דאָך אידען טאקע אויף אן אמת אויפגעריכט געוואָרען.

— נו אין דעם איז דאָ א טעם: דער נדיב הידוע און באראָן הירש ווילען, אז אידען זאָלען זיך באזעצען וואו־ניט איז און מאכען פאר זיך א מלוכה. זיי ווילען, אז אידען זאָלען מעהר ניט זיין אין גלות, זיך ניט פארנעהמען מיט מסחר, נאָר זאָלען ווערען ערד־ארבייטער. און אזוי ווי יענע מדינה געהערט צו ענגלאנד, וואָלט דאָך דאָס הייסען ווידער זיין אין גלות.

— אין משיח׳ן גלויבען זיי, הפּנים, ניט שטארק?

— וואָס איז שייך יאָ־גלויבען, ניט־גלובען; אָבער דאָס איז זייער רעיון...

— איך האָב געוואָלט פרעגען אזא שאלה: איהר האָט אונז געזאָגט, אז אפריקע ליגט אויף יענער זייט ערד. איהר האָט דאָך אָבער אונז אמאָל דערצעהלט, אז די ערד איז קיילעכיג ווי אן איי. היינט ווי קענען זיי דאָרט ארומגעהן? עס קומט דאָך אויס, אז זיי שטעהען דאָרט מיט׳ן קאָפּ אראָפּ?

— און אפשר שטעהען מיר גאָר מיט די קעפּ אראָפּ? — פאַלט אריין אין מיטען איינער פון די יונגע און פארשעהמט זיך באַלד אליין פאר דער חכמה, וואָס ער האָט דאָ געזאָגט.

— איהר, שקצים, געהט אַלע מאָל מיט די קעפּ אראָפּ. הערסט אן איינפאַל פון א בחור! מיר געהען מיט׳ן קאָפּ אראָפּ!... איהר וואָלט בעסער מנחה דאווגען און ניט אָפּדרעהען זיך די קעפּ דאָרט ביים וואסער... — אזוי רעדט זיך אויס דאָס הארץ נחמיה קצב.

אַלע דרעהען אוים די קעפּ אין דער זייט פון די יונגע. מען קוקט זיי אָן מיט א שמייכעל, ווי איינער זאָגט: „געכאפּט, אהא! נו, וואָס וועט איהר איצט זאָגען? נאָר יענע שטעהען זיך קאַלט, קוקען אונשולדיג אויף ר׳ שמואל׳ן, ווי ניט זיי וואָלט מען עס געמיינט.

איינער פון עולם דרעהט אוים דעם קאָפּ צום פענסטער און דערזעהט, אז עס איז שוין רעכט פינסטער.

— אפשר איז שוין צייט מעריב דאווגען?...

— יע, עס איז שוין צייט, — זאָגט אויך ר' שמואל און פאַר־מאַכט דעם ספר.

מיט אַמאָל הויבען זיך אַלע אויף פון די ערטער, אַזוי ווי אויפ־געכאַפּט זיך פון אַ זיסען שלאָף. מען צושיט זיך איבער'ן מנין, יעדער געהט זיך אויף זיין אָרט. אימיצער צינדט אָן די ליכט ביים עמוד. די שאַטענס גיבען זיך אַ טרייסעל, אַציטער, ציהען זיך איין, אַזוי ווי זיי וואָלטען אויף וואָס ניט איז געלויערט...

ליב שניידער קלייבט זיך צו פאַרנעהמען דעם עמוד. ער האָט שרעקליך ליב צו דאַווענען פאַר'ן עולם, ציטערט ער שטענדיג, אַז אימיצער זאָל עס ניט אויסכאַפּען.

— והוא רחום . . .

— והוא רחום יכפר . . . — כאַפּט אונטער דער עולם, שאָק־לענדיג זיך פרום, ערנסט. אַ שטילער טרויער צוגיסט זיך איבער דער נשמה. אַ שטילער, פאַרשטיקטער זיפץ טראָגט זיך...

נאָך מעריב, שטום, שווייגענד, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ שלעפּט זיך יעדער אוועק אין אַ באַזונדער ווינקעלע...

# דער לעצטער גבור

עס איז געווען דער אָוונט נאָך דער לויה פון ליב שמש, אַז עטליכע פון די סאַמע עלטסטע בעלי־בתים האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן ביי רב וועלוועל שוחט. א גאַנצן טאָג האָט מען זיך געעסק'ט מיט'ן מת, מען איז דורכגעווייקט געוואָרען ביז'ן מאַרך פון די ביינער. געהן אהיים האָט זיך עפּעס ניט געוואָלט. עס איז געווען אומעטיג אויפ'ן הארצען. דער נפטר, כאָטש א גרויסער אביון, איז אָבער געווען אַן עהרליכער איד, א גוטע נשמה, און איצט האָט מען ערשט געפיהלט ווי נאָהענט און טייער ער איז געווען.

דער אלטער שוחט איז געזעסען פּארטראכט און לאַנגזאַם געצויגען פון דער ליולקע, ארויסלאָזענדיג פון ווינקעל מויל קיילעכדיגע רעדלאך רויך וואָס האָבן זיך געדרעהט, געקייקעלט אין דער לופטיג קונציג שעהן. דער הויכער שטערען האָט זיך דאָ צוזאַמענגעצויגען, איז באדעקט געוואָרען מיט א גאַנצער נעץ פון קנייטשען און דאָ זיך אויסגעגלייכט, גלאַט און גלאַנציג געוואָרען. דאָס איז געווען דער בעסטער סימן, אַז די מחשבות האָבן שטאַרק געאַרבייט, אַז עפּעס איז אין איהם פאָרגעקומען, וואָס האָט זיך געריסען ארויסצורייידען.

— וואָס איז, רב וועלוועל, איהר זייט מיד, אָדער חלילה ניט בקו הבריאה? — האָט אַן אַלטיטשקער איד מיט א שנעע־ווייסער באָרד געפרעגט.

— ניין ר' מענדעל, איך בין ניט פארמאַטערט און בין א דאַנק השם יתברך געזונט. גלאַט אַזוי, עס דערמאָנט זיך עפּעס. איהר ווייסט דאָך, אַז מען לעבט אָפּ אַזוי פיל יאָהרען צוזאַמען, ווערט מען, להבדיל בין החיים למות, אַזוי ווי ברידער.

— יאַ, יאַ, אָט אַזוי געהט עס איינער נאָכ'ן אַנדערען, איינער נאָכ'ן אַנדערען. ווי לאַנג איז עס אַז מאָטעל איז אוועק? און איצט שוין ווייטער איינער. אַך, רבונו של עולם, טאַטע פאָטער.

— געווען א צדיק א איד, דער רב ליב; קיינער האָט ניט געוואוסט ווער עס געהט ארום צווישען אונז.

— א למד וואָווניק? — האָט געציל דער שמיד נעפרעגט מיט א ציטער אין קול.

— ניט קיין למד וואָווניק, נאָר גלאַט אזוי א צדיק, וואָס איז מוכן ומזומן געווען יעדע רגע צו געהן על קידוש השם.

— על קידוש השם? ער, ליב שמש? — האָבען עטליכע שטימען מיט אמאָל אויסגעשריען.

— איך רייד ניט גלאַט אזוי, חלילה. עס איז געווען אמאָל א סיבה, וואו ער האָט עס ארויסגעוויזען בפועל ממש.

— דערצעהלט, רב וועלוועל, וואָס איז דאָס געווען פאר א סיבה? — האָבען אלע אין איין קול געבעטען.

א ווײַלע האָט דער שוחט וועגען עפּעס געטראכט און געזאָגט:

— איצט קאָן מען שוין דערצעהלען. דער לעצטער איז אוועק. עס איז שוין מעהר קיין סוד ניט. אלע מעגען דאָס וויסען. גע־דענקט איהר זלמן דעם שענקער, עליו השלום?

— א שאלה צי מען געדענקט איהם! ווי לאַנג איז דען, אז ער איז געשטאָרבען?

— דריי און צוואנציג יאָהר געוואָרען. געדענקט איהר אויך די טאָכטער זיינע, חנה׳ן?

— אָט די, וואָס איז ניט פאר קיין אידישער טאָכטער געדאכט...

— די וואָס איז ניט פאר קיין אידיש קינד געדאכט, אנטלאָפען מיט׳ן שייגעץ און וואָס האָט זיך געהאַלטען ביים שמד׳ן. ווייסט איהר אָבער, אז זי איז געבליבען, א דאנק גאָט, א אידיש קינד, אן אמת פרומע אידישע טאָכטער און אז איהרע קינדער, זאָלען געזונט זיין, זיינען עהרליכע אידען.

— יא, מיר געדענקען, אז זי איז אנטלאָפען געוואָרען און זיך באזעצט ערגעץ אין א וויטען ישוב.

— אנטלאָפען געוואָרען, — האָט דער אלטער שוחט מיט א שמייכעל באמערקט, — געוויס איז זי אנטלאָפען. נאָר ווייסט איהר ווי זי איז אנטלאָפען? אז אינגאַנצען איז זי דעמאָלט אלט געווען ניט מעהר ווי אכצעהן יאָהר. זי איז נאָך געווען גאָר א קינד; און דאָ האָט מען איהר געהיט אזוי, אז זי האָט ניט געקאָנט

מאכען אליין א טראַט. עפּעס אימיצער האָט איהר דאָך באַדאַרפט העלפען ארויסראַטעווען זיך.

— נו, נו אדרבה, דערצעהלט, רב וועלוועל, ווי אזוי דאָס האָט פּאַסירט, — האָבען זיך אַ פּאָר פון די פאַרזאַמעלטע אָפּגע־רופען.

— ליב איז געווען איינער פון די וואָס האָבען דאָס שטיקעל ארבייט אָפּגעטאָן, — האָט דער שחט אָנגעהויבען. ער איז נאָך דאַן געווען אַ יונגער מענש. וואָרים עס איז שוין אין דעם אַ מעשה פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג.

— זי איז אוועק און ווי אין וואַסער אריין. קיינער האָט ניט געוואוסט וואו זי איז אַהינגעקומען. עס איז ניט געווען צו־צוזעהן דעם צער פון די עלטערען. זיי זיינען ממש אויסגעגאַנ־גען פאַר יסורים. וויפיל מען האָט ניט נאָכגעפרעגט, געזוכט, געאַקערט, האָט זיך פאַר קיין פאַל ניט איינגעגעבען צו דערגעהן כאָטש אַ סימן פון איהר. מילא, מען האָט זיך גענומען מיאש זיין. אפשר, האָט מען זיך געטראַכט, האָט זי זיך אַ מיתה אָנ־געטאָן. כאָטש אַלע האָבען געוואוסט, אַז עס איז ניט אזוי, ווייל מען האָט זי געזעהן ארומגעהן מיט אַ שייגעץ; שפּעט אין דער נאַכט האָט מען זיי ביידען באַמערקט צווישען די פּאַסען קאָרן. פאַר־וואָס דער פאָטער עליו השלום האָט זי געשלאָגען מכות רצח און מען האָט זיך איצט אָנגעשטויסען, אַז זי איז אַנטלאָפען צו זיי. נאָר כדי עס זאָל גרינגער זיין אויפ'ן הארצען, האָט מען בכיון גע־רעדט,, אַז זי האָט זיך דערטרונקען, אַז מען האָט זי געזעהן ביים אָזערע.

איין מאָל, ארום די ימים נוראים, האָט אַ פּויער געבראַכט צום רב זכרונו לברכה, אַ צעטעלע. ער האָט עס שטילערהייד אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש און איז נעלם געוואָרען. עס איז אַ סברה, אַז דאָס איז גאָר קיין פּויער ניט געווען...

ביי נאַכט האָט דער רב בשתיקה צוזאַמענגערופען עטליכע אידען צו זיך. איצט זיינען זיי שוין אַלע אויפ'ן עולם האמת. דאָס זיינען געווען די גבורי ישראל פון שטעדטעל, פאַר וועמען אַלע האָבען געציטערט אימת מות. עס זיינען דאָרט געווען חיים דער שמיד, בענציע וואַסער־פיהרער, איצע שוסטער און אָרע קצב.

— דאָס, וואָס איך וועל אייך דאָ איצט זאָגען, איז אַ סוד. קיין ילוד אשה טאָר פון דעם ניט וויסען. שווערט מיר ביי אייער חלק עולם הבא, אז איהר וועט עס קיינעם ניט דערצעהלען, — האָט דער רב געזאָגט צו די פּאַרזאַמעלטע.

נאָכדעם איז דער רב צוגעגאַנגען צום שופלאַד. ער האָט פון דאָרט ארויסגענומען אַ צוזאַמענגעלעגטען צעטעלע און אָנגעפאַנגען לייענען:

— האָט רחמנות, רבי, אויף אַ אידישער נשמה. ראַטעוועט מיך פון די גוי׳אישע הענט. כ׳האָב חרטה און וויל צוריק ווערען אַ אידיש קינד. שיקט אידען מען זאָל מיך קומען צונעהמען פון דאַנען. זאָל מען זיך שטעלען ביי דער לינקער וואַנט פון מאָנאַס־טיר. איך וועל אַ צייכען געבען. אז מען וועט אַ פייערעל דערזעהן, זאָל מען מיך אַ כאַפּ טאָן און לויפען וואו די אויגען וועלען טראָגען.

— אידען, מיר מוזען טאָן איהר בקשה, — האָט דער רב געזאָגט.

— מיר זיינען גרייט צו טאָן גאָט׳ס רצון, — האָבען אַלע געענטפערט.

— איך געה אויך מיט אייך, כאָטש איך בין אַלט און שוואַך, אָבער איך געה מיט אייך — האָט דער רב פעסט געזאָגט.

— מיר׳ן זיך באַגעהן אָהן אייך, רבי, איהר קאָנט אונז סיי ווי ניט העלפען.

— ניין, קינדער, איך וועל יאָ געהן. אמת, מיט מיינע הענט קען איך פיל ניט אויפטאָן, אָבער איך וויל זיין לעבען אייך, טאָמער דערשרעקט איהר זיך חלילה.

געווען איז זי אין סאָלער מאָנאַסטיר. איהר ווייסט אַלע, אז מיט דרייסיג־פערציג יאָהר צוריק, איז סאָל געווען אַ פוסטער פּלאַץ, דער וואַלד האָט זיך געצויגען אויף מיילען ארום. די אָזערע איז געווען אזוי ברייט, אז מען האָט ניט געקענט זעהן פון איין ברעג דעם אַנדערען. אין מיטען פון דעם געדיכטען וואַלד איז געשטאַנען דער אַלטער מאָנאַסטיר פון וועלכען עס זיינען נאָך פער־בליבען עד היום די חורבות.

— זאָל יעדער געהן אהיים, נעהמען די האַק און עס מאַכען וואָס שאַרפער — האָט דער רב באַפוילען. — מאָרגען נאָך מנחה

זאָל יעדער פון אייך זיך אַרויסרוקען בשתיקה פון שטעדטעל. אָבער פריהער זאָל יעדער אָפּזאָגען וידוי, וואָרים עס איז עלול, אַז מען זאָל אונז חלילה אַלעמען אויס׳הרג׳ענען. דו, ליב, זאָלסט וואַרטען; אויב מיר׳ן ניט קומען צום דאַווענען, זאָל מען אַרויסשיקען מענשען צו ברענגען אונזערע גופים צו קבר ישראל.

— רבי, איך געה אויך מיט אייך, — האָט ליב פעסט געזאָגט.

עס איז געוואָרען אַ געלעכטער, מחמת עס איז געווען באַוואוסט, אַז ער, זאָל מיר מוחל זיין, איז געווען אַ גרויסער פּחדן. ער האָט געציטערט פאַר אַ הונט אימת מות, און אַז עס פלעגט דונערען פלעגט ער זיך באַהאַלטען אונטער׳ן בעט.

— בלייב דאָ, איך בין דאָס גוזר אויף דיר. — האָט דער רב באַפוילען.

— ניין, רבי, איך קאָן ניט בלייבען אין דער היים, ווען אידען געהען אויף קידוש השם; איך בין אויך אַ איד, — האָט זיך ליב געבעטען.

דער רב, זכרונו לברכה, איז געוואָרען בייז און גענומען אויף איהם שרייען. איהר געדענקט דאָך וואָס פאַר אַ כעסן ער איז געווען. אָבער עס האָט ניט געהאָלפען — ליב איז באַשטאַנען אויף דאָס זייניגע, ער וויל אויך געהן אויף מסירת הנפש. די איבעריגע האָבען זיך פאַר איהם אָנגענומען, און מען האָט גע־פועל׳ט ביים רב, אַז ער זאָל איהם לאָזען מיטגעהן.

מיר האָט לייבע, עליו השלום, דערצעהלט די דאָזיגע מעשה, און ער האָט מיר פאַרזיכערט אַז אויב מען וואָלט איהם פאַר־באָטען מיטצוגעהן וואָלט ער חלילה עס ניט אויסגעהאַלטען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען, וואָס ער האָט גע־קענט טאָן אַ מצוה, אַ גרויסע מצוה, אַזאַ, ווי עס האָבען געטאָן אונ־זערע עלטערען אין דער צייט פון צרות און רדיפות, ווען מען האָט זיך באַדאַרפט איינשטעלען מיט׳ן לעבען פאַר יעדען אות פון דער תורה, און ער האָט זיך פון דעם ניט געוואָלט אָפּזאָגען.

פאַזשע וואַלד, פאַרביי דער מיהל, האָט זיך די קליינע חברה אַרויסגערוקט פון שטעדטעל. פון זיכערהייט וועגען האָ־בען זיי זיך אַלע איבערגעטאָן אין פּויערשע בגדים; די היטלען אַריבערגערוקט איבער די אויגען. עס איז שוין געווען אַרום מעריב־

צייט, ווען זיי זיינען אָנגעקומען צום ברעג וואלד, נעבען סאָלער אַזיערע. א רעגען האָט דעם גאַנצען אַוועגד געגאָסען. עס איז געווען פינסטער און קאַלט, אָבער קיינער האָט די נעץ און קעלט ניט גע־פיהלט. עס איז געווען גוט אויף די הערצער. די מחשבות זיינען געווען ווייט פון דער ערד, פון זיך אליין. מען האָט געוואוסט נאָר איין זאַך: ארויסראַטעווען דאָס מיידעל, אָדער שטארבען מיט א „שמע ישראל" אויף די ליפּען.

ארום מעריב־צייט איז געוואָרען אַ שרעקליכער שטורם. די בוימער האָבען געשריען, זיך געבויגען און געקרעכצט. עס האָט זיך געדאַכט, אז פון אַלע זייטען לויפען מחנות פויערים מיט מורא־דיגע קולות, אז עמיצער וויינט און בעט רחמים.

— אידען, לאָמיר זאָגען תהלים! דאָס איז די בעסטע סגולה נעגען שרעק, געגען חלשות־הנפש! — האָט דער רב, זכרונו לברכה, אַן עצה געגעבען.

אין זיך האָט יעדער גענומען זאָגען תהלים, פסוק נאָך פסוק, קאַפּיטעל נאָך קאַפּיטעל; מיט דער גאַנצער נשמה, בלב ונפש האָט מען עס געזאָגט, און עס האָט געהאָלפען: ארום א האלבע נאַכט האָט דער שטורם אויפגעהערט און עס האָט גענומען שפּריצען א ווארימער רעגענדעל.

— איצט איז די צייט צו געהן ווייטער, — האָט דער רב געזאָגט. — עס איז האלבע נאַכט און זי קען אַלע ווייַלע געבען דעם צייכען.

אויף די שפּיץ פינגער, פאַרזיכטיג, ניט אָנצוטרעטען אויף די פאַרדאַרטע צווייגען, האָט מען זיך געלאָזט געהן מיט דער שמאָלער סטעזשקע. די פינסטערניש איז געווען אזא געדיכטע, אז מען האָט זיך איינע די אַנדערע ניט געזעהן. דער רב איז גע־גאַנגען פאַראויס און די איבעריגע נאָך איהם.

— איצט נעהמט ארויס די העק! — האָט דער רב באַפוילען.

אַלע האָבען ארויסגענומען די העק פון אונטער די פּאָלעס און זיי געלעגט אויף די אַקסלען. מען איז געשטאַנען פאַר דער הויכער וואַנט פון מאַנאַסטיר.

— אידען, טאָמער באַפאַלט מען אונז, זאָלט איהר, למען חשם, זיך ניט מיאש זיין. שלאָגט צוריק, שלאָגט מיט'ן גאַנצען

כח, אזוי ווי איהר קענט. ווארים על־פי־התורה דארף יעדער איד פארהיטען זיין אייגענעם נפש.

דעם רב'ס ווערטער האבען געהאט א גרויסע פעולה. זיי האבען געשטארקט די הערצער און אריינגעגעבען פרעהליכקייט אין די נשמות.

— איך איינער נעהם זיך אן אוועקצולעגען פינף שטיק, — האט חיים געזאגט.

— און איך נעהם אויף מיין חלק א צעהנדליג, — האט בענציע געלאכט.

— נו, און דו, לייבע, וויפיל לענסטו אוועק? — האט דער רב געפרעגט מיט לצנות.

— איך? איך נעהם זיך אן אוועקצולעגען דאפעלט וויפיל איהר, רבי! — האט לייבע געענטפערט לאכענדיג.

די צייט האט זיך געשלעפט אהן א סוף. עס האט זיך געדאכט, אז עס וועט קיין סוף ניט נעהמען. פון שטעהן אויף איין ארט זיינען די פיס פארגליווערט געווארען און די לייב האט געשטאכען ווי מיט שפילקעס. קיין סימן פון לעבען האט זיך פון ערגעץ ניט דערטראגען; אבער דער רב האט די גאנצע צייט געזאגט המצאות, גלייכווערטלאך און געגעבען כח אויסצושטעהן. ער האט ניט דערלאזט אריינצופאלען אין עצבות. אלע האבען אין הארצען גאט געדאנקט, וואס ער איז מיטגעגאנגען.

ערשט ווען די הענער האבען גענומען קרעהען אויף טאג, און מען האט זיך שוין געהאט מיאש געווען, האט זיך פלוצלונג, גאנץ נאהענט, א פייערל דערזעהן. אלע האבען זיך אהין א ווארף געטאן און אנגעכאפט א קליין, דאר נפש'ל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אלע יאהר, אין דעם אווענט, פלעגען זיך די עטליכע מענשען צוזאמענקלייבען ביים רב; מען פלעגט נעהמען צו ביסלאך בראנפען און רעדען וועגען יענער וואונדערליכער נאכט.
מיט א פאר יאהר צוריק איז זי געשטארבען...

אזוי האט דער אלטער שוחט פארענדיגט דערצעהלען, און די גרויע אויגען זיינע זיינען פארלאפען מיט טרעהרען.

# שנייערל

איינמאָל אין אָוונט, זיצענדיג ביי א פריינד, איז געקומען צו רייד וועגען די היינטיגע גנבים, וועגען זייער מאָדנעם לעבען, וואָס זיי פיהרען און די מסירת נפש, אויף וועלכע זיי לאָזען זיך. אָן א זייט איז געזעסען מיין פריינד'ס זיידע, א זקן פון א יאָהר זיבעציג, מיט א ווייסער, שיטערער בערדעל און מיט א צוקנייטשטען געלען פנים. ער איז זיך געזעסען פארטראכט און געצויגען פון דער לאנגער ליולקע. איך בין ניט זיכער געווען, צי ער הערט אונזער געשפרעך, אָבער באמערקט האָב איך, אז ער שמייכעלט צו זיך אליין, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אָן א זעלטען־טשיקאווער זאך. פלוצלונג האָט ער א זאָג געטאָן:

— אלע זיינען מכולה געוואָרען, ניט נאָר די עהרליכע, ליי־טישע מענשען, נאָר אפילו די גנבים זיינען ניט דאָס וואָס אמאָל.

מיר האָבען זיך צולאַכט און עמיצער האָט באמערקט:

— וואָס ווייסט איהר, רב זעליג, וועגען גנבים? און זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס פאר א גנבים האָבען עס געקענט זיין אמאָל? מלמדים מסתמא.

מיר אלע האָבען איינגעשטימט מיט אונזער פריינד. אָבער דער אלטער האָט אומצופרידען געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער איז גע־ווען בייז, וואָס מען מאַכט צו־נישט די וועלט, צו וועלכער ער גע־הערט.

— אפשר, קינדערלאך, זיינט איהר גרעסערע מבינים אין הלכות גנבות, — האָט ער מיט א בייזען שמייכעל באמערקט, — אָבער וואָס עס איז שייך צו קענען די וועלט, ווי קומט איהר זיך צו פארגלייכען מיט אונזערע אלטע? וואָס ווייסט איהר און וואָס קענט איהר? נאָר אדרבה, אָט הערט אוים א מעשה שהיה, וואָס מיין זיידע, זכרונו לברכה, האָט דערצעהלט. דאָס האָט פּאַסירט,

ווען ער איז נאָך אַ חדר־אינגעל געווען, אָבער ער האָט עס געדענקט דעם גאַנצן לעבן. אָפּטמאָל ביי אַ שמחה׳לע פּלעגט ער עס דער־צעהלן.

דער אַלטער האָט ארויסגענומען די ליולקע פון מויל, זי אָפּגע־ווישט מיט דער האַנט און פארשטעקט אין דער בוזעם־קעשענע.

— אין דעם שטעדטעל, וואו זיינע עלטערן האָבען געוואוינט, פלעגט אַ פּאָר מאָל אין יאָהר זיין אַ יאַריד. די פּויערים פון די ארומיגע דערפער פלעגען ברענגען תבואה, בהמות א. אז. וו. עס פלעגען זיך צוזאַמענפאָהרען די אידען, להבדיל, פון נאָהענטע שטעטלאַך און מען פלעגט מאַכען מסחר. מ׳האָט געהאַט, אַ דאַנק השם יתברך, פּרנסה. דער קיילעכדיגער פּלאַץ פלעגט זיין געפּאַקט, אַז מען האָט זיך ניט געקענט דורכשטופּען, און אַזוי ווי אַ סך געלט איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, איז געווען כדרך הטבע, אַז די גנבים פון דעם גאַנצען געגענד זאָלען צוזאַמענפאָהרען אויפ׳ן יאַריד, כדי ארומצוגעהמען ווען מען האָט נאָר געקענט.

געווען איז איינער מיט׳ן נאָמען שניידערל. שניידערל האָט מען איהם גערופען, ווייל ער איז געווען אַ קורצער, אַ ברעקעל, מיט אַ שפּיצג בערדעל. אויפ׳ן ערשטען קוק האָט מען געקענט מיינען, אַז דער מענש קען קיין צוויי ניט צעהלען: אַ שעהמעוודיגער, אַ שטילער איז ער געווען, האָט אָפּגעגעבען כבוד אַן עלטערען און געהאַט דרך ארץ פאַר אַ למדן. עס איז אָבער געווען אַן אָפענער סוד, אַז אָט דער שניידערל איז איינער פון די קונציגסטע גנבים, טאַקע פּשוט אַ וואונדער. האָט דער פּויער געמעגט באַהאַלטען דאָס געלט אונטער צעהן קאָפּטאַנעס, איז עס פאַרט אריינגעפאַלען אין שניידערל׳ס הענט. פון איהם איז קיין באַהעלטעניש ניט גע־ווען. אויף וואָס זיין אויג איז געפאַלען און וואָס ער האָט חשק געהאַט צו באַקומען, איז דאָס צו איהם אריינגעפאַלען, און מען האָט איהם קיינמאָל ניט געכאַפּט ביי דער האַנט; קיינמאָל איז ער ניט געווען ארעסטירט; דער עולם האָט זאָגאַר געגלויבט, אַז ניט אַנדערש — ער איז אַ מכשף, וואָרים טאַקע, ווי קען דאָס אַנדערש זיין?

אמת, אַ מעלה האָט ער געהאַט, פאַרוואָס דער אויבערשטער האָט איהם מסתמא אויסגעהיט פון גוי׳עשקע הענט: ער האָט ניט

גענומען ביי קיין אידען. עס האָט געקענט ליגען גאָלד פאר זיינע אויגען, האָט ער עס ניט געריהרט. דערפאר האָט מען איהם ליב געהאט און אפילו געגען אן עליה. אָבער די פויערים האָט ער בדיל הדל געשטעלט.

טרעפט זיך, אז בשעת יאריד קומט אריין א פריץ זאין א קראָם עפעס קויפען. ער באטראכט די סחורה, דינגט זיך, אמפערט זיך, און אז ער וויל באצאָהלען, כאפט ער זיך, אז ער האָט ניט קיין געלט. דער טייסטער, וואס איז געלעגען ביי זיין האנט, איז נעלם געוואָרען. נו, אויף וועמען פאלט דער חשד, מסתמא אויפ'ן קרעמער; ניט אנדערש, אז ער האָט עס גענומען. דער איד שווערט זיך ביי באָרד און פאות, אז ער ווייסט ניט פון וואס צו זאָגען. העלפט עס ניט. דער פריץ שרייט: „זשיד, גיב אָפ מיין געלט!" עס איז געוואָרען א טומעל, א ליארעם, פויערים האָבען זיך געלאָזט פון אלע זייטען מיט שטעקענס און אייזענס אין די הענט. „די זשידעס באַ'גנב'ע־נען אונז!... מען מוז זיך מיט זיי אָפּרעכענען!..." האָט דער המון געשריען און פויסטען האָבען זיך געהויבען אין דער לופטען.

א פחד איז אָנגעפאלען אויפ'ן שטעטעל. מען האָט גענומען פארמאכען די קראָמען; אידען מיט בלייכע, צושראָקענע פנימ'ער האָבען זיך גענומען רוקען אהיים; מען האָט אָנגעפאנגען פארמאכען די לאָדענס; אן אימה האָט זיך געטראָגען אין דער לופטען.

נאָר ביי דעם איין קרעמער איז געווען פול געפאקט מיט פויערים, וואס האָבען געשריען: „זשיד, גיב אָפ דעם פריץ זיין געלט!" דער אומגליקליכער איז געבאך געווען מעהר טויט ווי לע־בעדיג. אין דער שטיל האָט ער וידוי געזאָגט, וואָרים קיין שום פונק פון בטחון איז ביי איהם ניט געווען, אז ער זאָל ניצול ווערען פון די גוי'עשקע הענט.

מיט אמאָל האָט זיך דערהערט א קול:

— לאָזט אָפ דעם אידען! איך האָב דאָס געלט! אָט איז עס.

שנייערעל איז געשטאַנען אין טיר און געהאלטען אין דער חויך דעם פריץ'ס טייסטער. ער האָט געקוקט אויפ'ן עולם און גע־לאכט. אלע האָבען געעפענט די מיילער, ניט פארשטעהענדיג וואס דאָ קומט פאָר.

שנייערל האָט זיך דורכגעשפּאַרט צום פּריץ און איהם דער־לאַנגט דאָס געלט. יענער האָט איהם באַטראַכט מיט וואונדער:

— ווי קומט עס צו דיר?

— ווי דאָס קומט צו מיר? פּשוט. איך האָב דאָס אַ כאַפּ געטאָן און אַנטלאָפען, — ענטפערט שנייערל גאַנץ לוסטיג.

— אָבער מיר האָבען דיר דאָך ניט געזעהן! — וואונדערט זיך דער פּריץ.

— איהר האָט מיך ניט געקענט זעהן, ווייל איהר, פּריץ, זיינט געשטאַנען צו מיר מיט דער פּלייצע, אָט אַזוי.

שנייערל האָט מיט גרויס חשק גענומען אָפּמאָלען ווי אַזוי די גנבה איז פאָרגעקומען. ער האָט אוועקגעשטעלט דעם פּריץ מיט דער פּלייצע צו דער טיר. דעם קרעמער האָט ער געהייסען זיך אָנשפּארען אויף דער רעכטער האַנט, דאָס געלט איז געלעגען לעבען פּריץ, דאַן האָט ער צוטיילט די פּויערים אויף צוויי חלקים, אַזוי דאָס עס זאָל זיין אַן אָפענער וועג. ער איז צוגעקומען צו דער שוועל און פּאַמעלאַך, ווי אַ קאַץ, האָט ער זיך אריינגעשאַרט, איז צוגעקומען צום פּריץ און ארויפגעלעגט זיין האַנט אויפ'ן געלט.

— האָב איך ארויפגעלעגט די האַנט אויפ'ן טייסטער און זיך גענומען אָפּטראָגען, אָט אַזוי, און . . .

— און אין דערזעלבער רגע איז שנייערל ווידער פאַרשוואונ־דען מיט'ן טייסטער. ער איז געלם געוואָרען, אַזוי ווי די ערד וואָלט איהם איינגעשלונגען. — — —

מיר האָבען אויפ'ן אַלטען געקוקט מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס; ער האָט אונז באַטראַכט מיט אַ ביטערען שמייכעל.

— נו, ווי געפעלט אייך אַזאַ גנב? אדרבה, ווער האָט באַ־וויזען גרעסערע קונצען און ווער האָט געהאַט מעהר מענשליכקייט, יושר — אייערע, די איצטיגע גנבים, אָדער יענער, שנייערל, הא?

אין דעם אַלטען'ס קול האָט געקלונגען נצחון, און מיר אַלע זיינען געבליבען מיט אראָפּגעלאָזט קעפּ.

# אויפ׳ן שלאַכטפעלד

## 1.

ווי נאָר די ראָטע האָט פארנומען דעם אָרט געגען פיינט, ווי נאָר עס האָט אָפּגעהילכט אין דער לופט די האַרטע קלינגענדע שטימע פון ראָטנעם: „פּלי!" (שיס) — האָט זיך פאַר אַנדריי אונגליטש אַלעם געענדיגט, ווי אַ שלייער וואָלט זיך פאַר זיינע אויגען אַראָפּגעלאָזט און האָט אַלעם פארשטעלט. אָפּגערוקט אָן אַ זייט איז געוואָרען דאָס אַלץ וואָס האָט אין זיין לעבען אַזאַ וויכטיגען אָרט פארנומען. עס איז קיין סימן ניט געבליבען פון בענקשאַפט, מידקייט, שרעק און הונגער, פון שרעקליכען הונגער, וואָס האָט איהם אַזוי געמאַטערט די לעצטע טעג.

די ראָטע איז געלעגען אויף דער ערד אין אַ לאַנגער שורה און אָט דער ריח פון דער פרישער ערד, צו וועלכער מען איז גע־לעגען אַזוי צוגעטוליעט מיט׳ן ברוסט, האָט אין אַנדריי׳ס נשמה אַריינגעגאָסען אַ שטראָם פרישען לעבען. אַ לייכטער שמייכעל האָט אַריבערגעשוועבט איבער זיין פנים. איין מאָמענט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס אַלץ איז נאָר אַ חלום, אַז אין דער אמת׳ען איז עס דאָס פעלד פאַר׳ן דאָרף. ער איז נאָך אַ קליין איינגעל און צוזאַמען מיט די חברים וואַרעמט מען זיך דאָס אויפ׳ן זון. אָבער באַלד איז דער געדאַנק פארשוואונדען ווי אַן איבערגע־שראָקענער פויגעל. אין האַרצען האָט איהם צונויפגעדריקט. ערגעץ, דאָרט טיף האָט זיך אַ קנויל אויפגעהויבען און צוזאַמענגע־דריקט דאָס האַלז. די אויגען זיינען פארלאָפען מיט טרעהרען און כדי דאָס צו דערשטיקען אין זיך האָט ער זיך אין געדאַנק עטליכע מאָל איבערגע׳צלמ׳ט.

ווייט אויפ׳ן האָריזאָנט אין דער רעכטער זייט האָט זיך גע־

צויגען אַ וואָלקען רויך און אַ דומפּפער דונערן האָט זיך געטראָגען וואָס האָט די גאַנצע געגענד אָנגעפילט מיט רויש און שטורם. דאָס האָבען געאַרבייט די האַרמאַטען און כאָטש דאָס איז געווען ווייט הינטער׳ן געדיכטען וואַלד, האָט זיך זייער אַנוועזענהייט געפיהלט און דאָס האָט געמאַכט ביי אַנדרייען דאָס האַרץ שטאַרקער צאַפּלען.

געזעהן דעם פּיינט האָט מען ניט, נאָר פון ווייטען, פון דער מילדער בלויקייט, פון הינטער דעם בערגעל, וואָס איז געווען איינגעוויקעלט אין זונען־שיין, האָט זיך געפיהלט, האָט ער געלויערט מיט טויזענדער אויגען, שאַרפע, שטעכיגע, אַזוי ווי שפּיזען.

* * *

פון הינטער׳ן בערגעל האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ אָפטער גענומען טראָגען אַ שטילער סוויסטשען, אַזוי ווי דאָס זשומען פון אַ פליג. יעדעס מאָל וואָס אַנדריי האָט געפיהלט נאָהענט צו זיך אָט דעם זשומען, האָט ער אַ ציטער געטאָן, ווייל ער האָט געוואוסט זיכער: „טרעפט דיר אַזאַ אין שטערען אָדער אין האַרצען, און דו ביזט ניטאָ״. און כאָטש עס איז געווען שווער זיך פאַרצושטעלען ווי אַזוי דאָס קאָן זיין האָט עס איהם דאָך געשראָקען און כדי דאָס צו פאַרטרייבען האָט ער מיט חשק גענומען דריקען אָפטער דאָס הענטעל פון ביקס, אַוועקשיקענדיג אַהין דעם זעלבען ענטפער, אויך אַזאַ בייזען, אַזאַ שטיל פייפענדען.

אַנדריי איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין דער אַרבייט, אַז ער האָט נאָר ניט באַמערקט די אַלע, וואָס ליגען דאָ נעבען איהם, אַקסעל צו אַקסעל, ווייל אַלע האָבען געשוויגען. קיינער האָט ניט אַרויסגעלאָזט קיין קלאַנג, גלייך ווי דער שטילשווייגען וואָלט דאָס וויכטיגסטע פון דער אַרבייט געווען. די שטילקייט האָט אָבער אָנגעיאָגט אַן אומרוה; פיהלסט זיך אַזוי, ווי דו וואָלסט געווען אַליין, אין גאַנצען אַליין צווישען אַ שרעקליכען פיינד אין אַ פרעמדער פיינדליכער געגענד. און ווייל די געפאַהר האָט דאָ געשוועבט אַרום און אַרום, האָט געלויערט פון אַלע זייטען, האָט געקוקט מיט בלוטדורשטיגע אויגען פון אַלע ווינקלאַך, האָט זיך אַזוי געגלוסט זיין נאָהענט, זיך צודריקען צו אַ פריינט, כאָטש הערען אַ מענשליך

קול. א פארשטיינערטע שטילקייט האָט זיך אָבער געהאַלטען ארום דער גרויסער לויערענדער מענשען־מאַסע, א טויטע שטילקייט, וואָס האָט ביסלאַכוויז געמאַכט ציטערען די נשמה, האָט אָנגעיאָגט א ווילדע שרעק.

און די צייט האָט זיך געשלעפּט, אויסגעצויגען לאַנג. אַלץ ארום איז אזוי ווי פארגליווערט געוואָרען אויף אַן אָרט. דיזעלבע זון, דערזעלבער בלויער הימעל און דאָס אונאויפהערליכע סוויס־טשען און דאָס דונערען און קראַכען פון די האַרמאַטען, וואָס מאַכט ציטערען די ערד.

* * *

עס האָט זיך דערהערט א זיפץ, אזוי ווי א מענש, וואָס איז א צייט אין חלשות געלעגען און האָט פּלוצלונג א טיפען אָטעם געטאָן. אָט דער מענשליכער קלאַנג האָט אַנדרייען ווי א דונער געטראָפען; עס האָט איהם אין גאַנצען אויפגעשוידערט. מיט איבערמענשליכע קרעפטען האָט ער זיך איינגעהאַלטען ניט אויסצושרייען הויך אויפ'ן קול.

ער האָט געוואָרפען א זייטיגען בליק און האָט באַמערקט, אַז איוואַן, דער חבר זיינער איוואַן, ליגט עפּעס מאָדנע — איין האַנט מיט'ן ביקס איז אויסגעצויגען, אזוי ווי ער וואָלט געהאַלטען אין שווימען; די צווייטע האַנט איז געלעגען איבערגעדרעהט אונטער'ן קערפּער, די אויגען זיינען געווען פאַרמאַכט, פון שטערען איז גערונען א קליין שטראָמעלע בלוט. „ער איז טויט!" — האָט זיך ביי אַנדרייען ארויסגעריסען א כריפּ, און גלייך איז איהם א קליין גרין פייער'ל פאַר די אויגען אויסגעוואַקסען, דער קנויל אונטער'ן האַרצען האָט זיך א ריהר געטאָן און מיט אַלע כחות האָט ער גע־נומען דריקען דאָס הענטעל פון ביקס אוועקשיקענדיג מיט א היל־כיגען קלאַפּ רויטע גליהענדע קוילען.

מיט א פייערדיגען בלוט־פאַרלאָפענעם בליק האָט ער נעקוקט אין דער וויטער בלויקייט. ער האָט געזוכט איינעם, כאָטש איינעם טרעפען, אוועקלעגען, און זעהן ווי ער צאַפּעלט זיך, וואַרפט זיך און בלוט רינט, א גאַנצער שטראָם בלוט. נאָר קיינער האָט זיך ניט געזעהן. דער בערגעל איז נאָך אַלץ געשטאַנען א באַלויכטע־נער, א שטראַהלענדער, קוקענדיג אַנטקעגען מיט חזק, מיט שפּאָט,

באהאלטענדיג אונטער זיין דיקער פלייצע יענע פרעמדע בייזע פיינט.

* * *

וואס ווייטער איז דאס קרעכצען ארום אנדרייען געווארען אלץ אפטער. דא און דארט זיינען געלעגען מענשען, די פנים'ער איינגעגראבען אין דער ערד, און זיך געקארטשעט, געשווידערט פון וועהטאג. דאס אלץ האט ער געזעהן ווייליענווייז, א רגע נאר, אזוי ווי אהן באוואוסטזיין, און באלד איז דאס ווייטער פארשוואונדען פון אויג. נאר איין זאך האט געגריבעלט אין מארך: וואס גיכער גע־פינען דעם פיינט, זעהן איהם, דעם וואס לויערט דארט ערגעץ אזוי כיטרע, אזוי בייז.

אין דער לופט האבען זיך אנגעהויבען אנזאמלען מענשליכע שטימען. עפעס האבען איינינע געערדט, געבעטען זיך און געביי־זערט. נאר דאס האט ניט געטרייסט און ניט בארוהיגט. פאר־קעהרט, פון יעדען ווארט, פון יעדען זיפץ האט ער אלץ מעהר אויפ־געשווידערט און עס האט זיך געוואלט, אז עס זאל ווייטער זיין שטיל, טויט־שטיל.

* * *

מיט אמאל האט עס אנדרייען א צופ געטאן אין הארצען, א פרייד האט איהם ארומגעכאפט. עפעס וואונדערבארעס, פלוצ־ליכעם האט פאסירט, און ווי פון א שטארקער קראפט געשטויסען איז ער אויפגעשפרונגען אויף די פיס.

עטוואס שווערעס, גרויסעס האט א שוועב געטאן אין דער לופט און געטראפען אין בערגעל מיט א טעמפען זעץ. א גאנצער וואלקען פון רויך און שטויב האט זיך אויפגעהויבען און האט פאר־שטעלט די זון. באלד איז אנגעקומען א צווייטע און א דריטע און דאס איינענע געטאן. א ווילדער געשריי האט זיך פון הונדער־טער הערצער ארויסגעריסען, האט זיך א הויב געטאן אין דער לופט און איז צוזאמענגעגאסען געווארען מיט'ן דומפען דונערען פון די הארמאטען און אז עס האט זיך אויסגעלייטערט, האבען אלע דער־זעהן, אז פון בערגעל איז קיין סימן ניט געבליבען. גלייך ווי ער וואלט אויף דער וועלט ניט געוועזן, און דארט האט עפעס זיך אנ־געהויבען צו ריהרען. מען איז דארט געלאפען, געשפרונגען היין

און צוריק. און מאָדנע קלייניקע האָבען זיי אויסגעזעהן, יענע פרעמדע, וואָס האָבען אזא שרעק אָנגעיאָגט.

און נאָר איין זאַך האָט זיך איצט געוואָלט — שיסען, יאָגען אהין קוילען, וואָס מעהר הייסע, ברענענדיגע קוילען; לעגען זיי ווי די זאַנגען אין פעלד, און אָהן א באַפעהל האָבען זיך אַלע גע־כאַפּט פאַר די ביקסען און אָנגעהויבען אוועקשיקען אין יענער ווייטקייט טויט און פאַרניכטונג.

איינער א דיקער מיט א ווייסען צייכען אויפ'ן אקסעל האָט זיך אַנדרייען געוואָרפען אין די אויגען. פלינק האָט ער א כאַפּ געטאָן דעם ביקס, זיך געצילט און צוזאַמענדריקענדיג די צייהן, ברומענדיג אין זיך, האָט ער אָפּגעפייערט איין מאָל און א צווייטען און ער האָט דייטליך געזעהן ווי יענער איז אונטערגעשפּרונגען, האָט א פאַך געטאָן מיט די הענט, אזוי ווי ער וואָלט זיך געקליבען פליהען, און איז באַלד געפאַלען ווי א קלאָץ.

און געדאַכט האָט זיך אַנדרייען, אז ער זעהט קלאָר, דייטליך דאָס בלוט רינען פון יענעמס שלייף, ווי ער צאַפּעלט זיך און כאָר־כעלט און דאָס האָט איהם גליקליך געמאַכט.

* * *

פון וואַלד איז אָנגעקומען א רייטער, ווי א שטורם האָט ער זיך צוגעטראָגען, האָט א רוף געטאָן דעם ראָטנעם.

— עס איז באַשלאָסען צו נעהמען דעם פונקט מיט שטורם. מאַרשירט באַלד מיט אייערע מענשען.

— ווער האָט געהייסען?

— דאָס איז דער באַפעהל פון גענעראַל.

דער באַראַבאַן האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען הילכיג און רוי־שיג, שיטענדיג א קליינעם דרויב, לויפענדיג און שפּרינגענדיג, דאָ הויך, בייז, באַפעהלענד און דאָ געהיימניספול און בעטענדיג. און יעדער פון די קלעפּ האָט געטראָפען אַנדרייען גלייך אין מאַרך אריין און האָט איהם פאַרשאַפט שמערצען, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט ער געפיהלט ווי אָהן זיין ווילען ציהען זיך איהם אָן די מוסקולען, גלייכען זיך אויס די גלידער, און עס פאַרשווינדט דאָס שרעק און שוואַכקייט. נאָר דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק ווי מיט א האַמער און אין די שלייפען זעצט עס אזוי ווי מען וואָלט מיט א

שטאַרקען פויסט געשלאָגען. פלוצים רייסט זיך דורך אין דער לופט אַ דיין קול'כעל, נאָך גאָר אַ יונגער און אַזאַ פרעמדער, „דער ראָטנער איז גע'הרג'עט"... האָט זיך ביי אנדרייען דורכגעטראָגען אַ געדאַנק, אָבער קיין געפיהל האָט ער ביי איהם ניט ארויסגערופען.

— סמירדנאָ !... בעגאָם—מאַרש !...

* * *

לייכט ווי אַ שטורם טראָגט זיך עס. די קלענסטע אָנשטרענגונג דאַרף אנדריי ניט מאַכען. עס לויפט אַ גאַנצע מחנה. פון אַלע זייטען טראָגט מען זיך, צופוס-געהער און רייטענדע, פון אַלע ווינקאַלאך ציהען זיך שורות און באַהעפטען זיך, מישען זיך אויס, שליסען זיך איין איינע אין די אַנדערע. און מיט ברייטע, שנעלע טריט לויפט מען שפּאַנענדיג איבער שטיינער און גריבער. עס פלאָנטערט זיך אונטער די פים און עס דאַכט זיך, אַז דו שווימסט איבער אַ טייך און די וועלען פארהאַלטען דיך. נאָר אַלץ טרעט אָפּ פאַר דיין קראַפט, אַלץ לעגט זיך פאַר דיין שטומען ווילען. פלוצים האָט עס אויפגעשריען. פונקט אַנקעגען וואו אנדריי'ס ראָטע איז געלאָפען, האָט עס אויפגעדונערט און גרויסע שווערע זאַכען האָבען זיך געטראָגען איבער די קעפּ. פאַלענדיג דאָ פּאָר־אוים, דאָ אָן אַ זייט אויף דער ערד. עס גיט אַ רים אויף, הויבט אויף אַ וואָלקען שטויב, עס פארשיט די אויגען. אָפּט פאַלט עס אריין אין מיטען פון אַ מאַסע מענשען. און עפּעס שרייט אויף מיט אַ יללה.

אָן אַ זייט פון אַ געדיכטען וועלדעל איז געשטאַנען אַ גרויסע מחנה מענשען, אין שוואַרצען, האַלטענדיג די ביקסען אָנ־געשטעלט אין דער לופטען. אנדריי האָט זיי דערזעהן אומגע־ריכט, גאָר אומערוואַרטעט, און כאָטש מען איז נאָך אַלץ געלאָפען האָט ער אָבער די אויגען ניט געקאָנט אראָפּנעמען פון די פרעמדע. ער האָט זיי גוט באַטראַכט, און מאָדנע — אין דעם מאָמענט האָט ער גאָרנישט געפיהלט צו זיי, און וואָלט גאָרנישט געטראָפען אין דער צייט, וואָלט ער געוויס פארבייגעלאָפען די מענשען און זיי וואָלטען אויף איהם קיין איינדרוק ניט געלאָזט.

די פרעמדע אָבער, דערזעהענדיג די פון באַהעלטעניש ארויס־לויפענדע מענגע, האָבען גלייך אָנגעהויבען צו שיסען. אַ גאַנ־

צער האָגעל מיט קוילען האָט זיך א שאָט געטאָן אין אנדריי׳ס
ראָטע, טויטענדיג און פארוואונדענדיג צעהנדליגע מיט אמאָל.

* * *

עס האָט זיך אָנגעהויבען א געשלעג, א ווילדער און א בלוּ־
טיגער. געננוי וואָס עס האָט פּאסירט האָט אנדריי ניט געדענקט.
ער ווייס נאָר, אז אפריהער האָט מען געשאָסען, נאָכדעם האָט
מען גענומען שטעכען מיט די באיאָנעטען, מען האָט זיך געשלאָ־
גען מיט די הענט, געביסען מיט די צייהנער, זיך געגראבעלט אזוי
ווי קליינע קינדער, ארומגענומען און געקייקעלט זיך אויף דער
ערד.

אז מען איז אריבער פון שיסען אויף א געשלעג מיט די באָ־
יאָנעטען, איז אנדרייען אויסגעקומען זיך צו טרעפען מיט א הויי־
כען, דיקען מאַן, מיט מאָדנע לאנגע וואָנצעס, שווארצע ווי קויהל,
און גרויסע ברענענדיגע אויגען. „אַן אָפיציער!" — האָט זיך
איהם דורכגעטראָגען אין געדאנק און ער האָט זיך מיט זיינע
אויגען איינגעגעסען אין יענעם אזוי, ווי ער וואָלט וואָס ניט איז
ערווארטען פון דעם פרעמדען פיינדליכען מענשען. יענער
האָט פלינק אויפגעהויבען די שווערד און זיך פארמאָסטען
איהם אראָפּצולאָזען איבער׳ן שארבען. אנדריי האָט פריהער פאר־
כאַפּט — שנעל האָט ער יענעם דערלאנגט מיט׳ן לינקען זייט פון
ביקס אין בויך. יענער האָט זיך גלייך אראָפּגעזעצט צו דער ערד,
דער פּנים איז איהם מאָמענטאַל געוואָרען בלוי און ער האָט אויסגע־
שטעלט אויף איהם זיינע גרויסע, שווארצע אויגען, אין וועלכע עס
האָט א שיין געטאָן עפּעס ווייכעס, גוטעס, בענקענדיגעס און האר־
ציגעס. דאָס האָט אָבער אנדריי ניט באמערקט. ווי נאָר יענער
איז געזונקען צו דער ערד, האָט ער איהם דערלאנגט א זעץ אין
שארבען מיט׳ן ביקס און געדאכט האָט זיך איהם, אז ער הערט
דעם קלאנג פון א צובראָכענער כלי.

* * *

דער געשלעג האָט זיך געענדיגט מיט א זיעג. דער פיינט
האָט גענומען אָפּטרעטען. מיט אמאָל זיינען די, וואָס האָבען זיך
אזוי מוטיג, מיט אזוי פיל גבורה, געשלאָגען, פארוואנדעלט געוואָ־
רען אין א צושראָקענער סטאדע. זיי האָבען אָנגעהויבען לויפען,

באהערשט פון אַן איבערנאַטירליכען שרעק. פּלוצים זיינען עס געוואָרען אָרימע, אָפּגעלאָזטע, עלענדע מענשעלאַך. אַנדריי'ס ראָטע, פון וועלכער עס איז איצט שוין פאַרבליבען נאָר אַ קליין ביסעל, האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגען נאָך דעם אַנטלויפענדען פיינט, נאָכשיקענדיג איהם אַ האָגעל פון קויהלען און זעהענדיג ווי איינער נאָך דעם אַנדערען פאַלען זיי אונטערגעשאָסענע, האָט זיך פון אַלעמענס הערצער אַ פריידענס-געשריי ארויסגעריסען. זיי האָבען געליאַרעמט, געשפּרונגען, ווי צולאָזטע קליינע קינדער, און אַז מען האָט אַ גוסס'ען פיינט געטראָפען האָט מען איהם נאָך מיט די באַיאָנעטען געשטאָכען, מיט די פיס געטראָטען, און ווייטער זיך געלאָזט לויפען אין דער פרעמדער, אונבאַקאַנטער ווייטקייט...

* * *

די ראָטע איז שטעהן געבליבען פאַר אַ קליין הייפעל הייזער, וואָס זיינען פאַר די אויגען אויסגעוואַקסען פּלוצים, ווי דורך אַ וואונדער. פריהער האָט עס קיינער ניט באַמערקט, און מאָדנע, ווי דאָס האָט ניט געפּאַסט צו אָט דער גאַנצער ארבייט, וואָס דאָ איז איצט אויפגעטאָן געוואָרען. ווי פרעמד עס האָבען געקוקט אָט די רוהיגע, נידריגע, גראַציעזע הייזלאַך אויף די צואווילדעטע, צורייצטע מענשען. פון דאַנען האָט געוועהט מיט פרידען און ליבשאַפט. ווי שעהן די פאַרנאַכטיגע זון האָט זיך געשפּיגעלט אויף די רויטע דעכער און זיך אָפּגעשלאָגען אין די קלייניקע זויבערע פענסטערלאַך.

— וואָס טוט מען איצט? — האָט איינער אַ פרעג געטאָן.

— נעהמען מיט שטורעם.

עס האָט זיך ארויסגערוקט דער יעפרייטאָר, אַ באַוואַקסענער בחור מיט אַן אָנגעשוואָלענעם שוואַרצען פּנים און האָט אַ געשריי געטאָן: ראָטאַ, פּלי!

און באַלד האָט זיך דערהערט אַ בראַזגעריי פון שויבען. נאָר קיין סימן פון לעבען... טויט-שטיל האָט געקוקט די גאַס.

— מען דאַרף עפּעס אַ זוך טאָן, אפשר וועט מען דאָ קריגען וואָס צו עסען. וואָס זאָגסטו, זאַכאַרענקאָ? — האָט זיך איינער געווענדעט צום יעפרייטאָר.

— איך ווייס, מ'האָט געדאַרפט פּרוּוון, נאָר פון דעסט־וועגן זאָל מען זיין פאָרזיכטיג.

* * *

אָפּ'גנב'ענענדיג זיך איינער פון דעם אַנדערען האָבען זיך די סאָלדאַטען מיט די ביקסען אין די הענט צושאָטען איבער די הייזער. יעדער האָט זיך אויסגעקליבען אַ באַזונדער ווינקעל, האָט זיך געהיט דער צווייטער זאָל ניט נאָכגעהן, מען זאָל זיך ניט דאַרפען טיילען מיט'ן רויב.

אַנדריי האָט זיך פאַרנומען לינקס צו אַן אָפּגעזונדערט הייזעל, אַן אַרומגעצאַמטע, מיט אַ שעהנעם געפאַרבטען פּאַרקען. די טירעל איז געווען אָפען און אַ קליין סטעזשקעלע האָט געפיהרט צו אַ הויכער וועראַנדע. אַ קליינע ווייַלע איז ער געבליבען שטעהן, האָט זיך פאָרזיכטיג אַרומגעקוקט, האָט געוואָרפען אַ בליק אין די פענסטער, וואָס האָבען געבלאַנקט פון דער פאַרגעהענדער זון, און זעהענדיג, אַז עס איז ניטאָ פאַר וועמען צו שרעקען זיך, איז ער מיט שנעלע טריט אַריין אין אַ ברייטען, פיין־פאַרפּוצטען צימער.

דאָ איז געשטאַנען אַלץ אויף אַן אָרט, אַזוי ווי די בעלי בתים וואָלטען אַקאָרשט ערשט פון הויז אַרויס. פּראָסטע אָבער שעהנע מעבעל איז געווען אויסגעשטעלט אין אַ גוטער אָרדנונג. אויף דער ערד זיינען געלעגען עטליכע בענדלאַך, האָר־שפּילקעס און נאָך קלייניגקייטען. פּלוצים האָט אַנדריי דערפיהלט אַ צופּ אין האַר־צען: ווייבערשע זאַכען! — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און ווי לעבעדיג האָט זיך פאַר זיינע אויגען אַ טראָג געטאָן דער פּנים פון זיין יונג ווייבעל, און ער האָט אויפגעציטערט...

נאָר דאָס איז באַלד פאַרשוואונדען. עס האָט זיך איהם גע־וואָלט עסען. וואָס שנעלער עסען, קייען, שלינגען...

אין דעם ערשטען צימער איז נאָרנישט געווען. ער האָט זיך פאַרנומען אין צווייטען צימער — אויך גאָרנישט. פּוסט. ער האָט דערפיהלט, אַז דער כעס וואַקסט אין איהם און הויבט זיך אויף פון דאָס ניי, ער האָט אַזש אַ קריץ געטאָן מיט די ציינער. פון נאַס האָט זיך דערטראָגען אַ פרעהליכער געלעכטער. חברה האָבען זיך געריסען עפּעס איבער אַ זאַך. „זיי זיינען שוין זאַט" — האָט ער אַ מורמעל געטאָן.

פּלוצים איז ער אַ פאַרגליווערטער געוואָרען פון שרעק. ער האָט דערהערט אַ שאָרך, אַ קרעכץ, אַ באַוועגונג. עס האָט איהם אַ ברען געטאָן אין מאַרך: אַ פיינט! און מיט'ן ביקס פאָראויס האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין יענער זייט, פון וואַנען דער רויש איז געקומען.

* * *

אין אַ דונקעלען צימער זיינען געשטאַנען צוויי קינדערשע בעטלאַך. מעהר איז דאָרט גאָרנישט געווען. פאָרזיכטיג, אויף די שפּיץ פינגער, האָט ער זיך געשאַרט ביים וואַנט, האַלטענדיג די ביקס גרייט צום שיסען.

אין איינער פון די קינדערשע בעטלאַך האָט זיך עפּעס אַ ריהר געטאָן. ער האָט געוואָרפען אַ בליק אַהין און האָט דערזעהן, אַז דאָרט זיצט אַ קליין קינד, אַ יאָהר צוויי אָדער דריי אַלט. די אויגלאַך ברייט פאַנאַנדערגעעפענט, ווילדע פון שרעק, האָבען געקוקט אויף איהם און ווי נאָר ער האָט דעם שוועל איבערגעשפּאַנט, האָט דאָס קינד אַ הארצרייסענדען געשריי געטאָן.

ביי אַנדרייען פון הארצען האָט זיך אויך ארויסגעריסען אַ געשריי:

— סאַשענקאַ!

עס זיינען פאַרבייגעלאָפען אַ פּאָר סעקונדען, אין וועלכעביידע, דער סאָלדאַט און דאָס קינד, האָבען זיך איינגעגעסען איינע אין די אַנדערע מיט די אויגען. אַנדריי האָט דערפיהלט אַ מאָדנע שוואַכקייט, אַ לייכטער שווידער איז איהם דורכגעלאָפען פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט זיך געמוזט אָנהאַלטען אָן וואַנט. סאַשענקאַ, ווי קומט זי אַהער? קאָן דאָס זיין? קאָן דאָס זיין, אַז דאָס אַלץ איז נאָר אַ חלום געווען? וואָס מעהר ער האָט געקוקט אויף דאָס קינד, אַלץ מעהר, אַלץ דייטליכער האָט ער עס דערקאָנט אַלס זיין קליין טעכטערעל...

דאָס קינד האָט אויסגעצויגען רחמנות'דיג די אונטערשטע ליפּעל, האָט אַ כליפּע געטאָן און האָט צו איהם אויסגעשטרעקט איהר הענטעל. אַנדריי, איבערוועלטיגט פון אַ שטאַרקען געפיהל, האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף די קניע און אָנגעשפּארט דעם שטערען אָן דאָס געפלאָכטענע ווענטעל פון בעטעל.

א היבשע ווײַלע איז אזוי פֿאַרבײַגעלאָפֿן. ער האָט נאָר־נישט געדענקט. פֿון קאָפּ איז ארויס יעדער געדאַנק. נאָר גע־דאַכט האָט זיך איהם, אַז ער איז אין דער היים, באַלד וועט זיך עפֿענען די טיר און די ווײַב זײַנע וועט אַרײַן און אַ זאָג טאָן: אנדריושאַ !...

עפּעס ווײַכעס און וואַרימעס האָט ער דערפֿיהלט אויפֿ'ן האַלז. אַ נחת'דיגער שטראָם איז איהם דורכגעלאָפֿען איבער'ן לײַב. ער האָט אויפֿגעהויבען די אויגען און האָט דערזעהן, אַז דאָס קינד שטעהט מיט איין הענטעל אָנהאַלטענדיג זיך אָן ראַנד פֿונ'ם בע־טעל, און מיט דער צווייטער אויף זײַן האַלז.

עס האָט זיך איהם אַ שפּאַר געטאָן טרעהרען, זודיגע, הייסע טרעהרען. טיף אין האַרצען האָט זיך דער קנויל באַוועגט, איז צוגאַנגען און עס איז לײַכטער געוואָרען צו אָטעמען.

— מאַמע, — האָט דאָס קינד געזאָגט, צוטראָגענדיג איהרע בלויע אויגעלאַך צו זײַן פּנים.

— מאַמע, — האָט איהר אנדריי נאָכגעזאָגט מיט אַ וויינענ־דיגען קול, און די טרערען האָבען זיך געהאַלטען אין איין גיסען אי־בער זײַן פֿאַרברענטען פּנים — ניטאָ דײַן מאַמע. מיר זײַנען בײדע עלענדע, הונגעריגע, שוואַכע. ניטאָ די מאַמע.

ער האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט, צוגעטראָגען עס צום פֿענסטער, אַ היבשע ווײַלע עס באַטראַכט.

— איך האָב דאָך אויך אַזאַ קליין מיידעלע ווי דו, און זי האָט אויך אַזעלכע שעהנע אויגעלאַך און אַ ליבינקען מײַלכעלע. איך וועל עס שוין אָבער קיין מאָל ניט זעהן. קיין מאָל ניט, — האָט ער גערעדט מיט אַ שלוכצען.

אויפ'ן גאַס האָבען זיך געהערט שטימען, פֿרעהליכע און זאַטע. עמיצער האָט אַפֿילו אַ לידעל געזונגען.

דאָס קינד איז געלעגען אַ פּאָר'חלש'טע, אָנגעשפּאַרט דאָס בלאָנדע קעפּעל אויף זײַן אַקסעל. עס האָט געשוויגען. נאָר פֿון צײַט צו צײַט האָט עס אַ כליפּע געטאָן.

— שאַ, וויין ניט, מײַן קינד. שלאָף זשע איין; מיר'ן גע־פֿינען דײַן מאַמען. זי וועט דיר אָנקאָרמען און דיר וועט ווידער זײַן גוט, האָט ער געמורמעלט.

אויפ׳ן הויף האָט זיך דערהערט א גערודער. אימיצער איז האסטיג געלאָפען און געוויינט. א פּאָר פון די סאָלדאַ־טען האָבען געשריען, געליארעמט. אנדריי איז מיט׳ן קינד צוגע־גאנגען צום פענסטער זעהן וואָס דאָרט טוט זיך. א פרוי האָט זיך געריסען פון די סאָלדאַטען און האָט ביטער געוויינט, ריידענ־דיג עפּעס אויף אן אונבאקאנטער שפּראך.

— מאַמע, — האָט דאָס קינד א געשריי געטאָן פרעהליך.

— קום צו דער מאַמען, — האָט אנדריי מיט א צופרידענעם פּנים געזאָגט.

אז די פרוי האָט דאָס קינד דערזעהן ביים סאָלדאַט אויף די הענט האָט זי א פּאַטש געטאָן מיט די הענט, זיך אנידערגע־וואָרפען אויף דר׳ערד און גענומען שרייען מיט באנומענע קולות.

— נאַ, נעהם דאָס קינד. עס איז געזונד. זעהסטו, אָט איז עס, — האָט איהר בארוהיגט אנדריי.

די פרוי איז אויפגעשפּרונגען, האָט א כאַפּ געטאָן דאָס קינד אויף די הענט און איז פארשוואונדען הינטער די הייזער.

עס האָט זיך דערטריבען דאָס קלאַפּען פון באראבאַן (פּויק). אן אומרוהיגער געדיכטער דראַב האָט זיך געשאָטען. אלע האָבען זיך געכאַפּט פאר די ביקסען און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג, פון וואנען דאָס פּויקען איז געקומען. קאָנטיג, אז דער פיינט איז נאָהענט און א שלאַכט וועט זיך אָנהויבען...

# די ליאַלקע

## .1

חיים׳ל האָט געעפענט די אויגען און מיט וואונדער אָנגע־
קוקט דעם טאַטען און די מאַמע, וואָס זיינען געזעסען ביים טיש
צוזאַמען מיט עפּעס אַ דיקען אידען מיט אַ שוואַרצער באָרד.
עס איז געווען נאַכט. דער הייננ־לאָמפּ, וואָס ברענט נאָר שבת,
איז געווען אָנגעצונדען און האָט העל באַלויכטען די שטוב. דער
טיש איז געווען באַדעקט מיט אַ קלאָרען טישטוך און עס זיינען
אויף איהם געווען אָנגעשטעלט פיל גוטע זאַכען.

חיים׳ל האָט לאַנג געטראַכט, וואָס דאָ טוט זיך אַזוינס. ער
גערענקט גאַנץ גוט, אַז באַלד נאָך וועטשערע האָבען זיך אַלע
געלעגט שלאָפען. ער האָט אפילו אליין געזעהן ווי דער טאַטע
האָט פאַרלאָשען דעם לאָמפּ און עס איז געוואָרען אַזוי פינסטער,
אַז ער האָט זיך דערשראָקען און האָט איינגעגנורעט דעם קאָפּ אין
קישען. ער האָט זיך געמאַטערט צו באַגרייפען וואָס דאָ איז גע־
שעהן, פון וואַנען האָט זיך עס אהער גענומען פּלוצלונג דער
פרעמדער און פאַרוואָס קוקען עס איהם דער טאַטע און די מאַמע
אין די אויגען אריין מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּען, עפּעס אַזוי
ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט פאַר איהם.

— פּעטער, אפשר וואָלט איהר פאַרבליבען אַ טאָג ביי
אונז? — זאָגט די מאַמע.

— רעד ניט קיין נאַרישקייט! — ענטפערט דער פרעמדער. —
ווי קען איך עס? אַן אַנדערס מאָל, אַז גאָט וועט לאָזען לעבען.

— קומט טאַקע אַמאָל אויף אַ פּאָר טעג צו אונז, פּעטער! —
בעט זיך די מאַמע מיט אונטערטעניגקייט.

און נאָכדעם האָט דער פרעמדער אַ לאַנגע צייט גערעדט
און הויך געלאַכט. זיין דיק, גלאַנציג פּנים האָט געשיינט
פון צופרידענהייט. די גאַנצע שטוב האָט עפּעס מאָדנע אויס־
געזעהן, גאָר אַנדערש ווי אַלע מאָל. עס איז געווען פרעהליך אין

אַלע ווינקעלעך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס הויז איז אָנגע־פילט מיט יום טוב.

געוואָלט האָט חיים'ל אַ רוף טאָן די מאַמע און זי פרעגן, ווער דאָס איז, אָבער ער האָט מורא געהאַט איבערצורייסען דעם פרעהליכען שמועס און האָט געשוויגען.

צום סוף האָט דער פעטער זיך אויפגעהויבען און האָט גע־זאָגט:

— מיין פריידעל האָט געשיקט אַ מתנה פאַר אייער טעכ־טערעל.

— וואָסער טעכטערעל? עס איז גאָר אַ אינגעל, — האָבען דער טאַטע און די מאַמע זיך אָפּגערופען מיט אַ פרעהליכען גע־לעכטער — אַ אינגעל, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר. אַ שאָד וואָס ער שלאָפט; איהר וואָלט געזעהן וואָס פאַר אַ וואויל בחור'ל דאָס איז.

— וואָס רעדט איהר? אַ אינגעל גאָר? טאָ פאַרוואָס האָט זי מיר די גאַנצע צייט גערעדט פון אַ מיידעל? נעהמט זי און קויפט אַ ליאַלקע. אַ שאָד! נאָר מילא, עס וועט צונוץ קומען אַמאָל.

און וואַרפענדיג אַ בליק אויף דער פאַרשעהמטער מאַמען, האָט ער זיך הויך צולאַכט. ער האָט געעפענט אַ גרויסען לע־דערנעם טשעמאָדאַן און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ פּאַפּירען קעסטעלע. ער האָט עס דערלאַנגט דער מאַמען און געזאָגט:

— אָהן שפּאַס, באַהאַלט עס! — און שנעל געזעגענענדיג זיך, איז ער מיט'ן טאַטען אַרויס פון שטוב.

חיים'ל האָט שוין ניט געטראַכט וועגען דעם פרעמדען פעטער. מיט שיינענדיגע אויגען האָט ער געקוקט אויף דעם ווייסען פּאַפּי־רענעם קעסטעלע. עס האָט זיך איהם שרעקליך געוואָלט זעהן וואָס אינוועניג טוט זיך.

— מאַמע! — האָט ער אויסגערופען.

— וואָס איז, מיין קינד? שלאָפסט גאָרניט?

— ניין! וואָס איז דאָרט אין קעסטעלע? ווייז אַהער.

— שלאָף, שלאָף! מאָרגען וועסטו צייט האָבען.

— איך וויל שוין! ווייז! — האָט ער אויסגעשריען און איז אויפגעשפּרונגען פון געלעגער.

— האסט זיך שוין איינגעשפּארט, דו עקשן?

אַז חיים׳ל האָט דערזעהן די ליאַלקע, האָט איהם מאָדנע אַ שווינדעל געטאָן פאַר די אויגען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זי שיינט, לאַכט און פרעהט זיך. איהם גלייך אין פּנים אַריין האָבען געקוקט צוויי טיפע אויגעלאַך, און די האָר האָבען געלויכטען ווי גאָלדענע פעדים. ער האָט צופרידען אַ קוויטש געטאָן און צו־געדריקט די באַק זיינע צו די קאַלטע, גלאַנציגע בעקעלאַך פונ׳ם מיידעלע.

— נו, איצט שלאָף, מיין קינד! — האָט די מאַמע געזאָגט און האָט פאַרלאָשען דעם לאָמפּ.

עס איז געוואָרען פינסטער. אָבער אויפ׳ן הארצען איז איהם געוועזן מאָדנע פרעהלאַך. פאַר איהם איז אַלץ געשטאַנען דאָס מיידעלע מיט די טיפע, פרעהליכע אויגען און מיט דעם ליכטיגען גלאַנציגען פּנים׳ל.

.2

אַ פּאָר טעג האָט זיך חיים׳ל נאָכגעשלעפּט נאָך דער מאַמען און האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען:

— גיב מיר די ליאַלקע! אויף אַ קליין ווײַלינקע, מאַמע!

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט? ווילסט ניט אַנדערש זי צוברעכען?

— איך׳ל ניט צוברעכען. גיב!

— גיב איהם. אַבי זאָל אַ ווײַלע זיין שטיל, — האָט דער טאַטע געזאָגט, — ער האָט מיר שוין פאַרדורעט דעם קאָפּ מיט דער ליאַלקע. אַ נייע אָנשיקעניש!

ער האָט דאָס זייניגע אויסגעפיהרט. מען האָט איהם גע־געבען די ליאַלקע, אָבער די מאַמע האָט שטרענג און בייז דערביי געזאָגט:

— מעהר וועט דיר ניט פעהלען, אַז דו וועסט עס צוברעכען!

ער איז אַריין אין דער מאַמע׳ס ברייטער בעט אויף דער ווייכער פּערענע און דאָרט האָט מען לעבען איהם אַוועקגעלעגט דאָס וואונדער־שעהנע מיידעלע.

אַ לאַנגע צייט האָט חיים׳ל אויף דעם געקוקט און זיך מורא גע־

האָט צוצוריהרען, טאָמער נעהמט עס וויינען. פאַרזיכטיג האָט ער זיך איבערגעבויגען איבער איהר קליין קערפּערל און אריינגעקוקט אין די אויגען, וואָס האָבען געקוקט אַזוי רוהיג אין דער וועלט אריין פאַרביי איהם. זיי זיינען געווען אַזוי טיף, די אויגען, און אַזוי בלוי, אַז עס איז איהם ווארעם געוואָרען אויפ'ן הארצען. מיט ליבשאַפט האָט ער צוגעלעגט זיין באַק צו איהר שנעע־ווייסען בעקעל. די קעלט האָט איהם אַ קיצעל געטאָן און אַ ציטער איז איהם דורכגעלאָפען איבער'ן לייב. מיט רחמנות האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— דיר איז קאַלט?

זי האָט ניט געענטפערט. די אויגען האָט זי אַלץ געהאַלטען אָנגעשטעלט אין דער לופטען און די רויטע ליפּעלאַך זיינען געווען ענג צוזאַמענגעפּרעסט. דאָס האָט איהם אַ ביסעלע פאַרדראָסען. עס האָט זיך איהם גערדאַכט, אַז זי איז ברוגז, אַז זי האַלט זיך גרויס און וויל מיט איהם ניט ריידען.

ער האָט זיך פון איהר אָפּגערוקט און האָט אויך אָנגעשטעלט אַ ברוגז'ן פּנים.

— ווי זי וויל זיך, — האָט ער געטראַכט. — קענטיג, אַ נאַריש מיידעלע. איהר אויף להכעיס וועט ער זיך שפּילען מיט רייזעלען.

אָבער באַלד האָט ער אויף איהר צוריק רחמנות געקראָגען. עס קאָן זיין, אַז זי בייִנקט אַהיים צו דער מאַמען.

— זיי ניט אומעטיג, — האָט ער געזאָגט. — דאָ וועט דיר גוט זיין. מיר וועלען דיך אַלע ליב האָבען און געבען פיינע צאַצקעס.

און זי איז פרעהליכער געוואָרען. ער האָט נאָך אַ מאָל צוגעלעגט די באַק זיינע צו איהר פּנים. איצט איז עס שוין ניט געווען אַזוי קאַלט ווי פריהער. ער האָט זי אַ דריק געטאָן צום הארצען און האָט איהר אריינגערוימט אין אויער:

— איך האָב דיך אַזוי ליב... דו מיך אויך? יאָ, האָסט מיך ליב? איך וועל זיך שוין קיין מאָל מיט רייזעלען ניט שפּילען. זי איז אַ שלעכט מיידעלע. נאָר זי גראַבעלט זיך, בייסט און וויינט. אַלע מיינע צאַצקעס גנב'עט זי אַוועק. דו זאָלסט זיך

מיט איהר אויך ניט שפּילען. א־יאָ, וועסט זיך ניט שפּילען? און שלאָפען וועלען מיר ביידע ביי מיר אין בעטעלע. איך וועל דיר דערצעהלען שעהנע מעשה'לאך וועגען א בן מלך און א בת־מלכה. האָסט ליב מעשה'לאך?... ווי רופט מען דיך?

א וויילע האָט ער געשוויגען. ער האָט געזוכט פאר איהר עפּעס א זעהר שעהנעם נאָמען, און ער האָט געריבענט אויף די פינגער די מיידעלאך, וואָס ער קאָן און האָט געזוכט דעם שעהנסטען נאָמען, אָבער ער האָט ניט געקאָנט געפינען. צום סוף האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער מומע חנה'ס מיידעלע, גאָר א פּיצעלע, ערשט ניט לאַנג געבוירען געוואָרען. זי רופט מען לאה. דער נאָמען איז איהם שטארק געפעלען געוואָרען. מיט א צו־פרידענעם געלעכטער האָט ער א זאָג געטאָן:

— לאה'לע וועל איך דיך רופען. יא, ווילסט הייסען לאה'לע?

און אזוי ווי זי האָט געשוויגען, האָט ער פארשטאַנען, אז זי איז צופרידען מיט'ן נאָמען.

3.

אין שטוב איז געווען שטיל. די מאַמע איז ערגעץ אוועק־געגאַנגען און דער טאַטע איז געזעסען איבער א גמרא און פאר־טיפט געלערענט, אונטערזינגענדיג מיט זיין אויסגעצויגענעם או־מעטיגען נגון. פּלוצים האָט זיך חיים'לען שטארק פארוואָלט עסען. ער האָט אויסגעשריען:

— טאַטע, גיב מיר א שטיקעל ברויט מיט פּוטער!

— ווידער עסען, דו שטיפער איינער? אָקאָרשט האָסטו דאָך געגעסען וואָרעמעס! — ער האָט איהם דערלאַנגט א שטיקעל ברויט.

— און פאר לאה'לען?

— פאר וועלכער לאה'לען?

— פאר איהר.

— דו נאַרעלע, זי איז דאָך ניט קיין לעבעדיגע, זי וויל ניט עסען, — האָט דער טאַטע געזאָגט מיט א שמייכעל, און איהם א קניפּ געטאָן אין באַק.

— זי איז א לעבעדיגע, — האָט חיים'ל געענטפערט מיט

זיכערהייט. — זי האָט מיט מיר גערעדט און זי ווייסט, אַז מען רופט זי לאה׳לע.

— גוט, זאָל זיין אַזוי, אַבי שווייג שטיל.

חיים׳ל האָט אָפּגעבראָכען אַ שטיקעל ברויט און עס צוגעלעגט צו דער ליאַלקע׳ס ליפּען. זי האָט אָבער איהר מויל ניט געעפענט און דאָס ברויט ניט גענומען.

— ביזט נאָך זאַט? האָסט דאָך אַ גאַנצען טאָג ניט געגעסען? — האָט ער צו איהר געזאָגט פאַרוואונדערט.

נאָכ׳ן עסען האָבען זיך איהם גענומען קלעפּען די אויגען. ער האָט אַריבערגעלעגט אַ האַנט אַרום דער ליאַלקע׳ס האַלז, אַזוי ווי ער איז געוואוינט צו טאָן מיט דער מאַמען, ווען זי נעהמט איהם אין מיטען דער נאַכט אַריין צו זיך אין בעט, און איינגעטוליענדיג דאָס פּנים אין די בלויע קליידעלאַך איהרע איז ער באַלד פאַרזונקען אין אַ טיפען שלאָף.

און גע׳חלום׳ט האָט זיך איהם, אַז ער לויפט אויף דער גרינער לאָנקע מיט נאָך אינגעלאַך. מען האַלט זיך איינער פאַר׳ן אַנדערען און מען יאָגט זיך פייל פון בויגען. אָט איז דער גרינער וואַלד מיט די הויכע דיקע ביימער. דאָרט אינוועניג איז פינסטער און קאַלט. ווען לויפען דאָרט אַרום און צורייסען אַלעמען וואָס געהען אַהין אַריין. ער דערשרעקט זיך און וויל פאַרביילויפען, שלעפּט איהם רייזעלע פאַר אַ האַנט אַהין אין דער פינסטערניש אַריין; וויל ער ניט געהן, ער שפּאַרט זיך איין, אָבער זי שלעפּט איהם אַלץ ווייטער און ווייטער. פּלוצים גיט ער אַ כאַפּ רייזעלען פאַר די האָר און וואַרפט זי אַנידער אויף דר׳ערד. זיי נעהמען זיך ביידע ראַנגלען. זי גראַבעלט איהם דאָס פּנים און בייסט איהם די הענט. ער ווערט שטאַרק אין כעס און גיט איהר אַ קלאַפּ גלייך אין דער נאָז אַריין. זי בלייבט ליגען שטיל, מיט אויסגע־שפּרייטע הענט און אָפענע אויגען וואָס קוקען אין דער הויך צום הימעל.

— זי איז טויט! האָסט זי דער׳הרג׳עט! ביזט אַ גזלן! — שעפּטשעט איהם אימיצער אין אויער אַריין.

— ביזט אַ גזלן, אַ רוצח! — שרייט איבער איהם עפּעס אַ קול.

א צושראָקענער עפענט ער די אויגען און זעהט ווי די מאַמע שטעהט איבער איהר און מיט טרעהרען אין די אויגען רעדט זי צו איהם:

— וואָס האָסטו געטאָן? האָסט דאָך עס צובראָכען!

.4

אין איין רגע האָט חיים'ל דערזעהן און באַגריפען דעם חורבן וואָס ער האָט אָנגעמאַכט. די ליאַלקע איז געלעגען נעבען איהם. פון איהר האַלז האָבען ארויסגעשטאַרצט לאַנגע פערדישע האָר און דער קאָפּ איז ניט געווען. ער איז ערגעץ פארפאַלען געוואָרען.

— קריך ארונטער אונטער'ן בעט, נעהם ארויס דעם קאָפּ! — האָט איהם די מאַמע געזאָגט.

וואָס קאָפּ, ווען קאָפּ? שטיקלאַך, ברעקלאַך פאַרצעליי האָט ער ארויסגענומען. ער האָט אפילו ניט דערקענט וואו די אויגען זיינען געווען.

— וואַרט, דער טאַטע וועט קומען, וועט ער דיר שוין באַצאָהלען, — האָט איהם די מאַמע געסטראַשעט.

פאר'ן טאַטען האָט ער אפילו ניט קיין מורא, אָבער שרעקליך אומעטיג איז דאָך. זיי פארשטעהען ניט, אז דאָס איז ניט געווען קיין טויטע ליאַלקע. ער ווייס ביי זיך זיכער, אז זי האָט געלעבט און האָט אַלץ פארשטאַנען וואָס ער רעדט צו איהר, און זי האָט איהם אזוי ליב געהאַט, זי האָט זיך אזוי לאַשטשענד צוגעדריקט צו זיין האַרצען... און ער האָט זי דער'הרג'עט.

* * *

קוים מיט צרות האָט איהם די מאַמע איינגענומען.

— מיר וועלען שרייבען צום פעטער ער זאָל קומען נאָך אַ מאָל און דענסטמאָל וועט ער דיר ברענגען אַן אמת־שעהנע צאַצקע, אַ שטאַרקע ניט קיין פאַרצעלייענע. וועסט זעהן וואָס ער וועט דיר ברענגען.

אָבער חיים'ל פיהלט, אז קיין מאָל וועט ער שוין ניט האָבען אזא גוטען פריינד ווי די קליינע לאַה'לע איז צו איהם געווען. אַלע ווייַלע פארלויפען איהם די אויגען פון דאָס ניי מיט טרעהרען און ער ברעכט אויס אין אַ הויכען געוויין איבער דעם קורצען פארשוואונדענעם גליק זיינעם.

# איינער צופיל

דאָס איז געווען דער ערשטער ויכוח צווישען מיר און מיין יונגער ווייבעל: דעם ערשטען מאָל זינט אונזער באַקאַנטשאַפט, אונזער הייסער ליבע, זיינען מיר זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין אונזערע מיינונגען; ניט ערנסט, חלילה, ניט געקריגט זיך, נאָר גלאַט אַזוי, כמעט אויף שפּאַס, האָבען מיר זיך צואוואָרטעלט. איבער אַ דירה איז דאָס געווען: איך האָב געזאָגט, עס איז גענוג דריי חדרים, זי — אַז עס איז נויטיג פיר, נאָר פיר צימערען.

די פראַגע וועגען אַ דירה איז צו אונז געקומען פּלוצלונג. די גאַנצע צייט ביז דער חתונה האָבען מיר זיך אפילו ניט פאַרקלעהרט אויף אַ מינוט, וואו מיר וועלען וואוינען. אונז האָט זיך געדאַכט אַז די גאַנצע וועלט איז אונזערס. אויב עס האָט זיך יע געמאָלען אין פאַנטאַזיע אַ היים פאַר אונז, איז דאָס נאָר געווען אַ חלום. עפּעס אַ פּאַלאַץ, מיט הונדערט צימערען, ראָזעווע ווענט און גאָלדענע בעטען; אָדער גאָר אַ קליין, אָפּגעזונדערט הייזעל, ערגעץ אין אַ וואַלד, וואו מיר ביידע וועלען זיין אַליין, פאַרזינקען אין איבעריגען גליק.

נאָך דער חתונה האָבען מיר אָבער דערפיהלט, אַז וואוינען אין דעם ענגען צימערל ביי איהר שוועסטער אויפ'ן פינפטען שטאָק, איז קיין פּלאַן ניט; מען מוז האָבען אַ היים, און מיר האָבען זיך גענומען מישב זיין.

— פאַרשטעה־זשע, ראָזע, צו וואָס דאַרפען מיר אַ גרויסע דירה? איז דען ניט גענוג דריי חדרים? ווייסט דאָך, ווי טייער עס קאָסט אַ וואוינונג אין אַן אַנשטענדיגער געגענד; און אונזערע פאַרדינסטען זיינען דאָך ניט גאָט ווייס ווי גרויס.

— ניין, מאַקס, מיר'ן ניט אומגליקליך ווערען. וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס דריי צימערען? טאָמער קומט אַמאָל ווער ניט איז,

וועט דאָך ניט זיין וואו אהינצוטאָן, און מיר קענען זיך דאָך געבען אַן עצה, מיר'ן אריינגעהמען אַ מענשען.

— ווי, אַ באָרדער, אַ פרעמדען מענשען אין שטוב, דו זאָלסט דארפען ארבייטען פאַר איהם? — האָב איך אויסגעשריען אויסער זיך. — ניין, ראָזע, פאָלג בעסער מיר, זאָל זיין ווי איך זאָג.

אויסגעפיהרט האָט זי. מיר'ן זיך דאָך, אין דער אמת'ען, ניט געהן קריגען צוליב אַזא נארישקייט. קריגען זיך? נאָט מיינער! איך און זי זאָלען זיך קריגען, נאָך די אַלע הייסע, פייערדיגע פאַר־שפּרעכונגען, לאַסקעס און ליבע, קריגען? אויסער דעם איז מיר געפעלען געוואָרען איהר כאראקטער: ביז דעם מאָמענט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי קאָן נאָר היים קושען, צערטליך ליבען. דאָ האָב איך ערשט דערזעהן, אַז זי האָט איהר איינענע מיינונג, אַז זי איז ניט קיין שמאַטקע. און דאָס האָט מיך אַזוי געפרעהט.

* * *

איינמאָל, קומענדיג פון דער ארבייט, האָב איך דערזעהן, אַז דער צעטעל, וואָס האָט געמאָלדען וועגען אונזער צימער, איז פאַר־שוואונדען. די האַרץ מיינע האָט אין מיר אַ צאַפּעל געטאָן פאַר פרייד. הייסט דאָס, אַז אימיצער האָט זיך דאָך אָפּגעזוכט. די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבען געוואוינט אין אונזער נייער דירה, האָט מיר אַ מאָדנער, אונאַנגענעהמער געפיהל געפּלאַגט: קיינער וועט ביי אונז ניט וואוינען; מען ווייס, אַז מיר זיינען אָרים און אַז קיין גוטעס קען מען ביי אונז ניט ערוואַרטען. עפּעס האָב איך געפיהלט, ווי דער שטאָלץ מיינער איז אָנגעגריפען; מיר האָט עס וועה געטאָן, און געדאַכט האָט זיך מיר, דאָס וועט עס קומט אימי־צער און נעהמט צו דעם צימער אפילו אומזיסט, וואָלט איך אויך צופרידען געוועזן. און אָט איצט שטעה איך פאַר'ן אריינגאַנג פון דער הויז, וואו איך וואוין, און ווייס אויף זיכער, אַז אימיצער איז דאָ, אויף זיכער ווייס איך עס. אָבער אין דערזעלבער רגע האָט מיר אַ צווייטער געדאַנק באַהערשט און צוגעדריקט: הייסט דאָס אַז איצט וועלען מיר שוין ניט זיין אַליין, אימיצער וועט, פּונקט אַזוי ווי איך, האָבען אַ רעכט דאָרט זיך פאַנאַנדערצולעגען, ארומ־שפּאַצירען פראַנק און פריי. דער געדאַנק האָט מיך געטראָפען פּלוצלונג. ער האָט מיך ארומגענומען, ווי מיט אַ קאַלטער האַנט.

די עטליכע וואָכען, וואָס מיר האָבען געוואוינט אין אונזער דירה אליין, אין די פיר גרויסע, שעהנע חדרים, האָב איך זיך גע־פיהלט גליקליך; אליין בין איך געווען מיט מיין ראָזע׳ן פון קיינעם ניט געשטערט, פראנק און פריי. גאָט מיינער וו יגליקליך מיר זיי־נען געווען, ווי שטיפעריש. אמת׳ע קינדער! און איצט האָט זיך עס אלע געענדיגט. מיר האָט זיך געדאכט, ווי עמיצער א פרעמדער האָט זיך אריינגעריסען און פאריאָגט די ליבליכע ווארימקייט. איך האָב זיך געפיהלט, אזוי ווי איך וואָלט ניט צו זיך, נאָר צו א פרעמ־דען געגאנגען. פאר דער טיר מיינער בין איך געבליבען שטעהן אומענטשלאָסען. איך האָב צוגעלעגט דעם אויער און א ווייל־ע געהאָרכט. עס איז, דאכט זיך, שטיל. א געדאנק איז מיר דורכ־געלאָפען, א ווילדער געדאנק:

— נעהמען און אוועקגעהן, פארשווינדען.

דאָס איז, ווי א בליץ, דורכגעפלויגען מיין מארך און איז פארשוואונדען. מיט שרעק האָב איך זיך גענומען פאר׳ן הענטעל פון טיר.

ביים טיש, אין פאָדער־צימער, איז געזעסען א מאַן און פאר־טיפט געלייענט א צייטונג. ביי מיין אריינקומען האָט ער לאנג־זאם אומגעווענדעט זיין פנים און אנגעשטעלט אויף מיר זיין בליק. איך האָב דאָס זעלבע געטאָן. שטום, ניט א דיהר טאָענדיג זיך, ווי א פארגליווערטער, בין איך געבליבען שטעהן ביים שוועל, ניט אראָפּנעהמענדיג פון איהם די אויגען. ער איז מיר אויסגעקומען ווילד־פרעמד, עפעס אזוי ווי פון אן אנדער וועלט וואָלט ער אראָפּ־געפאלען. מיר האָט זיך געדאכט, אז איך האָב אזא נפש קיין מאָל ניט געזעהן. איך האָב זיך אויף אזוי פיל פארלאָרען, אז ווען למשל ער גיט מיר א פרעג: „פעטער, ווען זוכט איהר?“ — איז אָסור אויב איך וואָלט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. דאָס איז געווען א דיקליכער מאַן, מיט א ברייטען פנים, מיט א פלא־טשיגער נאָז און קליינע טיפע, אין קאָפּ אריינגעזעצט אויגעלאך. ער איז שוין געווען ניט קיין יונגער, באשטימט איבער די דריי־סיגער.

איך האָב זיך געכאפּט, אז די עטיקעטע פאָדערט, דאָס איך זאָל איהם באגריסען, וואָרים איך בין דאָך אריינגעקומען. איך

האָב געמאַכט אַן אָנשטרענגונג, אַ שמייכעל געטאָן, זיך העפליך פאַרנייגט און געזאָגט:

— גוד איווינינג, סער.

— גוד איווינינג. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, זיינט איהר מיין בעל הבית, מיסטער לאַטקין. זעהר אנגענעהם אייך צו קענען.

מיר האָבען זיך פריינדליך גערדריקט די הענט און ליבליך גע־שמייכעלט. איך בין ניט זיכער געווען ווער עס איז ביי ועמען אין געסט.

— מאַקס, דו ביזט דאָ? זעה, איך האָב גאָרניט באמערקט, ווי דו ביזט אריינגעקומען, — האָט מיר מיין ראָזע באגעגענט, ארויסקומענדיג פון קיך. איהר לויטערער פּנים מיט'ן קינדערשען, חן'עווודיגען שמייכעלע, האָט געשיינט צופרידען; מעהר ניט, וואָס זי האָט זיך אביסעל געשעהמט. איך האָב געזעהן, אז זי פיהלט זיך ניט פריי. מיט אַן אָוועגט פריהער, אז איך בין אין הויז אריינגעקומען, האָט זי מיר מיט איהרע פּוכקע הענטלאך ביים האַלז ארומגענומען, צוגעדריקט איהר שווארצען קעפּעל צו מיין ברוסט און ארויסגעפּליסטערט:

— מאַקס . . .

איצט האָט זי זיך געהאַלטען אנשטענדיג, רוהיג; און גע־פיהלט האָב איך, אז צווישען מיר און איהר איז עטוואָס דורכגע־לאָפען. און ווידער אַמאָל האָט מיין הארץ זיך צוזאַמענגעדריקט. אונזערע אויגען האָבען זיך באגעגענט; מיר האָט זיך געדאכט, אז זי פיהלט זיך שולדיג, אז זי בעט מיר איבער. איך האָב אַ שמייכעל געטאָן און פרעהליך אויסגערופען:

— עסען, ראָזע. איך וויל עסען. גיכער.

נאָך אַלעמען, האָב איך זיך געטראַכט, איז עס ניט אזוי שלעכט, ווי איך האָב געדענקט, וואָרים פריהער, אז מיר פלעגען שמועסען וועגען דעם פרעמדען אונבאקאנטען, וואָס דאַרף קומען און זיך דאָ באזעצען, האָבען מיר צווישען זיך גערעדט:

— ווער ווייס, וואָס פאַר אַ שלאַק, וואָס פאַר אַ פאַרזעהע־ניש גאָט וועט אונז נאָך צושיקען, — פלעגט זי זאָגען פאַרזאָרגט.

— ווייס איך! וואָס פאַר אַ ביזנעס וועלען מיר מיט איהם

האָבען? ער װעט איבערנעכטיגען און אװעקגעהן. װען װעלען מיר איהם אָנזעהן? — האָב איך זי געטרייסט.

אַזוי האָבען מיר געשמועסט און זיך געטרייסט. אָבער דאָס האַרץ האָט פאָרט געשראָקען: װער װייס, װאָס פאַר א פלאָג עס קען זיך נאָך אָפּרייסען, און בשתיקה האָב איך גענומען אָן איהר, אָן ראָזע'ן, נקמה; איך האָב געטראַכט: נאַ, האַלט זיך מיט איהם! צום סוף האָט אונז דאָך אָפּגעגליקט...

* * *

מיסטער ראָזען — אַזוי האָט מען גערופען אונזער באָרדער — איז געװען א סאָלידער מענש. דער גלאַנץ פון זיינע קליינע, טיפע אױגעלאָך האָט געצייגט גוטסקייט, ליבליכקייט. אויפ'ן ברייטען פּנים איז געװען אויסגעגאָסען א באַזונדער חן, אַזא חן, װאָס מען קען געפינען ביי מענשען, װעלכע האָבען ניט קיין פּרעטענזיעס צו װעלען זיין שעהן און אויסנעהמען ביי יענעם. גיסט א קוק אויף אַזא פּנים, און דו פיהלסט זיך באַלד נאָהענט און פריינדליך, האָסט דעם פולסטען צוטרוי צו איהם.

פון דער דירה איז ער, קענטיג, געװען צופרידען, כאָטש ער האָט דאָס ניט געזאָגט; און איך האָב חושד געװען, אַז דאָס איז דערפאַר, װייל ער האָט מורא, מ'זאָל ביי איהם ניט בעטען א דאָלאַר מעהר אויפ'ן חודש. אָבער דערפאַר האָט ער זיך ניט גע־קאָנט אָפּלויבען פון עסען:

— איהר קאָכט אויסגעצייכענט, מיסעס לאַטקין, — פלעגט ער זאָגען מיט התפעלות, װישענדיג זיך די דיקע, גלאַנציגע מאָרדע.

מיין װייבעל פלעגט װערען רויט פאַר נחת. מען האָט גע־זעהן, אַז דאָס פאַרשאַפט איהר פאַרגעניגען. א מאָדנע פאָלק די װייבער: קיין זאַך פאַרשאַפט זיי ניט אַזוי פיל פרייד, װי װען מען לויבט זייער קאָכען. װי געבילדעט, קלוג, געראָטען זיי זאָלען ניט זיין; װאָס פאַר א גרויסע אייגענשאַפטען זיי זאָלען ניט באַזיצען, װיבאַלד איהר זאָגט, דאָס דער בראַטען שמעקט גוט, אָדער אַז די זופּ איז אַן אַנטיק, װעלען זיי אייך פאַר אַזא קאָמפּלימענט דאַנקבאַר זיין ביז'ן קבר. זיי װעלען פאַר אייך געהן אין פייער און אין װאַסער. עך, װען איך בין א פּראַנט, א בחור, און איך װאָלט זיך געזוכט צוצושאַרען צו א מיסעס, אָסור אויב איך װאָלט

איהר געקויפט פרעזענטען אדער טראקטירט מיט אייז־קרים. „אייער זופּ איז אויסגעצייכענט, הימליש!״ — וואָלט איך איהר געזאָגט ביי יעדען מאָל עסען, און איך בין זיכער, אז זי וואָלט מיט מיר דערפאר אוועק וואוהין די אויגען וואָלטען געטראָגען.

מיין באָרדער האָט פון דער ווייבערשער שוואכקייט, קענטיג, געוואוסט. ער איז געווען, אויב מען קען אזוי זאָגען, א געניטער, א פּראָפעסיאָנעלער באָרדער. ער האָט געוואוסט אלע וועגען און מיטלען, ווי זיך צוצופּאסען, ווי אויסצונוצען. ער איז געווען, קען מען זאָגען, אן אלטער בחור, און, ווי עס איז אלעמען באַ־קאנט, זיינען דאָך די אלטע בחורים גרויסע עגאָאיסטען...

און אז ער איז געווען אן עגאָאיסט, אין דעם בין איך זיכער געווען, וואָרים מען האָט באַדארפט זעהן, מיט וואָס פאר א חשק ער פלעגט עסען: דער גאנצער נפש פלעגט, דאכט זיך, צו־שמאָלצען ווערען פאר נחת; די אויגען פלעגען אויפשיינען, דער פנים זיך אויסלייטערען, ער האָט אזש מיט די ליפּען געטשמאקעט; מיט דער גאנצער נשמה פלעגט ער זיך ארייגלאָזען אין דעם טעלער. ער פלעגט זופּען הויך, מיט א קלאנג, און דערביי שווער אונטערסאָפּען. צייהנער האָט דאָס געהאט שטארקע, אייזערנע, און ער האָט געארבייט מיט זיי, ווי מיט א מיהל; ער פלעגט מיט זיי ביינער צוקייען.

יע, ער איז געווען צופרידען מיט דער דירה, מיט'ן עסען, און האָט געהאלטען אין איין שיטען קאָמפּלימענטען, האָט שטענדיג זיס און ליבליך געשמייכעלט צו ראָזע'ן, אזוי אז עס האָט מיך אָנגעהויבען דערעסען, איבלען. ניט דערפאר, ווייל איך האָב וואָס ניט איז איבערגעטראכט — אָה, דאָס ניט. ווי האָט מיר גאָר אזא מחשבה געקאָנט איינפאלען? דאָס וואָלט נאָר געקאָנט טרעפען מיט איינעם, וואָס ליבט ניט שטארק גענוג די פרוי זיינע און ווערט פון איהר ניט געליבט. ביי מיר אָבער האָט אזא געדאנק ניט געקאָנט קומען כאָטש אויף איין רגע. ראָזע איז פאר מיר געווען משוגע; זי האָט געאָטעמט מיט מיר, גע'חלומ'ט וועגען מיר. דאָס איז דאָך געווען די הייסעסטע, ברענענדיגסטע צייט פון אונ־זער צוזאמענלעבען. דאָס איז דאָך, אין סך הכל, געווען דער צווייטער מאָנאט נאָך אונזער חתונה...

און דאָך האָט מיר געעקעלט און נעאיבעלט פון איהם, כאָטש איך האָב אַליין ניט געוואוסט, פאַרוואָס דאָס איז אזוי. איך האָב זיך ניט געקאָנט אָפּגעבען קיין חשבון, פאַרוואָס מיר איז שווער זיין אנוועזענהייט, וואָרים אין דער אמת'ען איז ער געווען א גאנץ וואוילער, איידעלער מענש. צו מיר איז ער געווען העפליך ביז די לעצטע גרענעצען. אָפט פלעגט ער אונז דערצעהלען אינטערעסאַנטע זאכען וועגען דעם, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, אָדער גאָר לעזען פון א בוך א טשיקאַווע געשיכטע. זיין שטימע איז געווען אַן אנגענעהמע, א ווייכע. זי פלעגט אזש פאַרוויגען, איינגעהמען. און דאָך האָט מיר יעדעס מאָל, שטעהענדיג אויף יענער זייט טיר, ווען איך בין פון דער ארבייט געקומען, אָנגעכאַפּט א שווערע שטימונג. דער באוואוסטזיין, אז ביים אריבערטרעטען דעם שוועל וועט זיך די ערשטע זאך מיר וואַרפען אין די אויגען זיין פלאַטשיגער פנים, די דיקע, קיילעכדיגע פיגורקע, אז ער וועט אויף מיר אָנשטעלען די קליינינקע, טיפע אויגעלאַך, ער וועט נעהמען שמייכלען זיס, אנגענעהם, אונטערטעניג — דאָס אַלץ האָט מיר געדריקט, ווי א שווערע משא; האָט מיר פאַרביטערט דאָס לעבען. איך פלעג בלייבען שטעהן אויף די טרעפּ א פּאָר סעקונדען און קוקען מיט האס אויף דער טיר מיינער! שטענדיג האָט זיך מיר געוואָלט אָפּלעגען, אָפּציהען דאָס אריינגעהן, וואָרים מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אז דאָרט, אינוועניג הערשט א פרעמדע קראַפט, א קאַלטע און א בייזע, וואָס האָט זיך אריינגעריסען, איינגעטשעמעט און וויל ניט אָפּלאָזען. אמאָל, אין די ערשטע טעג נאָך אונזער אריינקלייבען זיך אהער, אז איך בין פון דער ארבייט געקומען, איז די ערשטע זאך געווען, ווי נאָר איך האָב דעם שוועל פון מיין הויז אריבערגעטראָטען, בין איך צוגעגאַנגען צו איהר, איהר ארומגענומען און צוגעדריקט איהר יונגען, וואַרימען קערפּער צו מיין הארצען, געקושט אין די שוואַרצע, לויכטענדע אויגען, און דאַן איז מיר געווארען גוט און פרעהליך. דער טאָג שווערע ארבייט, די אונאַנגענעהמליכקייטען, די מידקייט האָט באַקומען א זין, וואָרים שטעהענדיג נאָך דאָרט, אין דעם ליארם און רויש פון די מאַשינען, א באַנגאָסענער מיט שוויים, האָב איך איין זאך געוואוסט אויף זיכער, אז ערגעצוואו, אויפ'ן דריטען שטאָק רעכטס, איז דאָ א יונג נפש'ל,

וואָס איז מיינס, אין גאַנצען מיינס, און אַז איך וועל אַהיים קומען, וועל איך איהם דריקען צו זיך פעסט, שטאַרק. זי וועט אַרויס־זיפצען נאָר איין וואָרט: „מאַקס”... און עס וועט זיין גוט, פרעה־ליך און פריי. איך וועל האָבען שפּאַס, מיר וועלען שטיפען, ווי קינדער, און קיינער וועט אונז ניט שטערען, ניט קוקען און זיך ניט קרימען; מיר וועלען זיין אַליין, אין גאַנצען אַליין.

אָבער איצט?

אָפטמאָל, ווען איך זיץ ביים טיש און קוק אויף מיין קליין, צאַרט ווייבעלע, וואָס אין שיין פון ליכט דאַכט זיך מיר, אַז זי לויכט — איהרע פעך־שוואַרצע האָר, די אויגען, די בלאַסע, מאַטע בעקלאַך, אַלץ שטראַהלט און וואַרפט פון זיך בונטען ליכט, — ווערט מיין האַרץ אַזש איבערפילט מיט גליק, דער אָטעם פאַר־כאַפּט מיר און איך דערשפּיר, אַז די הויט ציטערט אויף מיר. איין זאַך ווילט זיך מיר נאָר: זי אַ כאַפּ טאָן, אויפהויבען זי, טאַנצען, שפּרינגען, ווי אַ ווילדער.

אָבער צוזאַמען מיט מיר זיצט ער, מיין באָרדער, אַ רוהיגער, אַ זאַטער, אַ צופרידענער; די קליינע, שאַרפע אויגעלאַך זיינען געווענדעט אויף איהר. ער באַטראַכט זי אויפמערקזאַם, לאַנג; און איך שפּיר, ווי אינוועניג דאָרט צאַפּעלט זיך דאָס אַלטע, בחור־שע האַרץ. איך פיהל, אַז אין מאַרך ביי איהם טראָגען זיך, וועבען זיך אַלערליי געדאַנקען, עראינערונגען וועגען ליבע און לאַסקעס, וואָס אויך ער, דער צושוואוּמענער נפש האָט אַמאָל גע־ווים געהאַט.

און דאַן דאַכט זיך מיר, אַז אימיצער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיין גליק, זיך איינגעגעסען מיט שאַרפע, שפּיציגע ציינער, און זויגט, ציהט פון דעם קוואַל, וואָס באַלאַנגט צו מיר, נאָר צו מיר. די פרייד, דער גליק פאַרשווינדט; אַ בייזער, אַן אויפגערעגטער, פאַרלאָז איך מיין פּלאַץ.

איך וויים, אַז ראָזע און ער קוקען זיך איבער פאַרוואונדערט. איהר פּנים באַדעקט זיך מיט אַ לייכטער רויטקייט; זי שעהמט זיך צוליב מיר. דאָס רעגט מיך אויף נאָך מעהר. מיט אַ האַר־טער, בייזער שטימע שריי איך אויס:

— ראָזע, קום אַהער. איך דאַרף דיר עפּעס זאָגען!

זי קומט און קוקט אויף מיר מיט אַ באַהאַלטענעם שרעק. דער כעס פֿאַרשווינדט, איך באַרוהיג זיך און שמייכעל. בלאָזט זי אָבער אָן די ליפּעלאַך, די אויגען פֿינקלען אויף פֿאַר כעס, און שטיל זייהט זי אַרויס פֿון צווישען די צייהנער:

— דו ביזט אונערטרעגליך.

דאַן דרעהט זי זיך אוים און געהט שנעל צוריק אַהין, אויף איהר אָרט, ביים טיש, אַנטקעגען איהם. איך דערהער איהר שטימע:

— איך האָב דאָס געוואָלט זאָגען אַנטקעגען דעם...

איך שעהם זיך צו באַווייזען פֿאַר זיי, און איך דרעה זיך אַרום אין קיך, אין שלאָף־צימער, זינג זיך אונטער'ן נאָז עפּעס אַ לידעל, און איך פֿיהל זיך ווי אַ הונט, וועמען מען האָט פֿון הויז אַרויסגעיאָגט. מיט אַ שווערען געמיט געה איך דאַן צו בעט. אָבער איך ליג לאַנג מיט אָפֿענע אויגען, עס נעהמט מיר ניט קיין שלאָף; דער געוויסען פּלאָגט מיר, און עס ווילט זיך וויינען.

אָפּטמאָל באַפֿאַלט מיר אַ מאָדנער פֿאַרלאַנג: אָט ווי מיר זיצען אַזוי ביים טיש זאָל איך זיך אויפֿהויבען, צוגעהן, זי אַרומנעהמען און געבען איהר אַ שטאַרקען, הילכיגען קוש אויף איהרע רויטע ליפּעלאַך, פֿאַר אָיהם אין די אויגען — ער זאָל עס צוזעהן... און איך פֿיהל, אַז ווען איך טו דאָס איינמאָל, וואָלט די גאַנצע שווערקייט, דער אָנגעזאַמעלטער ווערטאָג און כעס פֿאַר־שוואונדען. איך וואָלט איהם אפשר נאָך דעם ליב באַקומען, ווי אַ ברודער. מיר וואָלט געוואָרען פֿריי און גוט אויף דער נשמה. דערמיט וואָלט איך איהם באַוויזען, אַז אייגענטליך איז די הויז מיינע, אַז אַלץ וואָס דאָ געפֿינט זיך געהערט צו מיר, און אַז ער האָט רעכט נאָר אויף אַ קליין ווינקעלע; אַז איך בין דער בעל־הבית, און ווייטער קיינער ניט. דאָס וואָלט מיך זיכער גליקליך געמאַכט. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טאָן, ווארים עס איז געווען געוואוסט, אַז איך זאָל אָנריהרען איהר האַנט אין זיין אָנוועזענהייט, אַז זי זאָל ווערען בייז, אַז איהר פּנים זאָל זיך באַדעקען מיט אַ רויטקייט, איהרע אויגען זאָלען אָנ־פֿאַנגען פֿינקלען פֿאַר כעס; און ער פֿלעגט, דאַכט זיך, אומעטיג ווערען, ער פֿלעגט זיך צוזאַמען ציהען, דעם קאָפּ אַראָפּלאָזען און

בלייבען זיצען א פארטראכטער. ניין, אין זיין אנוועזענהייט וואלט איך עס קיין מאל ניט געקאנט טאן.

טעג, וואכען, מאנאטען זיינען געלאפען. יעדעס מאל, וואס איך בין פון דער ארבייט געקומען, האב איך איהם שוין געפונען ביים טיש, פארטיפט אין א צייטונג, אדער געמיטליך שמועסענדיג מיט ראזע'ן. זי איז אימער געזעסען מיט א האנט־ארבייט געגען איהם, מיט אראפגעלאזטע אויגען, און אויפמערקזאם גע־הערט זיין רוהיגען, געלאסענעם קול. קענטיג, אז דאס האט איהר פארוויגט און איינגענומען. אויף איהר פנים איז אימער געלעגען א רוהיגער, פרידליכער אויסדרוק.

— ער געהט קיינמאל ניט אוועק? — האב איך איהר א מאל געפרעגט שטילערהייד — פארוואס זיצט ער שטענדיג דא? קען איך שוין אין דער אמת'ען ניט פארבלייבען אליין אין הויז? אין גאנצען זיך פארקויפט צו איהם? — דער גאנצער כעס מיינער האט זיך, דורכגעריסען אין די עטליכע ווערטער, וואס איך האב ארויס־גערעדט מיט א פארשטיקטען אטעם.

זי האט מיר א ווייליע אנגעקוקט פארוואונדערט, א קוועטש געטאן מיט די אקסלען און געענטפערט:

— אוועקגעהן גאר? וואו זאל ער דען געהן? ער איז דאך אן עלענדער, ער האט קיינעם ניט. און איך וויים גלאט ניט, וואס ער שטערט דא אזוי; וואס פאר א בייז טוט ער דיר? מיר איז דאך א חרפה און א שאנדע, ווי דו באנעהמסט זיך צו איהם, עפעס אזוי ווי ער וואלט ביי דיר וואס ניט איז צוגענומען.

— אבער עס מוז דאך נעהמען אמאל א סוף צו דעם. זינט ער איז דא, האב איך נאך קיין איין פרייע מינוט ניט געהאט. מיר דאכט זיך, ווי איך וואלט א פרעמדער געווען; ניט אין מיין אייגענער הויז. נויטיג באדארפט פיר חדרים!

— זייט איכ'ל לעבען זאל איך קיין ערגערען בארדער, ווי דעם, ניט האבען. איך האב נאך אזא דימענטענעם מענשען ניט געזעהן. שטיל ווי א טויב, זיצט נאכאנאנד אויף זיינע ביכער, און וואלסט באדארפט זעהן ווי ער העלפט מיר ארויס, נאר עפעס כאפט ער מיר פון די הענט; ער האט אלץ מורא, עס זאל מיר

ניט זײַן צו שװער, — האָט זי איהם מיט װאַרימקײט און קול געלױבט.

— אַז איך זאָג דיר, דאָס ער איז אַ קינסטלער אַ באַרדער; ער װײס אַלע שטיקלאַך, װי אַזױ זיך צוצושאַרען צו דער מיסים — האָב איך געענטפֿערט מיט אַ בײזען געלעכטער.

זי איז, דאַכט מיר, בלאַס געװאָרען. מיט אַ פֿאַרשטיקטען קול האָט זי אױסגעשריען:

— ער איז עהרליכער פֿון דיר, און דו האָסט קײן רעכט ניט אַזױ צו רעדען װעגען איהם.

— אַזױ, געפֿעלט ער דיר, הײסט דאָס, בעסער װי איך? זאָל דיר זײַן צו געזונט, — האָב איך אַרױסגעברומט און זיך אָפּגע־קעהרט פֿון איהר אַ ברוגז׳ער.

אַ פּאָר טעג האָבען מיר נאָכדעם ניט גערעדט.

* * *

אַמאָל, קומענדיג פֿון דער אַרבײט, בין איך אַ פֿאַרװאונדער־טער געבליבען שטעהן אין מיטען הױז. איך האָב מײנע אױגען ניט געגלױבט. מײן באַרדער איז ניט געװען. עפּעס האָט זיך מיר געדאַכט, װי אין הױז איז ליכטיגער, פֿרעהליכער. איך האָב דערפֿיהלט, אַזױ װי אַ שװערער, געדיכטער װאָלקען, װאָס איז איבער מײן קאָפּ געהאַנגען פּאַר אַ לאַנגער צײט איז פּלוצלונג פֿאַרשװאונדען, און דער בלױער הימעל האָט זיך באַװיזען, אַזױ װי מען װאָלט מיך פֿון תּפֿיסה אַרױסגעלאָזט. איך בין אין קיך אַרײנ־געלאָפֿען, געכאַפּט ראָזע׳ן אױף די הענט, איהר אױפֿגעהױבען אין דער הױך און גענומען מיט איהר שפּרינגען, טאַנצען װי אַ װילדער.

— מאַקס, משוגענער, לאָז מיך אָפּ. װאָס איז מיט דיר? װאָס האָט פּאַסירט? װעסט דאָך מיר דערשטיקען — האָט זי גע־שריען, שטיקענדיג זיך פֿאַר געלעכטער.

— װאָס עס האָט געטראָפֿען? גאָרנישט. גלאַט, עס איז פֿרעהליך אױפ׳ן האַרצען. איך האָב דיר דאָך שױן אַזאַ לאַנגע צײט ניט געקושט.

— אַ לאַנגע צײט? װאָס נאָך װעסטו מיר אײַנרעדען?

— איך מײן אָט אַזױ פֿרײַ און פֿראַנק, װי איצט, ניט באַ־

האַלטעניערהייד. אָבער וואו האָט ער זיך אוועקגעשלעפּט, דער שלימזל'ניק? ער וועט צו סאַפּער אויך ניט זיין?

— זעה, ווי דו רעדסט. אוועקגעשלעפּט זיך! ווי שלעכט דו ביזט. פארגינסט ניט, וואָס יענער לעבט אויף דער וועלט.

— מיך פארדריסט ניט, וואָס ער לעבט, אָבער ער האָט מיר שוין דערעסען. זאָל ער געהן פון דאַנען.

— געהן פון דאַנען! — האָט זי איבערגעקרימט. — וואו זאָל ער געהן? האָסט גאָר קיין רחמנות ניט אויף א מענשען. מיינסט אין דער אמת'ען, אז עס איז גוט צו זיין עלענד אויף דער וועלט. וואָלסט זעהן, ווי אומבאהאָלפען ער איז, קאָן דאָך אפילו זיך קיין קנעפּעל ניט איינגעהען. איך האַלט זיך ביי די זייטען פאר געלעכטער, קוקענדיג ווי ער שוויצט נעבאך און סאָפעט ציהענדיג די נאָדעל מיט'ן פאָדים, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט, גאָט ווייס, וואָס פאר א שווערע ארבייט געטאָן. מיט א פינגערהוט קאָן ער גאָרניט נייהען; מיט די הוילע פינגער שטופּט ער די נאָדעל... כא, כא, כא...

— פאר וואָס האָט ער ניט חתונה?

— געה פרעג איהם, אויב דו ווילסט. פון וואנען זאָל איך וויסען?

לאַנג, אז מיר האָבען אזא פרעהליכען אָוועגט ניט געהאַט. מיר האָבען גערעדט, געשפּאַסט און געשטיפט, ווי קליינע קינדער. מיר האָט זיך געדאכט, אז דאָס ריינע און הייליגע אין אונזער ביידענס לעבען האָט זיך צוריקגעקעהרט.

* * *

איינמאָל, האָב איך אין שטוב אן איבערקעהרעניש געפונען: ראָזע איז מיר אנטקעגען געגאנגען און מיט א פינגער באוויזען, אז איך זאָל זיין שטיל.

— וואָס איז געשעהן? — האָב איך צושראָקען געפרעגט.

— ער האָט פיבער, ער איז קראַנק, ער האָט פון היץ גערעדט. אזא רחמנות... — די ליפּען האָבען ביי איהר געציטערט.

— קראַנק גאָר? — האָב איך זיך געטראכט, און איך האָב דערפיהלט צו איהם גרויס רחמנות. קראַנק זיין איז גאָר עפּעס

אנדערש; איצט איז ער שוין ניט קיין באָרדער, נאָר א חולה, און מען מוז איהם העלפען.

איך בין אריינגעקומען אין זיין חדר׳ל. ער איז געלעגען מיט׳ן פנים צום וואנט, א קליינטשינקער, א שוואכינקער, האָט ער מיר אויסגעוויזען עפעס גאָר ווי א קינד. איך האָב איהם אָנגע־ריהרט דעם שטערען. עס איז געווען הייס, ווי פייער.

אויפ׳ן טישעל איז געווען אָנגעשטעלט מכל המינים: מילך, א סיפאָן סאָדא, א האַלבע גלאָז זאפט און א פלעשעל מעדיצין. איך האָב דאָס באטראכט, און מיר האָט א צופ געטאָן אין האר־צען: דאָס איז דאָך איהר ארבייט, דאָס האָט זי זיך מיט דעם גע׳עסק׳ט; זי, מיין גוטע, ראָזע. וואָס פאַר א דימענט זי איז.

ביים עסען איז געווען שטיל און טרויעריג. אימיצער האָט געפעהלט ביים טיש, און דאָס האָט געמאַכט זיך פיהלען אונהיימ־ליך. איצט האָב איך ערשט דערשפירט, ווי צוגעוואוינט איך בין געוואָרען צו זיין פנים, צו זיין שטילען ווייכען קול.

ראָזע׳ס געזיכט איז געווען בלאַסער, ווי געוועהנליך. בלויע רינגען זיינען געווען ארום איהרע אויגען. זי איז געווען אומע־טיג, אָפּגעלאָזט. די גאנצע צייט האָט זי אפילו אויף מיר קיין קוק ניט געטאָן. איך האָב זיך דערשראָקען. מיר האָט זיך גע־דאכט, אז זי איז אויך קראנק.

— וואָס איז מיט דיר, ראָזע? זעה, ווי דו זעהסט אויס.

— אָך, האָסט באדאַרפט הערען. ער האָט דאָך געוויינט פון היץ, — האָט זי ארויסגערעדט מיט טרעהרען אין קול.

— וואָס האָט דער דאָקטאָר געזאָגט?

— ער ווייס נאָך ניט. מאָרגען וועט ער ווידער זיין.

א צייט זיינען מיר געזעסען שטיל, יעדער פאַרטאָן אין זיינע געדאנקען. עס איז געווען מאָדנע שטיל, אזוי, אז דאָס זשומען פונ׳ם געז האָט זיך געטראָגען הויך און שרייענד. עפעס האָט זיך געדאכט, ווי א בייזער גייסט האָט זיך דאָ ערגעץ פארקליבען אין שיפעט, ווי א בייזע שלאַנג.

דער קראנקער האָט א הויכען קרעכץ געטאָן. ראָזע האָט אויפגעציטערט מיט׳ן גאנצען קערפער און איז שנעל אוועק צו איהם. איך בין איהר נאָכגעגאנגען. זי איז געשטאנען אריבער־

געבויגען איבער איהם און צערטליך, מיט א מוטערליבען קול, געפרעגט:

— ווי פיהלט איהר, מיסטער ראָזען?

ער האָט עטוואָס אונטערגעהויבען דעם קאָפּ און אויף איהר א קוק געטאָן. גאָט מיינער, וויפיל דאנקבארקייט, וויפיל ליבע און צערטליכקייט אין דעם בליק איז געלעגען. אזוי קוקען קאָן נאָר א קראנק, שוואך קינד, ווען ער דערזעהט פלוצלונג דער מאמען.

— א טרונק. מיר ברענט אזוי אין הארצען, — האָט ער ארויסגעכריפּעט.

מיט א געשיקטער באוועגונג האָט זי איהם אויפגעזעצט, ארומגענומען זיין האלז מיט איהר אָרעם און פּאָרזיכטיג איהם געגומען קאָרמענען.

— איך ווייס ניט פארוואָס, נאָר אין דעם מאָמענט האָט זיך מיר געוואָלט צופאלען מיט'ן קאָפּ צו זיין הארצען, איהם ארומ־נעהמען פעסט, ווי א ברודער, און בעטען ענטשולדיגונג פאר דער באציהונג, פאר דעם כעס און פאר'ן גראָבען באנעהמען זיך געגען איהם. אונטער דעם איינדרוק פון די געפיהלען האָט מיר גענומען בייסען אין האלז. נאָך א ווייל, און איך וואָלט זיך צוואויינט אויפ'ן קול. איך בין שנעל ארויסגעלאָפען פון צימער.

שפּעטער, אז ראָזע איז אריינגעקומען מיט פארפלאָמטע באַ־קען און מיט לויכטענדע אויגען, האָב איך זי ארומגענומען, צו־געדריקט צו מיין ברוסט און מיט א ציטעריגער שטימע האָב איך געזאָגט:

— מיין ראָזא, דו ביזט מיר טייערער, ווי דאָס לעבען.

זי האָט איהר פּנים אין מיין ברוסט איינגעגראָבען און שטיל ארויסגעשעפּטשעט:

— אזא רחמנות אויף איהם.

די דאָזיגע נאכט האָבען מיר ביידע מיט קיין אויג ניט צוגע־מאכט.

* * *

די ערשטע צייט נאָך זיין קראנקהייט זיינען מיר אָפּט'נע־זעסען ביי איהם אין חדר'ל. ער איז נאָך געווען שוואך, בלאָס און אויסגעצעהרט; דער פלאָכער פּנים איז איהם געוואָרען שטארק

באװאקסען, װײסע זילבערנע הערעלאַך האָבען דורכגעשײנט פֿון צװישען די נעדיכטע, װי אַ באַרשט אויסגעװאַקסענע, האָר. ער האָט איצט אויסגעקוקט אַ קלײנינקער, אַלטעטשקער; עס איז געװען אַ רחמנות אויף איהם אַ קוק צו טאָן. ראָזע איז אימער געזעסען אויפ׳ן ראַנד פֿון זײן בעטעל, מיט איהרע הענט אויפ׳ן האַרצען פֿאַרלעגט, אויף די ליפּען האָט גערוהט אַ גוטער, האַר־ציגער שמײכעלע; אין איהר בליק האָט זיך געפֿיהלט די טרײ־שאַפֿט פֿון אַ מוטער, װען זי קוקט אויף איהר קינד.

ער איז אָבער געװען פֿרעהליך: ער האָט פֿיל גערעדט, דער־צעהלט װעגען זײן יוגענד, װעגען די אַלטע טאַטע־מאַמע, װעגען דער שטעדטעל, װאָס איז אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זײטען מיט אַ געדיכטען װאַלד, און װעגען דער אָזערע, װאָס איז מורא׳דיג גרױס און ציהט זיך אַװעק פֿאַר מײלען װײט, און װאָס קאָכט, זידט װי טאָג אַזױ נאַכט און װאָס נעהמט צו אַלע יאָהר אַ נפֿש.

אין זײן באַציהונג צו אונז איז געװען עפּעס צערטליכעס, נאָהענטעס. ער האָט אונז, קענטיג, באַטראַכט פֿאַר שטיקלאַך קרובים, פֿאַר נאָהענטע מענשען, װאָס דאַרפֿען הערען די אָהן אַ סוף לאַנגע געשיכטען און ערפֿילען זײנע אַלע פֿאַרלאַנגען.

אין דער צײט פֿון זײן שלאַפֿקײט, אַז ער איז געװען אין היץ, האָט ער זיך געקאַפּריזעט, זיך געבײזערט אויף ראָזע׳ן, װען זי האָט איהם עפּעס ניט דערלאַנגט אַזױ שנעל. איהר האָט עס ניט גע־אַרט. פֿאַרקעהרט, װען זי האָט עס מיר דערצעהלט, האָט זי האַר־ציג געלאַכט.

— דאָס דערמאָנט מיר, װי מײן ברודער, מאָטעל, איז אַמאָל קראַנק געװען. איך פֿלעג זיצען נעבען איהם טאָג און נאַכט. מיר האָבען זיך אַזױ האָלט געהאַט, ער פֿלעגט די אױגען פֿון מיר ניט אַראָפּנעהמען. װען אָבער איך האָב איהם עפּעס ניט אַזױ גיך גע־געבען, װאָס ער האָט געפֿאָדערט, האָט ער געשריען, געברומט און מיר געקנײפּט.

דער גאַנצער עסק, דער טומעל און זאָרג, װאָס זײן קראַנק־הײט האָט אַרײנגעטראָגען בײ אונז אין הױז, איז איהר, דאַכט זיך, געפֿעלען. עפּעס איז זי לעבעדיגער, ענערגישער געװאָרען. איך האָב חושד געװען, אַז דאָ האָט זיך אָפּגערופֿען דער װײבער־

שער חשק צו טאָן אַ מצוה, און איך האָב איהר אין שפּאַס אַמאָל גערופען „גבאי'טע". עס איז אָבער ניט געווען דאָס. זיין עלענד־קייט, זיין אונבאהאָלפענקייט האָט דאָ, קענטיג, געווירקט. און וויבאַלד זי האָט זיך נאָר אין דעם אריינגעטאַנצט, האָט זי שוין פון קיין מאָס ניט געוואוסט, האָט זי געהאַוועט, געשמייעט אָהן אַ ברעג.

דער אונטערטעניגער, שרעקעדיגער אויסדרוק פון זיין פּנים איז פארשוואונדען. ער האָט זיך געפיהלט זיכער, ווי ביי זיך אין דער היים. אָפטמאָל, ווען איך און ראָזע זיינען געזעסען און שטיל געשמועסט, האָט זיך פלוצלונג זיין שטימע דערהערט:

— קומט בעסער אריין אהער צו מיר, עס וועט פרעהליכער זיין.

מיר פלעגען קומען, זיך אוועקזעצען, און ער פלעגט נעהמען דערצעהלען זיינע לאַנגע געשיכטען וועגען חברים און חבר'טעס, וועגען אינגעלשען לעבען, וועגען אַ בארג, וואָס מען האָט גערופען הר אררט, וואו ער מיט אַ קאָמפּאַניע אינגלאַך פלעגען ארויסגעהן באַגעגענען די דאָרפיטע שקצים און פיהרען מיט זיי ביטערע מלחמות.

— אַך, אָט דער באַרג אררט! דאָרט פלעג איך אָפּליגען מיט מיין חבר לייבקע גאַנצע טעג, קוקען אין בלויען הימעל, אויף די ווייסע, שמאָלע וואָלקענס און חלומ'ען, טרוימען וועגען דער ברייטער, וויטער וועלט, וועגען רייכקייט און גליק, וועגען גבורות, העלדענטאַטען. אָבער וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט!

ער ווערט אנשוויגען. אין די אויגען שטעהען טרעהרען. די בלאַסע, צושפּאָלטענע ליפּען ציטערען. ביי ראָזע'ן קייקלען זיך טראָפּענס טרעהרען איבער די ווייסע באַקען. זי וויינט ניט, שלוכצעט ניט, נאָר טרעהרען רינען און רינען. ביי מיר קיצעלט אין האַלז, איך האַלט זיך קוים איין פון וויינען. עס שטעהען אויף בילדער פון מיין היים: איך זעה די לאַנגע, שטילע גאַסען, דעם געדיכטען בולוואַר, אונזער הויז, די פארלאָפענע קינדהייט, די אויף אייביג פארשוואונדענע יוגענד טראָגט זיך פאַר די אויגען, מאָנט און צופּט ביי דער נשמה...

אויסגעצייכענט גוט האָט זיינע מעשיות דערצעהלט אונזער באָרדער.

* * *

נאָר עפּעס פּלעגט ראָזע מיך שלעפּען צום באָרדער:

— אדרבה, מיר'ן פרעגען, וואָס וועט זאָגען מר. ראָזען.

זי האָט איהם געהאַלטען פאַר דעם קליגסטען מענשען אויף דער וועלט. אויב עפּעס וואָס איז איהר ניט פארשטענדליך געווען, איז זי צו איהם געגאַנגען, און ווי ער האָט געזאָגט, אזוי איז דאָס פארבליבען. עס האָט זיך קיינמאָל ביי איהר ניט ערוועקט דער מינדעסטער צווייפעל, טאָמער זאָגט ער ניט ריכטיג, טאָמער רעדט ער נאַרישקייטען. דער שטאַרקסטער באַווייז איז געווען: „מיסטער ראָזען זאָגט אויך אזוי".

נאָר דאָס וואָלט מיר ניט אויסגעמאַכט. איך האָב אָבער באַמערקט, אז אפילו וועגען זאַכען, וואָס זיינען נוגע נאָר אונז, וואָס שטאַמען ארויס פון אונזער ביידענס צוזאַמענלעבען, געטרויט זי איהם אָן, בעראַט זיך מיט איהם. איך האָב זיך אָנגעשטויסען אָן איהר האַלטונג, אז זי פארקלאָגט מיר אָפט פאַר איהם און, פאַרשטעהט זיך, אז איך בין געוועזן דער שולדיגער, דער שלעכטער. ער האָט מיר אפילו אמאָל אזוי פאַרזיכטיג גענומען מוסר זאָגען. דאָס האָט מיר גאָר ארויסגעבראַכט פון די כלים. מיר האָט זיך געדאַכט, ווי עטוואָס, וואָס איז הייליג און פארבאָרגען, האָט אײמיצער אָפּגעדעקט אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט, און גראָבע, שמוציגע הענט האָבען זיך צו דעם צוגעריהרט.

— וואָס דרעהסטו מיר א קאָפּ מיט'ן מיסטער ראָזען! — האָב איך אָפּטמאָל געשריען. — לאָז מיר צורוה; ער האָט מיר שוין אזוי אויך גענוג דערעסען. פאַר די פאָר דאָלאַר א חודש וועט ער מיר נאָך געהן זאָגען מוסר! ס'געהערט אן איינפאַל.

— האָסט מורא, ווייל דו ביזט אומגערעכט. קענסט דאָך קיינמאָל ניט פארטראָגען דעם אמת.

די קריגערייען האָבען זיך אָנגעפאַנגען איבער'חזר'ען וואָס אָפטער. יעדע קליינינקייט האָט איהר אויפגעבראַכט. זי פלעגט זיך פארלירען און אָנהויבען שרייען מיט באַנומענע קולות, דער פּנים פלעגט איהר ווערען רויט און זיך אויסקרימען. עס האָט אָנגענומען אן עקעלהאַפטען אויסדרוק. דאָס איז געווען פאַר מיר ניי. פאַר דער גאַנצער צייט פון אונזער באַקאַנטשאַפט האָב איך

עס אין איהר ניט באמערקט. מיר האָט דאָך אימער געפאַנגען איהר שטילקייט, צערטליכקייט, רוהיגקייט און די אונבאגרענעצטע מילדקייט, און מיט אמאָל, א ווילדער, צוקרימטער פּנים. גאָט מיינער, ווי מיאוס דאָס איז!

אמאָל האָט זי מיר מיט פארצויגענע ליפּעלאך, מיט א פייערל אין די אויגען, א זאָג געטאָן:

— איך וויים, פאר וואָס דו ביזט אזוי בייז אויף מיסטער ראָזען. ער איז געבילדעטער, קליגער פאר דיר; ווען ער הויבט אָן צו רעדען, מוזטו נעבאך זיצען שטום, ווי די וואַנט; דאָס פאַרדריסט דיר. איך האָב דאָס שוין לאַנג געזעהן און פארשטאַנען.

אָט די ווערטער האָבען מיר ווי א דונער געטראָפען. עטוואָס בייזעס, גיפטיגעס האָט זיך צו מיין הארצען צוגעריהרט. איך האָב זיך פארלאָרען, איך האָב פון צווישען די צייהנער ארויסגעזייהט:

— איך שפּיי אויף זיין בילדונג!

— ביזט א גראָבער נפש, א פּראָסטאַק, — איז געווען איהר ענטפער.

א גאנצע נאַכט האָב איך מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט. איך האָב זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער אנדערער; איך האָב געפיהלט, אז דאָס לייב מיינע שטעכט מיר, ווי מיט שפּילקעס; די עטליכע ווערטער האָבען זיך איינגעגעסען אין מיינע געהירן און דאָרט געעגבערט אָהן א סוף. מיר האָט זיך געדאכט, אז עפּעס שרעקליכעס האָט פּאסירט, וואָס האָט מיין גאנצען לעבען צובראָכען, און אז קיין מאָל וועט זיך שוין ניט אומקעהרען דאָס אמאָליגע, די ריינע און צערטליכע באציהונג צווישען אונז.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן יענע מאָמענטען, ווען מיר פלעגען ארומגעהן אין די זייטיגע גאסען, צוגעטוליעטע איינע צו די אַנדערע, שטילע, פארטראכטע און גליקליכע. איך האָב דאָך אין דער אמת'ען געגלויבט, אז אל-דאָס שלעכטע, הארטע און בייזע אין מיין לעבען איז אוועק, פארשוואונדען אויף אייביג, אז א נייע זון האָט פאר מיר גענומען שיינען און צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזט פון דאָס אלעס א טייך, א נאַרישער חלום.

זי האָט דאָך מיר טויזענט מאָל פארזיכערט, אז איך בין דער בעסטער, דער טייערסטער, דאָס איינציגע גליק איהרער; אז זי

װאָלט פאַר מיר מיט פרייד דעם לעבן איהרען אװעקגעגעבען; און דאָ מיט אמאָל בין איך אַ פּראָסטאַק, אַ נאַר, אַ גאָרנישט. — פײַן דערלעבט זיך! — האָב איך אין זיך בײז געלאַכט.

ער, דער אַלטער, צוקראַכענער בחור, מיט דעם אײביג צו־שראָקענעם פּנים, איז קליגער פאַר מיר, מעהר מענש פאַר מיר. דער געדאַנק איז מיר אױסגעקומען אַזױ נײַ אַזױ פרעמד און װילד. איך האָב דאָך קײנמאָל װעגען דעם אפילו ניט אַ טראַכט געטאָן. פאַרקעהרט, װען נאָר איך האָב צו איהם גערעדט, איז אױף מײנע ליפּען געלעגען אַ לײכטער שמײכעלע פון גרינגשעצונג, איך האָב געקוקט אױף איהם פון אױבען אראָפּ, װי אױף אַ קלע־נערען, אַ נידעריגערען. און איך בין זיכער, אַז אױך ער האָט אַזױ געפיהלט. אַז ער האָט מיר עפּעס געזאָגט, ערקלעהרט, איז אױף זײן פּנים געלעגען אַ מין ניט זיכערהײט. און װען, למשל, איך װאָלט איהם אַ זאָג געטאָן, אַז דאָס, װאָס ער ערקלערט מיר, איז נאַריש, ניט ריכטיג, װאָלט ער, דאַכט מיר, עס באַלד צוגעגעבען. און דאָ מיט אַמאָל בין איך דער פּראָסטאַק, און ער דער קלוגער, דער געבילדעטער.

אַנטקעגען מיר איז זי געלעגען, אַריבערגעדעקט מיט'ן קאָלדרע איבער'ן קאָפּ. זי איז רוהיג געשלאָפען, ציהענדיג לײכט דעם אָטעם. פון דער דונקעלקײט אַרױס האָבען זיך אָפּגעשלאָגען איהרע לאַנגע שװאַרצע האָר פון דעם װײסען קישען. איך האָב אױף איהר לאַנג געקוקט און געגראָבען זיך אין די געפיהלען מײנע; און װאָס װײטער בין איך אַלץ מעהר געקומען צום באַװאוסט־זײן אַז זי איז מיר איצט פרעמד און פײנדליך, און װען זי װאָלט, למשל, אַװעקגעהן, פאַרשװינדען, װאָלט מיר גאָרניט װעה געטאָן, גאָרניט. איך װאָלט, דאַכט זיך נאָך צופרידען געװען... אָבער טאַקע אין דעם זעלבען מאָמענט האָב איך זיך גע־זעהן אַלײן, פאַרלאָזען, עלענד, קראַנק און שװאַך. קײנער, קײנער איז נעבען מיר ניטאָ, און פון האַרצען האָט זיך גענומען רײסען אַ יאָמער, אַ שלוכצען.

אָה, װי איך האָב איהם איצט פײנט געהאַט, דעם גראָבען, צושװאָומענעם נפש. איך בין זיכער געװען, אַז װען ער קומט ניט, װען ער רײסט זיך ניט אַרײן אין אונזער לעבען, װאָלט דאָך

אין גאנצען אנדערש געווען. ביז איהם האבען מיר זיך דאך קיינ־מאל מיט קיין ווארט ניט פארביטען. די צייט, וואס מיר זיינען געווען אליין אין הויז, האט זיך מיר ווי א וואונדערליכער חלום געמאלען, און איצט איז אלעס צובראכען.

* * *

ביים אוונט־ברויט בין איך געזעסען שטיל, אנגעצויגען, און ניט אויסגערעדט קיין ווארט. עפעס האט זיך מיר געדאכט, ווי איך וואלט דא איצט א פרעמדער געווען. ראזע און דער באדער האבען געגעסען מיט גרויס אפעטיט: ער האט מיט א כליאבען געזופט, ער האט אזש אונטערגעקרעכצט פאר גרויס נחת; ראזע איז געזעסען פון מיר אפגעקעהרט, אזוי אז איך האב נאר איהר פראפיל געזעהן. דער כעס האט נאך געברענט אין מיין הארצען. איך האב איהר אמת פיינט געהאט. אבער מאדנע, מיך האט שטארק געצויגען יעדע רגע אויף איהר א קוק צו טאן. און גע־דאכט האט זיך מיר, אז זי איז וואונדערליך שעהן: איהר יונגע, דינע פיגורקע, די ווייסע האלז, די פעך־שווארצע האר, די בלאסע, פראכטפאלע באקען האבען געשיינט, געבלישצעט. און צוזאמען מיט'ן כעס האט זיך א צווייטער געפיהל אין הארצען געהויבען: א געפיהל א נחת'דיגער, א ווארימער, וואס האט גערייצט, געוועקט צום לאכען, הויך אויפ'ן קול לאכען. פלוצלונג האט דער באדער עפעס באמערקט. ער האט אנגעשטעלט אויף מיר זיינע קליינע, שווארצע אויגעלאך און זיך פארטראכט: ער איז, דאכט זיך, אפילו אומעטיגער געווארען:

— וואס איז אייך, מיסטער לאטקין? זעהט, ווי בלאס איהר זיינט, און איהר האט דאך עפעס גארניט געגעסען.

זי האט אויף מיר געווארפען א זייטיגען בליק. אונזערע אויגען האבען זיך צוזאמענגעטראפען. זי האט אזש א ציטער געטאן און איז שטארק רויט געווארען. זי האט זיך געמאטערט א שמייכעל צו טאן, אבער דאס האט זיך איהר ניט איינגעגעבען. זי איז, דאכט זיך, געווען שטארק צושראקען. אט די קליינע, שטומע סצענע האט מיך אויפגערעגט, דער גאנצער כעס האט זיך מיט אמאל אויפגעהויבען צו מיין הארצען. איך האב

א שטויס געטאָן דעם טעלער, און מיט א קול פול רציחה האָב איך ארויסגעברומט:

— עס איז דאָך ניט אריבערצוטראָגען.

און האָב האסטיג פארלאָזען דעם טיש.

א ווײלע איז דאָרט שטיל געווען, טויט־שטיל. קיין שאָרך האָט זיך ניט געהערט. איך האָב געוואוסט, אז זיי קוקען זיך ביידע אָן צושראָקענע אויף טויט. אָבער באלד האָט זיך צו מיר דערטראָגען איהר שטימע:

— ער איז משוגע געוואָרען. אנדערש ניט.

און ווייטער האָט זיך גענומען הערען דאָס קלאַפּען מיט די לעפעל און גאָפּעל. ביי מיר האָט דער פנים געפלאמט. איך בין ארומגעלאָפען, ווי א פאר׳סמ׳טער. מיר האָט זיך געדאכט, אז די לופט שטיקט מיר, אז עס איז מיר ענג. מיר האָט זיך געוואָלט אוועק ווייט, ווייט, וואו די אויגען וועלען מיר טראָגען.

אָבער אין דערזעלבער צייט האָט מיר געפלאגט א געפיהל, א געפיהל פון שאנדע. איך האָב געוואוסט, אז איך האנדעל ווי א אינגעל, אז ביידע קוקען אויף מיר ווי אויף אַן אָפּגעריסענעם שוטה. דאָס האָט מיר אין דער ווײלע אזוי וועה געטאָן.

אז איך בין אין בעט געלעגען, איז זי אריינגעקומען. מיין הארץ האָט מיר א שטארקען צאַפּעל געטאָן. מיר האָט אַזש דער אָטעם פארכאפּט. א זיסע ווארימקייט האָט זיך צוגאָסען איבער מיין לייב. איך האָב דאָך אויף דעם מאָמענט געוואַרט מיט מיין גאנצער נשמה. אָבער געמאכט האָב איך זיך, אז איך זעה זי אפילו ניט.

זי האָט זיך געזעצט אויפ׳ן ראַנד פון מיין בעטעל, פארלעגט די הענט אויפ׳ן הארצען און איז אזוי ווי פארגליווערט געוואָרען. איהרע שווארצע אויגען זיינען געווען אָנגעשטעלט אין דער לופ־טען, א פיינליכער געפיהל איז געלעגען אויפ׳ן בלאסען פנים. גאָט מיינער, ווי ליב איך האָב איהר געהאט אין דעם מאָמענט. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אזוי ווי איך וואָלט נאָך א קינד געווען, און אָט זיצט די מאַמע מיינע נעבען מיר, און וועט מיר א מעשה׳לע דערצעהלען. פלוצלונג האָב איך דערשפּירט איהר האנט אויף מיין

שולטער. איך האָב די אויגען פאַרמאַכט כּדי זי זאָל די טרעהרען ניט זעהן...

— מאַקס, וואָס איז מיט דיר? זאָג כאָטש איין וואָרט, — האָט זי ארויסגעפּליסטערט, זיך אריבערבויגענדיג מיט איהר וואַרימען קערפּער איבער מיר.

איך האָב ניט געענטפערט, אָבער מיין הארץ האָט געטאַנצט פאר פרייד.

— מאַקס, גוטינקער מיינער, רייד. מיר איז דאָך אזוי שווער. זאָג כאָטש איין וואָרט. וואָס איז מיט דיר? דו ביזט ניט געזונט, חלילה?

— אָך, ווי אונשולדיג דו ביזט! זי פרעגט נאָך, וואָס מיר איז! — האָב איך מיט כעס ארויסגערעדט. — פריהער באַלייידיגט זי מיר, באַשמוצט מיר, און נאָכדעם קומט זי מיר פרעגען, וואָס מיט מיר איז.

— מאַקס, זעה וואָס דו ביזט. עס איז מיר דאָך א שאַנדע פאר א פרעמדען מענשען.

— א פרעמדער גאָר!? דאַכט זיך, ביזט מיט איהם געהנטער ווי מיט מיר.

— וואָאָאָס? — האָט זי מיר איבערגעפרעגט מיט ברייטפאַנאַנדערגעעפענטע אויגען. — וואָס האָסטו געזאָגט? מיינסט עס טאַקע ערנסט?

— געוויס האָסטו איהם ליבער. וואָרים ווי קען דען אַנדערש זיין? ער איז דאָך א געבילדעטער, א קלוגער, און איך בין א פּראָסטאַק.

זי האָט זיך הויך און הילכיג צולאַכט, איז צוגעפאַלען צו מיין הארצען, האָט מיך פעסט ארומגענומען און מיך באַדעקט מיט הייסע קושען.

* * *

דאָס איז געווען מיין פעסטער פאַרלאַנג: איך וויל ניט קיין באָרדער. מיר האָבען אריבערגעצויגען אין דריי חדרים. אָבער דאָס אַלטע, אַמאָליגע האָט זיך צו אונז מעהר ניט אומגעקעהרט, און מיר שלעפּען א גרויען, אומעטיגען לעבען.

# זיידע און אייניקעל

דער אַלטער זעליג, וואָס איז כל ימיו געווען דער ערשטער, אָנגעזעהענסטער בעל־הבית אין שטעדטעל, איז באַלד ביי זיין אָנקומען אהער אין אמעריקא אזוי ווי פארשטיינערט געווארען. ער, וואָס איז איינגעוואוינט געווען, אַז אין יעדער צרה, אין יעדען אומגליק, וואָס האָט מיט וועמען ניט איז געטראָפען, זאָל מען קומען צו איהם זוכען אַן עצה און אַ טרייסט־וואָרט, איז דאָ פּלוצלונג פארוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אָפּגעלעבטען, נאַרישען אַלטען, וואָס טויג ניט פון דאַנען אהין. אַקוראַט ווי ניט ער האָט דאָס געפיהרט די גרויסע מסחרים; אַקוראַט ווי ניט ער האָט עס געהאַט צו טאָן מיט די רייכסטע פּריצים און סוחרים. טאָמער האָט ער אמאָל דעם זוהן אַ פרעג געטאָן וועגען די געשעפטען, האָט איהם יענער געענטפערט, מיט אזא שמייכעלע, אַז ער האָט חשק געהאַט יענעם גוט אויספּאַטשען... און וואָס איז מכח אידישקייט? ביי דעם געדאַנק גלוסט זיך איהם אי לאַכען, אי וויינען. אידישקייט! און אַ סימן איז דען געבליבען? גוים גמורים, ניט קיין אידען זיינען עס.

— אין דער אמת'ן בין איך אַ שוטה, אַן אָפּגעריסענער נאַר, — טראַכט ער ביי זיך. — זיך איינגערעדט, אַז איך וועל ביד חזקה איינפיהרען ביים זוהן אין הויז כשרות; געמיינט, הפּנים, אַז דאָס איז אין דער היים.

און ער דערמאָנט זיך, אַז טאַקע דעם צווייטען טאָג ווי ער איז געקומען, האָט ער געפּרואווט אריינקוקען אין קיך, ווי אזוי, אַשטייגער, זיי זאַלצען און וויקען דאָס פליש, וואו זיי האַלטען די מילכיגע און פליישיגע כלים. נו, נו, האָט זי עס אַ קוק געטאָן אויף איהם, די שנור, אַז ער האָט קוים געפונען די טיר אויף צוריק. טאָ וואָס האָט ער מעהר געקאָנט טאָן, ווי ניט עסען קיין פליש? לעבט ער שוין טאַקע אַ האַלב יאָהר אויף מילכיגס און אייער. עס געהט

איהם אויס דאָס חיות נאָך אַ ברעקעל פלייש, נאָר גאָר ניט, ער וועט דאָך ניט געהן עסען טריפה, רחמנא לצלן.

וואָס ווייטער האָט ער אַלץ מעהר דערזעהן: ניטאָ קיין שבת, קיין יום־טוב, קיין טלית און תפילין, גאָר נישט; עפּעס זיינען אפילו די פּנים׳ער, זאָל גאָט שומר ומציל זיין, ניט קיין אידישע; עס איז טאַקע נאָר אַ נס, וואָס זיי רופען זיך אידען. און אַז ער האָט גע־פּרואווט אַ רייד טאָן מיט מאיר׳ן וועגען דעם, האָט ער גלאַט געבאַ־לעבאָטשעט מיט׳ן צונג, געזאָגט נארישקייטען, אַזוי אַז דער אַלטער האָט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען.

— טאַטע, דאָ איז אַמעריקאַ, עס איז אַן אַנדער וועלט.

— נו, איז דערפאַר דאַרף מען ניט זיין קיין אידען?

— ווער האָט דיר דאָס געזאָגט, אַז מיר זיינען ניט קיין אידען? וואָס איז, קיין שוהלען, קיין בתי מדרשים זיינען דאָ ניטאָ? פעהלען דאָ רבנים, שוחטים?

— וואָס טויג מיר דאָס אַלץ, אַז מען היט ניט אָפּ קיין אידיש־קייט: מען דאַווענט ניט, מען היט ניט אָפּ שבת, גאָרנישט.

— וואָס זאָל מען טאָן? פּרנסה! פיין וואָלטען מיר אויס־געזעהן, אַז מען זאָל האַלטען שבת צוגעמאַכט די קראָמען אָדער ניט ארבייטען.

— אָבער המחלל שבת בפרהסיה איז חיב מיתה!

— עס איז טאַקע שלעכט, נאָר מען קען זיך ניט העלפען.

און ביי דעם איז געבליבען. געוואָלט האָט זיך איהם אפילו גוזר זיין בגזרת אב. נאָר עס האָט זיך איהם קיין מוט ניט גע־נומען: ער האָט געפיהלט, אַז עס וועט זיין אַרויסגעוואָרפענע רייד און ער וועט נאָך דעם זוהן ברענגען צו אַן עבירה, האָט ער דעם כעס און די חרפּה אין זיך פאַרשטיקט און געשוויגען.

* * *

נאָר אויב מיט׳ן זוהן האָט מען נאָך געקענט ריידען אַ וואָרט, איז דער אייניקעל שוין גאָר געווען אַ גוי גמור. ניט נאָר האָט ער ניט געוואוסט פון אידישקייט, ער האָט אפילו קיין וואָרט אי־דיש ניט געקענט ריידען, טאַקע גאָר ווי אַן אמת׳ער שייגעץ. פון ערשטען טאָג אָן האָט ער געזעהן, אַז יענער קוקט אויף איהם ווי אויף אַ ווילדען. פיל מאָל האָט ער געהאַט אַ שטאַרקען חשק צו־

געהן צו איהם, צו מאַקס'ען, אַ קניפּ טאָן איהם אין באַק אָדער אַ גלעט טאָן; ער וואָלט זיך ממש מחיה געווען. און גראָד איז ער אַ שעהנער בחור'ל, אויס'ן אויג מאיר, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער און ניט אַזאַ פּעטער. די זעלבע גרויסע אויגען און שוואַרץ־חנ'עוודיגער פּנים. נאָר וואָס העלפט, אַז יענער קוקט אויף איהם אַזוי קאַלט, פרעמד און מיט אַ חוזק־שמייכעלע. ער האָט ממש פאַרן אייניקעל מורא. ער האָט אַמאָל געפּרואווט אַ רייד טאָן צו דער שנור וועגען אַ תכלית.

— ער איז שוין, קיין עין הרע, זיבעצעהן יאָהר, און ווי עס ווייזט אויס, איז ער גאָר ניט באַהאַוועגט אין אידישקייט. פאַר וואָס זאָלט איהר ניט דינגען אַ מלמד, ער זאָל מיט איהם לערנען כאָטש עברי?

— וואָס רעדט איהר, שווער, איהר זאָלט מיר געזונט זיין, ער האָרעוועט נעבאָך אַזוי אויך גענוג. עפּעס אַ קלייניגקייט — קאַלעדזש? איהר מיינט, אַז דאָס איז אַ שפּילכעל?

— און פון דעסטוועגען האָט ער צייט צו שפּילען אויך, ווי רופט מען דאָס, באָל. איך האָב געהערט, אַז ער איז אין דעם גאָר אַ גרויסער מאַדים. וואָלט דאָך אַ יושר געווען כאָטש אַביסעלע אידישקייט.

— ניין, ניין, רעדט בעסער פון דעם ניט. עס איז איהם אָהן דעם אויך גענוג שווער.

— אָבער אידישקייט?

— ער וועט זיין אַ איד זאַ ווי זאַ. וואָס דען וועט ער זיין, אַ קריסט?

און געפיהלט האָט ער, אַז פאַר אַזעלכע טענות איז זי איהם ניט קיין גוטער פריינד, און דאָס האָט איהם שטאַרק פאַרדראָסען. נאָר גאָר נישט, ער וועט זיך דאָך ניט ארייגלאָזען אין אַ קריג מיט איהר. און עס איז געבליבען אַזוי ווי עס איז: דער אייניקעל זיינער וועט שוין קיין איד ניט זיין, אפילו קיין פונק וועט אין איהם ניט פאַרבלייבען.

* * *

נאָך אַ צרה איז געווען, וואָס פלעגט פאַראומערען רב זעליג'ס לעבען: ווי נאָר ער פלעגט זיך באַווייזען אין גאַס, פלעגען איהם

די קינדער באַפאַלען פון אַלע זייטען, שפּרינגען, טאַנצען און שרייען מיט באַנומענע קולות. קיין איין וואָרט האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס זיי זאָגען, אָבער געזעהן האָט ער, אַז זיי מאַכען פון איהם חוזק. זיין לאַנגע ווייסע באָרד און די לאַנגע פּאות האָבען ביי די קליינע קינדער אַרויסגערופען אַ בייז וואונדער. ער האָט זיך אַפילו געפּרואווט אָפּוועהרען פון זיי מיט׳ן שטעקען, האָט דאָס אַרויסגערופען נאָך אַ גרעסערען געלעכטער; און דאָ זעהט זיך ניט אַ איד אויף אַ רפואה; אַלץ פרעמדע, בייזע, האַרטע פּנים׳ער, אָהן אַ סימן פון מיטגעפיהל זעהט ער פאַר זיך.

— מיך אַרט שוין ניט אַזוי מיין כבוד, ווי דער חלול השם. אַ איד טאָר זיך שוין גאָר ניט ווייזען אין גאַס. און דאָס איז אייער פרייע מדינה, אָט אַזוי באַגעהט מען זיך מיט מענשען? — האָט ער זיך אויסגע׳טענה׳ט פאַר זיינעם אַ באַקאַנטען, אַ שטעד־טעלדיגען אידען.

— וואָס זאָל מען טאָן, מיר זיינען אין גלות, — האָט איהם יענער געטרייסט. — אַז איך געה אין גאַס מיינט איהר איז מיר בעסער? כאָטש איך גיב זיך אַן עצה: איך פאַרשטעק די באָרד אונטער׳ן קראַגען, אַזוי אַז עס זאָל כלומרשט אויסווייזען: ניטאָ קיין באָרד... און פונדעסטוועגען שטעה איך אויך אויס געברענטע צרות.

— ווי? באַהאַלטען די באָרד? אַז ניט דערלעבען וועלען עס מיינע שונאים! מיט מיין אידישקייט זאָל איך זיך שעהמען! געהערט אַן איינפאַל?

אין דער היים האָט ער דאָס ניט דערצעהלט: נאָך וואָס זיי מצער זיין אומזיסט? און וואָס וועלען זיי דען טאָן? דער איי־נענער אייניקעל, דאַכט זיך, וואָלט זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט מיר אַ צופ טאָן די באָרד, — האָט ער מיט אַ ביטערניש ביי זיך גע־טראַכט.

* * *

איין מאָל, קומענדיג אַהיים פון מעריב, האָט רב זעליג געפונען אין שטוב אַן איבערקעהרעניש: די שנור איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרוויינטע אויגען, דער זוהן איז געזעסען ביים טיש מיט׳ן פּנים איינגעגראָבען אין אַ צייטונג. אויף זיין "גוטען אָווענט„

האָט מען קוים געענטפערט. דער אייניקעל האָט זיך ניט גע־זעהן, און עפּעס מאָדנע שטיל איז געווען. ער האָט זיך דערשראָ־קען און א פרעג געטאָן:

— האָט עפּעס חלילה וואָס געטראָפען?

— עט, א נארישקייט, גאָר נישט, — האָט מאָרים געענט־פערט ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ.

— וואו איז מאקס? ער איז נאָך ניטאָ?

— ער איז דאָ! — האָט די שנור זיך ארייננעמישט מיט א קול, וואָס איז געווען פארשטיקט פאר כעס. — פייטען זיך האָט זיך איהם פארגלוסט איבער אזא נארישקייט.

— שווייג, פעני, איך בעט דיך, — האָט זיך מאָרים צו איהר געווענדעט מיט א פאָרוואורף.

— וואָס איז דאָ געשעהן? — האָט שוין זעליג מיט כעס אויסגעשריען.

— טאטע, איך פארזיכער דיך, אז עס איז גאָר נישט. אָט, א בחור'ל, ער קען ניט צוזעהן קיין עולות. ער האָט געזעהן ווי די קינדער פונ'ם צווייטען בלאָק האָבען זיך צו דיר געטשעפּעט, איז ער צו זיי ארויס און זיך געשטעלט שלאָגען. ער האָט זיי גוט איינגעטיילט און האָט אליין אויך ארייגעכאפּט. עס וועט איהם גאָר נישט שאדען; איך פארזיכער דיך.

דער אלטער זעליג איז געבליבען שטעהן אן איבערראשטער. די הענט האָבען זיך איהם געטרייסעלט, ער האָט אינגאנצען גע־ציטערט. איהם האָט זיך געדאכט, ווי מיט אמאָל וואָלט איהם די זון אויפגעגאנגען. א טיפע פרייד האָט איהם באהערשט. ער, מאקס, אָט דער שייגעץ, האָט זיך פאר איהם, פאר זיין כבוד איינ־געשטעלט, פאר זיין באָרד און פאר זיין אידישען פּנים?

מיט שנעלע טריט איז ער אריין צום אייניקעל אין צימער.

ער האָט איהם געפונען ליגענדיג אויפ'ן סאָפע מיט א בוך אין דער האנט, האָט איהם א קוק געטאָן אין געזיכט און אויס־געשריען:

— קינד מיינס, זעה, וואָס פאר א פּנים דו האָסט! און צוליב מיר, צוליב דיין אלטען זיידען האָסטו עס געקראָגען קלעפּ! —

ער האָט אַרומגענומען דעם אינגעל'ס קאָפּ און גענומען באַדעקן זיין פּנים מיט קושען.

יענער האָט דעם זיידען אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, האָט זיך אַ ביסעל דערשראָקען; נאָר ער איז באַלד געקומען צו זיך, האָט אַרומגעכאַפּט דעם אַלטען ביים האַלז, צוגעדריקט דעם קאָפּ צום אַלטען'ס ברוסט און מיט אַ פאַרשטיקטען קול געזאָגט:

— איך דיר האָב האָלד, אַי עשור יו, דו אַ גוטער גרענד־פּאַ; איך דיר ניט לאָזען אינסאָלטען, איך זיי פייטען.

— קינד מיינס, זיי מיר מוחל. אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט שוין גאָר קיין איד ניט, אַז דו האָסט קיין אידיש הארץ ניט. איצט זעה איך, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות, — האָט דער אַלטער זיידע גערעדט דורך טרעהרען.

— שור איך אַ איד, מיר אַלע אידען. איך דיר גלייך, איך דיר נעוועער לאָזען אינסאָלטען. — האָט דער יונגער אינגעל מיט היץ גערעדט.

און פרעהליך, ליכטיג האָט געשיינט די עלעקטרישע באַלייכטונג אינ'ם קליינעם צימערעל. ליבליך, אַזוי ווי מיט פרייד, האָבען אַראָפּגעקוקט די בילדער פון די ווענט אויפ'ן זיידען מיט'ן אייניקעל.

# נינא

די גרעסטע איבערראשונג איז פאר מיר געווען, ווען איך בין צוריקגעקומען אין ניו יארק נאך א לאנגער און געצוואונגענער אפוועזענהייט, דער פאקט, אז נינא איז פארהייראט צו מיסטער אייב גרין. פאר קיין פאל האב איך ניט געקענט פארשטעהן, וואס מיט איהר האט פאסירט, אז זי זאל איינוויליגען צו דעם שידוך. מחמת נינא איז געווען א שעהן מיידעל. דאס איז אהן אהן ספק. אלע האבען צוגעגעבען, אז זי קאן פאר'כישופ'ען אפילו דעם קאלט־סטען און אויסגערעכענטסטען מענשען. אויסער דעם איז זי גלאט א וואוילע, א קלוגע און א געבילדעטע. ער, ווידער, איז פון די נפשות, וואס קענען נאר ארויסרופען צו זיך אן עקעל ביי יעדער פרוי, א פשיטא שוין ביי אזא ווי נינא, מיט איהר שעהנעם גע־שמאק. יא, איך האב עס ניט געקענט פארשטעהן נאכמעהר דער־פאר, ווייל א פאר מאל האט זי מיר אליין געזאגט בסוד סודות, אז זי האסט איהם אזוי שטארק, דאס זי וואלט מיט פארגעניגען אויסגעדראפעט זיינע חוצפה'דיגע אויגען. און דא מיט אמאל האט זי גאר מיט איהם חתונה!

מיך האט די דאזיגע נייעס געטראפען טיף אין הארצען, און איך האב באשלאסען וואס שנעלער זיך צו זעהן מיט איהר און פאדערען אן ערקלעהרונג. איך האב אבער ניט געוואוסט, ווי אזוי צוצוקומען צו איהר, מחמת צווישען מיר און מיסטער גרין האט קיין מאל ניט עקזיסטירט קיין גרויס ליבשאפט. איך געדענק גאנץ גוט ווי די אויגען פלעגען זיך ביי איהם אנצינדען יעדעס מאל, וואס ער פלעגט מיר געפינען אין דער מיידעל'ס אנוועזענהייט. און זיין מיט איהר צוזאמען פלעג איך אפט, מחמת... עך, וואס טויג דערמאנען זאכען, וואס זיינען אויף אייביג פארפאלען.

יא, איך האב געטראכט ווי אזוי איך זאל זיך טרעפען מיט

נינא'ן. אָבער זי האָט מיך אַליין ארויסגעהאָלפען אין דעם: איינ־מאָל אַ פּארנאכט האָט זי זיך באַוויזען ביי מיר אין צימער, אַ לוי־טערע, אַ פרעהליכע, אַ שיינענדע. זי האָט מיך ארומגענומען און געגעבען אַ געשמאַקען קוש, עפּעס אזוי ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט.

— אייך קומט אַ מזל-טוב, נינאַ, — האָב איך געזאָגט ניט גאַנץ דרייסט, קוקענדיג אָן אַ זייט.

— מיר אַ מזל טוב? אַך, איהר מיינט מיט מיין הייראַט. נו, איך בין זיכער, אַז איהר דענקט ניט, דאָס עס איז אַזאַ גרויס גליק פאַר מיר, אַז מען זאָל מיר דאַרפען גראַטולירען, — האָט זי געזאָגט לאַכענדיג.

— נו, און איהר נינאַ, וואָס דענקט איהר, אויב איך מעג אייך פרעגען?

— אויב איהר מעגט? געוויס מעגט איהר פרעגען. איהר זיינט דאָך מיין בעסטער גוטער פריינט. איהר האָט דאָך מיך ליב געהאַט אַלע מאָל, ניט ווייל איהר האָט געהאָפט אויף עפּעס, ווייל איהר האָט געהאַט אין זינען מיט מיר חתונה צו האָבען, נאָר טאַקע מיך אַליין, אַלס מענשען, פּונקט ווי איך אייך. וואָס, אפשר ניט?

— יאַ, געוויס אזוי, מיין פריינד, — האָב איך געענטפערט מיט אַ פאַרשטיקטען קול. — נו, זאָגט זשע מיר, זיינט איהר גליקליך?

זי האָט אַ קליין ווײַלע געקוקט פאַר זיך אין דער לופט אריין און גאַנץ שטיל ארויסגערעדט:

— גליקליך? דאָס ווייס איך ניט. אָבער מיר איז ניט אזוי שלעכט, ווי איך האָב ערוואַרטעט.

— וואָס מיינט דאָס, נניאַ? ווער האָט אייך געצוואונגען דערצו?

— קיינער ניט. אָבער איך מיין צו זאָגען, אַז פון אָנפאַנג האָב איך זיך געריכט אויף אַזעלכע צרות, וואָס זאָלען מיך דער־הרג'ענען. נאָר עס איז ניט אזוי שרעקליך.

— אָבער צו וואָס האָט איהר עס געטאָן?

אַ לענגערע צייט איז זי געזעסען ביי מיין זייט מיט אַן

אראָפּגעלאָזטען פּנים, אזוי ווי זי וואָלט פאַרזינקען אין טיפע מחשבות. נאָט מיינער, ווי שעהן זי איז געווען אין דעם מאָמענט. מיט וואָס פאַר אַ חשק איך וואָלט זי צוגעדריקט צו מיין ברוסט. נאָר פּלוצלונג האָט זי אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַנגעשטעלט אויף מיר אַ שטאַרען בליק און גאַנץ שטיל געזאָגט:

— ביז איצט ווייס איך ניט גענוי, ווי אזוי דאָס איז געקו־מען, — דאַן האָט זי פּלוצלונג געענדערט דעם טאָן און מיט אַ לאַכענדיגען פּנים האָט זי צוגעגעבען. — אייגענטליך האָט ער מיך גענומען און מיט מיר חתונה געהאַט.

— נו, און וואו זיינט איהר געווען? — האָב איך געפרעגט מיט ביטערקייט אין קול.

— איך? אויף מיין וואָרט, אַז איך ווייס ניט, — האָט זי גאַנץ נאַאיוו ארויסגערעדט און זיך צולאַכט.

— נינאַ, מיך אינטערעסירט די דאָזיגע אַנגעלעגענהייט זעהר שטאַרק, — האָב איך געזאָגט און מיט געבעט אַריינגעקוקט אין איהרע גראַהליכע אויגען. — אויב אייך איז ניט שווער, דערצעהלט מיר גענוי ווי אזוי איהר קומט חתונה צו האָבען מיט מיסטער גרין.

— גוט, איך וועל פּרואווען, — האָט זי געזאָגט מיט טיפען ערנסט און אַנגענומען מיין האַנט.

— מיינט איהר, אַז איך ווייס ניט, דאָס דער שידוך איז ניט קיין געראָטענער; אַז עס איז ניט דאָס, וואָס איך האָב זיך גע־מאָלען אין מיינע מיידעלשע פאַנטאַזיעס? יאָ, איך ווייס עס גאַנץ גוט. ווען איך זאָל נאָר וועלען, האָב איך געקענט קריגען אַ טויזענט מאָל בעסערען מאַן. איך האָב געזעהן, ווי דער קרייז בחורים ארום מיר איז פאַרטיג מיך אויסצוכאַפּען. איהר ווייסט ניט, מיסטער גאָרדאָן, וואָס פאַר אַ קאָמפּלימענטען יעדער פון זיי פלעגט מיר מאַכען, ווען מען איז מיט מיר פאַרבליבען אַליין. וואָס איך האָב ניט געטאָן, איז ארויסגעקומען פול מיט חן; אפילו די גרעסטע נאַרישקייט, וואָס איך האָב ארויסגערעדט, האָט מען אויפ־געכאַפּט ווי אַ זעלטענע חכמה.

— איך דערמאָן זיך, ווי איין מאָל איז צו מיר אריינגעקומען עמיצער, ווען איך האָב געהאַלטען אין אויפראַמען דאָס הויז. איך

האָב געטראָגן א טשיפּיק איבער די אויגען, און איהר קענט פאר־
שטעהן, אז א קליידעל האָב איך אויסגעזוכט די ערגסטע וואָס איך
האָב געקענט געפינען. און אין אלגעמיין האָב איך געמוזט אויס־
זעהן ווי א פּשוט'ע דינסט. נו, האָט איהר באדארפט הערען, ווי
ער האָט זיך עס צוזונגען: לויט זיין מיינונג איז אויסגעקומען,
אז איך קוק אויס צויבערליך; אז דאָס איז דער שעהנסטער קאָס־
טיום, און אז ער וואָלט זיך ווינשען צו האָבען א פרוי וואָס זאָל
קיין מאָל ניט אויסקוקען ערגער. כאָטש איך האָב געוואוסט, אז
דער מאַן פּלאַפּעלט נארישקייטען, איז עס מיר פאָרט געפעלען.
נו, איהר ווייסט דאָך, מען איז מעהר ניט ווי א מענש, און נאָך א
מיידעל דערצו, איז טאקע אנגענעהם צו הערען א גוט וואָרט פון א
יונגען מאַן.

דער איינציגער, וואָס האָט מיר זעלטען געזאָגט א גוט וואָרט,
איז געווען מיסטער גרין. איהם איז קיין מאָל ניט געפעלען מיין
טואלעט. ער האָט אויסגעפונען, אז איך טראָג די האָר אויפ'ן
עקעלהאפטסטען ארט. זעלטען ווען ער זאָל א שמייכעל טאָן פון
מיינעם א ווערטעל. תמיד האָט ער געקרימט די נאָז, אז עס
פלעגט מיר קאלט ווערען אין הארצען און איך האָב איהם פיינט
געהאט דערפאר ווי א שפין.

איך האָב באמערקט, אז ער באציהט זיך צו מיר אזוי ווי אַן
עלטערער צו א קינד, אָהן וועלכען ניט איז רעספעקט, און ניט
שאנעווענדיג מיינע געפיהלען. גלויבט מיר, אז איך האָב איהם
אויף דעם קיין רעכט ניט געגעבען. פארקעהרט, איך האָב איהם
געזוכט אויסצומיידען און איגנארירען. איהם אויף צו להכעיס
פלעג איך מיט אייך פארברענגען אין זיין געגענוואַרט. איך האָב
געזעהן, אז דאָס קרענקט איהם. שפּעטער האָט ער מיר מודה
געווען, אז ער האָט אויף אייך געהאט א חשד. איהר הערט, אפילו
אויף אייך. אי האָב איך געלאכט. נאָר צו דען אייך אליין, —
אלעמען האָט ער חושד געווען, אויף אלעמען האָט ער געקוקט מיט
פארדאכט און פיינדשאפט. אָבער דאָס האָט איהם ניט אָפּגע־
האלטען זיך צו באציהען צו מיר מיט דער ברייטקייט, ווי צו א
שטיקעל אייגענטום זיינע. ער האָט מיר באפוילען טאָן זאכען
און איך האָב קיין מוט ניט געהאט איהם צו ענטזאגען.

— היינט געהען מיר אין טעאטער. איך האב טיקעטס. זעהט צו זיין פארטיג אין צייט. אדער:

— ניין, ניט די בלויע קלייד. איך קאן עס ניט פארטראגען. טוט בעסער אן די שווארצע.

— אלע זאגען, אז די בלויע פאסט מיר בעסער, — פלעג איך פרואווען פראטעסטירען.

— וואס פאר אן אידיאט האט עס אייך געזאגט? די שווארצע פאסט אייך אויסגעצייכענט.

אט דאס איז געווען די ארט און ווייזע ווי ער פלעגט זיך צו מיר באנעהמען. און דאכט זיך, אז די נאטירליכסטע זאך וואלט געווען ווען איך זאג איהם:

— העי, מיסטער, פארדרעהט זיך אייער קאפ און איך וועל טאן וואס מיר געפעלט.

אבער איך האב דאס ניט געזאגט, און געגען מיין אייגענעם ווילען געטאן לויט זיין באפעהל. —

אט אזוי האט געטראפען, אז איך בין ארונטערגעפאלען אונטער זיין איינפלוס. איך האב זיך געכאפט, דאס ניט קוקענדיג וואס ער איז מיר אפשטויסענד און וואס איך האב איהם פיינט, אינטערעסירט מיר אבער זיין מיינונג מעהר ווי עמיצען'ס אנדערש. מיט די אלע אנדערע בין איך זיכער געווען, אז וואס איך טו, ווי איך קלייד זיך, וואס איך לעז, וועלכע פלענער איך מאך וועגען דער צוקונפט, איז גוט, קלוג, שעהן און וואויל; זייער צושטימונג איז געווען אנגעגרייט אין פאראויס, און עס האט אויף מיר ניט געמאכט קיין טיפען איינדרוק, אין דער צייט וואס זיינס א גוטווארט האט מיך גליקליך געמאכט. ווען ער האט געזאגט, אז די קלייד געפעלט איהם, האב איך געטאנצט פאר פרייד; עפעס אזוי ווי ער וואלט געווען אן עקספערט אין די דאזיגע זאכען. און אז ער האט א שמייכעל געטאן פון מיינעם א וויץ, בין איך געווען אין זיבעטען הימעל. אבער איך פארזיכער אייך, אז ער איז מיר געווען אנטיפאטיש און איך האב איהם ניט געקענט פארטראגען. מיר האט אלץ געקלונגען אין די אויערען אייער ווערטעל, מיט וועלכען איהר האט איהם כאראקטעריזירט: — א טריאומפירענדער חזיר. יא, אט אזוי האט איהר איהם אנגע־

רופען, און מיר האָט זיך אַ לאַנגע צייט אויסגעוויזען, אַז ער איז טאַקע פון דעם סאָרט. אָפטמאָל האָב איך חשק געהאַט איהם צו ווייזען די טיר, ווייל צו זיין חוצפה איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען. איך האָב עס נאָך פאַר קיינעם ניט דערצעהלט. אָבער הערט וואָס ער האָט מיר איין מאָל געזאָגט:

— איהר ווייסט, נינא, אַז איהר זיינט צו דיק; אָפטמאָל ווייזט איהר אויס אומגעלומפּערט. אַ פרוי דאַרף זיין עדעלער, צאַרטער, ווייבליכער. איהר עסט מסתמא צו פיל.

מיר האָט אַ שפּאַר געטאָן דאָס בלוט אין קאָפּ אריין. קיין מאָל האָט קיינער ניט געוואַגט צו ריידען וועגען מיין קערפּער אזוי פרעך. ער האָט קענטיג באמערקט, אַז איך בין אויפגערעגט, ווייל ער האָט באַלד צוגעגעבען מיט אַ שמייכעל:

— עס שאַדעט ניט. מיר'ן שוין ווי ניט איז אויסקומען אָט אזוי.

איך בין געוואָרען ווילד און בין געווען גאַנץ נאָהענט איהם אַ בריק צו טאָן ווי אַ הינטעל. אָבער איך האָב קיין כח ניט געהאַט עס צו טאָן, און בין ווי אַ שקלאַפין געגאַנגען ביי זיין זייט שטום און אונטערטעניג.

נאָר דאָס סאַמע קאָמישסטע איז פאָרגעקומען מיט זיין הייראַטס־פאָרשלאַג. איך האָב געוואוסט, אַז ער באַטראַכט זיך אַלס מיין חתן. אָבער איך האָב געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען איך וועל איהם קענען געבען דעם סאַמע שטאַרקסטען קלאַפּ. איך האָב מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם געוואַרט, ער זאָל קומען צו מיר מיט דעם טראַדיציאָנעלען „איך ליב אייך. זיינט מיין פרוי". און דאַן וואָלט איך איהם אָט אזוי פּלוצלונג ארויסגעזאָגט, וואָס איך טראַכט וועגען איהם. און דער געדאַנק, אַז ער וועט לויפען ווי אַן אָפּגעבריהטער, אַ דערשלאָגענער, האָט מיר לוסטיג געמאַכט. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז עס האָט אַנדערש פּאַסירט. איין מאָל איז ער געקומען אַ פרעהליכער, אַן אויפגעלעגטער און אַ זאַג געטאָן:

— נינא, איך האָב גענומען אַ הויז און גענומען מעבעל. קומט מיט מיר אָנקוקען. אַ פּאַלאַץ איז דאָס. צוויי טויזענט

דאָלאר האָט מיר שוין אָפּגעקאָסט. טוט זיך אָן וואָס שנעלער: אונטען ווארט א טעקסי.

איך בין געוואָרען בלאַס און האָב אין גאַנצען געציטערט, עפּעס אזוי ווי אַ שווערע משא וואָלט זיך אויף מיר אראָפּגעלאָזט. איך בין געווען אין טויט שרעק; איך האָב זיך ניט געקענט באַשליסען מיין מויל צו עפענען און איהם זאָגען זיין אורטייל.

— קומט שנעלער, טוט זיך אָן די נייע קלייד. מען ווארט דאָרט, — האָט ער געשריען שטארק אויפגערוימט.

און איך האָב איהם געפאָלגט...

* * *

— מיסטער גאָרדאָן, איך פארזיכער אייך, אז ער איז גאָר ניט אזא שרעקליכער מענש. ער איז צו מיר זעהר צערטליך. טוט מיר א טובה, קומט צו אונז. ער וועט אייך זעהר גוט אויפ־נעהמען, — האָט זי געזאָגט מיט געבעט אין קול, דריקענדיג מיין האַנט.

— ניין, נינא, נעהן אהין קען איך ניט, ווייל — ווייל איך האָב איהם נאָך איצט אויך ניט ליב און וועל איהם שוין קיין מאָל ניט ליב האָבען. איצט, נאָך אייער ערצעהלונג, געוויס ניט. נאָר אויב אייך וועט ווערען צו שווער, צו טרויעריג, קומט צו מיר. דאָ וועט איהר אימער געפינען אַ נאָהענטען, גוטען־פריינט ווארטען אויף אייך. — האָב איך מיט א ציטער אין קול געזאָגט.

און איך ווארט . . .

# דער טויטעל־ראק

מיר זיינען געלעגען ביים ראנד פון א טיפען אפגרונט.

מיין אלטער גוטער פריינט, מרדכי, האט נאך א לאנגען שווייגען, געזאגט:

— קוקט ארונטער אט אויף דעם פלאץ. אט דא איז דאס קינד אראפגעפאלען.

מיר האבען אראפגעקוקט, נאר אונזערע בליקען האבען ניט געקענט דורכדרינגען די טונקעלהייט און דאס שווינדלען אין קאפ האט געמאכט, אז מיר זאלען זיך א ווארף טאן אויף צוריק.

מיר האבען שוין פון איהם פיל מאל געהערט די פאסירונג מיט'ן קינד וואס איז אראפגעפאלען פיר טויזענט פוס אין תהום אריין. דאס איז שוין געווארען א מין לעגענדע אין דעם געגענד. מרדכי איז געוועזען אן עדות פון יענער פאסירונג. דאס האט געטראפען מיט א פאר זומערען פריהער. און ביז איצט, אז ער הויבט אן ריידען וועגען דעם פאנגט אן זיין שטימע צו ציטערען פון אויפרעגונג.

— עפעס ווי א בייזע גרויזאמע האנט וואלט דאס קינד געשלעפט. די מוטער האט זי קיין מאל ניט געלאזט געהן אליין א טריט פון זיך, נאר דאס מאל, ווען זי האט געזעהן, אז דאס קינד געהט מיט'ן סטעזשקע, האט עפעס אזוי ווי דער מארך ביי איהר אויפגעהערט צו ארבייטען.

ראזי איז געלעגען צו זיין רעכטער און איך צו זיין לינקער האנט. מיר האבען געקוקט ארויף, צום טיף־בלויען הימעל, אהן א סימן פון וואלקען, ווארים זיי, די וואלקענס, זיינען געלעגען פיל נידעריגער פאר דעם באדען, וואו מיר זיינען געוועזען.

— א וואך האט מען עס ארומגעזוכט. מען האט אויסגענישטערט יעדען ווינקעלע, יעדעס שפעלטעלע, אבער קיין צייכען פון דעם קליינעם קערפערעל האט מען ניט געפונען. עפעס אזוי

ווי דער תהום וואָלט זי אַ גאַנצע איינגעשלונגען. דאָס איז גע־ווען די שווידערליכסטע זאַך פאַר דער מוטער. זי האָט פאַר קיין מאָל ניט געוואָלט גלויבען, אַז איהר קינד איז טויט. זי איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס מיידעל האָט פאַרבלאָנדזשעט צווישען די בוימלאַך און אַז זי געהט אוים פאַר הונגער. ווי אַ ווילדע פלעגט זי אַרומלויפען און פאַרהילכען די לופט מיט איהרע קולות.

זיין שטימע איז געוואָרען שוואַכער. ער האָט געקוקט אין ווייטען רוים מיט אַ שטאַרען בליק. ראָזי איז געלעגען מיט איהרע דיקע, קיילעכדיגע אָרעמס אונטער'ן נאַקען און ניט געהערט קיין וואָרט פון דעם וואָס ער האָט גערעדט. אַ לוסטיגער שמיי־כעל האָט אַרומגעשוועבט אויף איהרע ליפען. דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג פון אונזער באַקאַנטשאַפט און שוין האָט זי זיך אַרויסגעוויזען אַזאַ נאָהענטע, אַ רייצענדע, אַ זעלטענע. און עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, אַז איך בין געווען אויף אַזאַ הויך. די לאַנדשאַפט אויף מיילען־ווייט איז געלעגען אויסגעשפּרייט ווי אַ טישטוך. די הייזער פון די שטעדט און דערפער האָבען זיך אָנגעזעהן ווי פּיצינקע פינטעלאַך. דאָ איז געווען שטיל, פאַרגליווערט שטיל. אפילו דאָס פּישטשען פון די פויגלען, האָט אָהער זעלטען פאַרבלאָנדזעט. איך האָב מיינע אויגען ניט געקענט אָוועקרייסען פון די פאַסען וואָלקענס וואָס האָבען זיך זאַכט געצויגען פון געהיימניספולע וועלטען און פאַר־שוואונדען אין דעם העלען, פון זונען־ליכט באַגאָסענעם טאָל.

— וואו פיהרט די סטעזשקע? — האָט ראָזי געפרעגט ניט ענדערענדיג איהר פּאָזע.

— צום טוירטעל ראַק, — האָט מרדכי געענטפערט.

— צום טוירטעל ראַק? — האָב איך מיט וואונדער געפרעגט.

— דאָס איז אַ הויכער פעלז, אַ לאַנגער און עטוואָס קרומער. אַלע געסט, וואָס האָבען דעם פּלאַץ באַזוכט פאַר די לעצטע פופ־צעהן יאָהר, האָבען אויף דעם שטעגעל געשפּאַנט כדי אַרויפצו־קריכען אויפ'ן העכסטען פונקט אום צו באַגעגענען דעם אויפגאַנג אָדער אונטערגאַנג פון דער זון.

— איך בין דאָרט קיין מאָל ניט געווען, — האָט ראָזי גע־זאָגט און זיך פּלוצים אויפגעזעצט.

איהרע טונקעלע האָר זיינען געווען צושאָטען אויף די אַקסלען און אין די גרויע אויגען האָט זיך אָפּגעשלאָגען דער שיין פון א זונען־שטראהל. זי האָט קענטיג געוואָרט, אַז עמיצער פון אונז זאָל זיך אָפּרופען און פאַרשלאָגען זי צו באַגלייטען. אָבער ניט באַקומענדיג קיין ענטפער, האָט זי מיט אַ האַרטען, בייזען קול קול געזאָגט:

— איך וועל אַהין געהן.

— איך וואָלט דיך געראַטען דאָס ניט צו טאָן, — האָט מרדכי געזאָגט גאַנץ גלייכגילטיג. — איין פאַלשער טראָט און...

— און מען וועט מיך קיינמאָל ניט געפינען. איהר אַלע וועט ארומפויזען צווישען די בוימלאך און רופען: ראָזי! ראָזי! און איך וועל דאָרט ליגען אין די אָרעמס פון אַ וואונדער־גרויסען גבור, איך וועל הערען אייערע קולות און וועל לאַכען.

— פלאַפּעלסט „טשאָרט זנאיעט טשטאָ טאַקאָיע", — האָט מרדכי ארויסגעברומט און זיך אָפּגעקעהרט פון איהר.

— און איהר וועט נאָכדעם האָבען צו דערצעהלען און דער־צעהלען וועגען אַ יונגער כלה־מיידעל, מיט געדיכטע שוואַרצע צעפּ און גלאַנצינגע ברענענדיגע אויגען.

איהר יונגער קול האָט זיך צוטראָגען אין דעם פוסטען רוים און האָט אָפּגעקלונגען דומפּ און שרעקליך אין דעם פינסטערען תהום, אַזוי ווי עמיצער אַ בייזער און צאָרענדיגער וואָלט זי נאָכ־געקרימט. דאָס איז איהר געפעלען. זי האָט זיך צולאַכט אַזוי שטיפעריש, אַזוי קינדיש, אַז איך האָב זיך ניט געקענט באַהערשען און אויך געלאַכט. נאָר מרדכי איז געלעגען אַ בייזער, אַן אָנגע־כמורעטער מיט טיפע קנייטשען אין הויכען שטערען און געקוקט אין דער ווייטקייט.

— הו, הו, הו, הו! — האָט ראָזע געשריען אריבערבויגענדיג זיך מיט'ן קערפּער איבער'ן ראַנד. זי האָט זיך אָבער אַ צאַפּעל געטאָן, איז בלייך געוואָרען און אָנגעשטעלט אויף מיר אַ צומיש־טען בליק.

— וואָס איז מיט אייך, מיס שאַפּיראָ? — האָב איך זי נאָכ־פרעגט מיט וואונדער.

זי האָט באַהאַלטען דאָס פּנים אין שויס און איז אַזוי גע־זעסען אַ היבשע צייט, ניט אַ ריהר טאָענדיג מיט אַ מוסקול.

אין איין זייט פון טאָל האָבען זיך גענומען זאַמלען נאַכט־שאָטענס. עס איז דאָרט געוואָרען פול מיט מרה־שחורה און בייגקשאַפט. אַ טונקעלער שלייער פון וואָלקענס האָט זיך גע־נומען אַנרוקען פון אַ זייט.

— טאָמער פאַל איך אַראָפּ, בעט איך אייך, אַז איהר זאָלט מיין נאָמען ניט דערמאָנען. גלייך אַזאַ ראָזי וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען.

איך און מרדכי האָבען געשוויגען.

— אויב איהר פאַרשפּרעכט מיר דאָס ניט, וואַרף איך זיך באַלד אַראָפּ, — האָט זי דראָהענד אויסגעשריען און איז אויפגע־שפּרונגען פון איהר פּלאַץ.

— גוט, גוט, איך פאַרשפּרעך. אָבער רוק זיך אָפּ פון דאַ־נען, — האָט מרדכי אויסגעשריען מיט אַ קוויטש.

— נו, און איהר, מיסטער גאָרדאָן? — האָט זי זיך גע־ווענדעט צו מיר, קוקענדיג מיט אַ ביטרען שמייכעל אין מיינע אויגען.

אַ וואַרימקייט האָט דורכגעצוקט מיין קערפּער און מיר איז איינגעפאַלען אַ געדאַנק זיך צו רייצען מיט איהר.

— ניין, מיס, שאַפּירא, איך קען עס אייך ניט פאַרשפּרעכען. איך וואָלט דערצעהלט אַלע מיינע באַקאַנטע, וועגען אַ וואויל מייד־דעל, מיט קלוגע גרויע אויגען וואָס האָט . . .

— אָט אַזוי האָב איך אייך ליב. איהר האָט כאַראַקטער, ניט אַזוי ווי יענער, דער אויסגעטריקענטער לעמאָן.

זי האָט געוואָרפען אַ טראָציגען בליק אויף מרדכי׳ן און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ לאַנגען, נערוועזען געלעכטערעל, וועלכער האָט זיך אָפּגעהאַקט פּונקט אַזוי פּלוצלונג ווי ער האָט זיך אָנ־געהויבען.

די וואָלקענס אין איין זייט פון טאָל זיינען געוואָרען רויט־העל, אָבער אין דער אַנדערער זייט איז עס געווען טונקעל־גרוי אַ קאַלטער הויך האָט זיך פון דאָרט דערטראָגען.

אין דער לופט האָט אויפגעציטערט דער קלאַנג פון אַ גלאָק דאָס האָט מען אונז גערופען צום אָווענט־ברויט.

## 2.

— מיין גאָט, ווער איז דאָס?

איך בין געשטאַנען אויפ'ן הויכען פעלז, אַ באַנאַסענער פון שווייס. איך בין געלאָפען מיט דער גרעסטער שנעלקייט אויף וועל־כער איך בין נאָר פעהיג, כדי אריבערצויאָגען דעם אָנקומענ־דען טאָג, וואָס האָט ארויסגעקוקט מיט זיין בלאַסען פּנים פון מזרח־זייט. עס איז נאָך אָבער געוועזן פינסטער און דער צונויפ־געדרעהטער קלומיק אויפ'ן אַנדערען ברעג פון שטיין האָט זיך אָנ־געזעהן ווי אַ שוואַרצער פלעק.

— ווער איז דאָס?

מיין שטימע האָט אָפּגעקלונגען דומפּ אין דער פינסטערער, קאַלטער לופט. קיין ענטפער איז ניט געקומען און איך האָב דערפיהלט, ווי די ליֵיב מיינע הויבט אָן שטעכען אזוי ווי מיט שפּילקעס.

— רופט זיך אָפּ, וואָרים איך וועל.

אַ בלאַסער פּנים האָט זיך צו מיר אומגעווענדט און אַ פּאָר גרויסע, ארויסגעשטאַרצטע אויגען האָבען אויף מיר געקוקט פון דער גרויער טונקעלהייט.

— ראָזי, מיס שאַפּיראָ! — האָב איך אויסער זיך אויסגע־רופען און אַ הייסע כוואַליע איז אריבערגעלאָפען איבער מיר. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אז דאָס איז אַ פאָרטזעצונג פון דעם חלום, אין וועלכען זי האָט געשפּילט די הויפּט ראָל.

— איהר זעהט, — האָט זי מיט אַ פינגער אָנגעצייגט אין דער לופט און זיך אויפגעשטעלט.

אויפ'ן ראַנד הימעל האָט זיך גענומען ווייזען אַ טונקעל רויטער פּאַס. די פינסטערניש האָט זיך נאָך געדיכטער, נאָך ענגער פאַרזאַמעלט ארום אונז.

— ווי קומט איהר אליין אַהער אזוי פריה? — האָב איך געפרעגט.

— רעדט ניט, איך בעט אייך, — האָט זי קאַפּריזנע אויס־געשריען.

— קומט נעהנטער צו מיר.

— שוויַיגט! — זאָג איך אייך.

— ווי קען איך אָבער אייך לאָזען אליין איבער'ן אָפּ־גרונד? — האָב איך זיך געבעטען.

— הערט, אויב איהר רעדט נאָר איין וואָרט, וואַרף איך זיך אַראָפּ.

— גוט, איך וועל שווייגען, — האָב איך אונטערטעניג געזאָגט.

— אהא, איהר האָט זיך דערשראָקען, — האָט זי מיט חוזק אַ לאַך געטאָן.

דער הימעל איז געווען לויטער. די שטערען אין מעריב האָבען נאָך העל און לויטער געפינקעלט. אָבער אין מזרח-זייט האָט זיך עפּעס געגרייט. דער רויטער, טונקעלער פּאַס האָט זיך אַלץ ווייטער צושפּרייט און גענומען העלער ווערען. איבער'ן גאַנצען טאָל איז געלעגען אַ געדיכטער ווייסער טוי, וואָס האָט אַלץ צו־געדעקט אונטער זיך, אַזוי אַז עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז איך מיט דער פרעמדער, אומבאַקאַנטער מיידעל זיינען פּלוצים גע־בליבען אַליין אין אַ פּוסטער, פּאַרטרונקענער וועלט. עס איז גע־ווען שטיל. די בוימער אונטער אונז האָבען ניט געגעבען דעם מינדסטען רויש. אָבער געדאַכט האָט זיך, אַז עמיצער האָט גע־עפּענט אַ גרויס, אומגעהויער מויל כדי אַ געניץ צו טאָן נאָך אַ לאַנגען זיסען שלאָף. ראָזי איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט אויפ'ן האַרצען, אויסגעצויגען מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, אַ פרישע, אַ פּרעכטיגע, איינגעוויקעלט אין דער טונקעלהייט און געקוקט מיט אָנשטרענגונג צו דעם ווייטען נידעריגען האָריזאָנט. איך האָב מיינע אויגען פון איהר ניט געקענט אָוועקנעהמען. זי האָט זיך מיר אויסגעוויזען ווי אַ לופטיגעס וועזען, וואָס קלייבט זיך אַ פּאַך צו טאָן מיט די פליגלען כדי זיך אַוועקצוטראָגען אין דער הויך. זי האָט אָבער מיין בליק ניט געזעהן. זי האָט אין דעם מאָמענט געלעבט ווייט פון מיר. איהרע מיידעלשע פאַנטאַזיעס האָבען גע־שוועבט אין פאַר'כשופ'טע וועלטען. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ רויש אונטער אונזערע פיס. ראָזי האָט אויסגעשריען פאַר שרעק און אַ שפּאַן געטאָן צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

— אייך איז קאַלט, ראָזי?

זי האָט גאָר ניט געענטפערט, אָבער איהר קערפער האָט געציטערט גאַנץ נאָהענט לעבען מיינעם.

— נעהמט מיין ראָק, וועט איהר זיך עטוואָס דערוואַרימען.

זי האָט געשוויגען און איך האָב זי שנעל איינגעוויקעלט אין מיין אויבער־בגד. איצט האָט זי זיך אויסגעוויזען אַזאַ קליינינקע, הילפלאָזע און שוואַכע.

— איהר זייט ניט געשלאָפען? ווי בלאַס איהר זיינט און אייערע האָר זיינען פייכט פון טוי. — האָב איך באַמערקט.

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר גאַנץ נאָהענט און אַ וואונק געטאָן מיט די אויגען צום רויטען האָריזאָנט.

דער רויטער שיין האָט זיך איצט אָפּגעשלאָגען אָן דעם ווייסען טוי און עס האָבען זיך גענומען פאַרמירען אַלערליי פאַנטאַסטישע קאָלירען. עס האָט זיך דערפיהלט די האַנט פון אַ שעפער, וואָס האָט דאָ, פאַר אונזערע אויגען געמאָלען אַ וואונדער־בילד.

— מיר וועלען האָבען אַ זעלטענעם זונען־אויפגאַנג, — האָב איך לוסטיג אויסגעשריען.

דער רעש אונטער אונזערע פיס האָט זיך גענומען טראָגען אַלץ אָפטער און שטאַרקער. עס האָט אַ הויך געטאָן מיט אַ שניידענדיגער קעלט, וואָס האָט געמאַכט קלאַפּען מיינע ציין. דער טוי האָט זיך גענומען אויפהויבען אין געדיכטע, פאַרגליווערטע שוואַרצע שטיקער, עס האָט זיך געהויבען אַזוי ווי אַ פאַר־האַנג, אַלץ העכער און העכער. דער רויטער האָריזאָנט, די שטערען אין הימעל זיינען שנעל פאַרשלונגען געוואָרען אונטער דער גע־דיכטער, שוואַרצער וואַנט.

איך האָב אַ קוק געטאָן אין ראָזי'ס אויגען און איך האָב דאָרט דערזעהן אַ ים פון יסורים. די ליפּען איהרע האָבען לייכט גע־צוקט.

— אומזיסט געוואַרט. די וואָלקענס האָבען פאַרשטעלט די זון פון אונז, — האָב איך געזאָגט טרייסלענדיג זיך פאַר קעלט. — קומט, ראָזי, לאָמיר געהן אַהיים.

— ניין, איך וועל דאָ נאָך וואַרטען, — האָט זי שוואַך אַרויסגערעדט.

— גוט, איך וועל דאָ אויך פאַרבלייבען אַ ווײַלע, — האָב איך פאַרשעהמט געזאָגט.

איך האָב אַ קוק געטאָן אין מעריב זייט און דאָס האַרץ האָט פאַרדריקט. דאָרט האָבען זיך געזאַמעלט בערג פון וואָלקענס. זיי זיינען געשפּרונגען איינע איבער די אַנדערע און זיך געוואָרפען מיט אַ גבורה אויפ׳ן מזרח. דאָס האָט די נאַכט איהר פּלאַץ ניט געוואָלט אָפּטרעטען. זי האָט איהרע חילות אַרויסגעשיקט צו פאַריאָגען דעם אָנקומענדען טאָג. פון אַלע זייטען, פון מעריב, פון צפון, פון דרום האָבען זיך געצויגען בערג און זיך אויסגעלעגט ביים ברעג, וואו די זון האָט געפּרואווט איהרע ערשטע שטראַהלען דורכשיקען און שוואַרץ־חושך איז דער מזרח געוואָרען און געדאַכט האָט זיך, אַזוי ווי אין מעריב וואָלט עמיצער אַ בייזער געשמשירעט די צייהן מיט נצחון.

ביי ראָזי׳ן אין די אויגען זיינען טרערען געשטאַנען:

— איך וועל שוין קיינמאָל דעם זונען־אויפגאַנג ניט זעהן, — האָט זי אומעטיג געזאָגט.

— איהר וועט אַ צווייטען מאָל אַהער קומען; מיר׳ן מאַר־גען ווידער געהן, — האָב איך זי געטרייסט.

פון אונטער אונזערע פיס האָט אַרויסגעקוקט דער תהום אַזוי שרעקליך, אַזוי פינסטער.

עס איז געקומען אַ גרויער פריהמאָרגען. דער גאַנצער הימעל איז געווען באַצויגען מיט בלייערנע וואָלקענס און דער ווינט איז וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ מעהר בייסענד, שניידענד.

— ניין, מיר׳ן היינט ניט האָבען קיין זונען־אויפגאַנג, — האָב איך מיט פאַרדרוס געזאָגט.

פּלוצים האָט ראָזי אַ געשריי געטאָן הויך און קלינגענד:

— די זון קומט, די זון קומט.

איך האָב געקוקט אין דער זייט, וואו זי האָט מיר געצייגט מיט׳ן פינגער. אַ קיילעכדיגער, העל־רויטער פינטעל האָט שטי־פעריש אַרויסגעקוקט פון אונטער די וואָלקענס. צווישען דער ערד און דעם הימעל האָט זיך עס באַוויזען; און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס האָט אַ קינד אַן אויגעל געעפענט.

— די זון קומט. גאָט מיינער, זעהט ווי שעהן! פאַרוואָס

שווייגט איהר? פיהלט איהר דען גארנישט? — האט זי גע־שריען, האלטענדיג פעסט מיינע לאצען.

א פרישע, רויטע פארב האט זיך צוגאסען איבער איהר פנים. איהרע גרויע אויגען האבען אויפגעבליצט מיט ענטציקונג.

דער רויטער פינטעל איז זיך צוואוואקסען וואס א רגע אלץ גרעסער און האט באפארבט דעם גאנצען האריזאנט מיט א בלוט־רויטען קאליר.

ראזי איז ארומגעשפרונגען ווי א ווילדע. זי האט געפאטשט מיט די הענט פאר פרייד און הויך געלאכט. דאן האט זי ארומ־געכאפט מיט איהרע פולע ארעמס מיין האלז און גענומען שעפ־טשען.

— אט ווערט עס געבארען. א שמאלער, לאנגער פאסיקעל. אך, עס שווימט ארויס, עס ווערט גרעסער. גאט מיינער!

זי האט פארמאכט די אויגען און זיך געצויגען מיט איהרע ווארימע ראזעווע ליפען צו מיינע. מיר האבען גענומען שוועבען אויף פליגלען. איך האב געהערט, ווי איהר הארץ פלאטערט און שפרינגט אין איהר ברוסט. זי איז געלעגען מאכטלאז אין מיינע ארעמס.

אז מיר האבען זיך ארומגעקוקט, איז שוין די זון, א גרויסע, א קיילעכדיגע, א גלענצענדע, געשוואומען אין דעם הויכען רוים...

* * *

— אט דא, אויף דעם פלאץ, איז דאס קינד אומגעקומען, — האט מיין אלטער, גוטער פריינט געזאגט, צייגענדיג מיט א פינ־גער אין אפגרונד.

ראזי איז געלעגען צו זיין רעכטער און איך צו זיין לינקער האנט. מיר האבען געקוקט אין דער הויכער, ווייטער בלויקייט. נאר פלוצים האט ראזע א זאג געטאן:

— איך האב היינט אין חלום א קוש געטאן די אויפגעהענדע זון, — און זי האט זיך שטארק צולאכט.

איך און מרדכי האבען געשוויגען.

# א פראגע

זיי האָבען זיך היים און צערטליך געליבט.ביידע זיינען זיי נאָך יונג, שעהן און קרעפטיג געווען. זיי האָבען אריבערגע־לעבט יענע גליקליכע אָבער קורצע צייט, וואָס צוויי יונגע וועזענס האָבען ביי זייער ערשטען צוזאמענקונפט אין ליבע, ווען מען איז נאָך ריין און אונשולדיג.

עס איז געווען א פּאָר וואָכען נאָך זייער חתונה און זייערע געשפּרעכען פלעגען זיך ווענען ווענען זייער הייסער אמת׳ער ליבע, ווענען טרייהייט, טרייהייט ביז׳ן לעצטען אָטעם־צוג.

און, שטיפעריש ווי קינדער, פלעגען זיי נאָר וועלען אריבער־שטייגען איינער דעם אנדערען אין די פארזיכערונגען ווענען זייער איבערגעבענהייט, אריבעריאָגען זיך אין די פייערליכע שבועות ביז פארמאטערטע, גליקליכע פלעגען זיי זיך פאַלען אין די אָרעמס אין אן אויסברוך פון די גרעסטע צערטליכקייטען.

איבערהויפּט איז זי, די יונגע פרוי, געווען איינגעשפּארט אין איהרע פארשפּרעכונגען. יעדע ווײַלע איז זי צוגעלאָפען און מיט איהר יונגען ווארימען קערפּער צוטוליענדיג זיך צו איהם און באַ־דעקענדיג זיין געזיכט מיט קושען פלעגט זי זאָגען:

— דו ביזט מיין לעבען, מיין גליק. אָהן דיר האָט די וועלט קיין ווערט, אָהן דיר וואָלט איך קיין איין מינוט ניט געלעבט.

און אזוי ווי ער איז נאָך יונג געווען און האָט איהר אָהן א גרענעץ געליבט, האָט ער באמת געגלויבט איהרע רייד, האָט אפילו אויף קיין רגע אין דעם ניט געצווייפעלט.

---

איין מאָל איז איהם איינגעפאַלען צו מאַכען א שפּאַס מיט זיין יונגער פרוי. ער האָט איהר געפרעגט:

— וואָס אייגענטליך וואָלסטו טאָן אין דער אמת׳ען, ווען איך נעהם אָט אַזוי פּלוצלונג און שטארב?

— שווייג, שווייג! — האט זי גענומען שרייען מיט כעס, — איך וויל דאס ניט הערען. ביזט א שלעכטער. ווילסט מיך פאר־שאפען יסורים!

— איך בעט דיך, זאג מיר. איך וויל דאס וויסען.

— געה, איך וויל מיט דיר ניט ריידען!

— אבער זיי א קלוגינקע און ענטפער, — האט ער זיך ביי איהר געבעטען. אין זיין קול האט זיך שוין ניט געפיהלט קיין שפאס, נאר א טיפער ערנסט. איהם האט זיך אין דער אמת'ען שטארק געוואלט וויסען וואס וועט זי טאן ווען ער שטארבט. נאר אזוי ווי זי האט ניט געענטפערט און איז געזעסען א ברוגז'ע מיט אנגעבלאזענע ליפלאך, איז ער אויך אנשווייגען געווארען.

ער איז געווען די גאנצע צייט שטארק איינגעגלויבט, אז דאס וואס זי זאגט איז דער ריינער אמת, אז זי וועט אהן איהם ניט לעבען, און האט גאר ניט געטראכט וועגען דער באדייטונג פון איהר פארזיכערונג. איצט, אז ער האט צופעליג, אזוי זיך אין שפאס, געשטעלט די פראגע, האט איהם מיט אמאל א צופ געטאן אין הארצען און עס איז איהם פלוצלונג אומעטיג געווא־רען — אומעטיג דאס ערשטע מאל זינט זייער חתונה.

אויך איהר איז מיט אמאל געווארען שווער אויפ'ן הארצען. דאס ערשטע מאל זינט זיי האבען זיך באקענט, שטעלט ער איהר אזעלכע מאדנע פראגען. פריהער האט זי עס פון איהם קיין מאל ניט געהערט. און אין הארצען ביי איהר האט זיך אריינגע־גנב'עט צום ערשטען מאל א צווייפעל, צי ליבט ער זי אין דער אמת'ן, צי זי האט זיך ניט גענארט.

ענדליך האט ער איבערגעשלאגען די שטילקייט. ער האט געזאגט:

— איך בעט דיך, טו מיר א טובה: ענטפער אויף דער פראגע, וואס איך האב דיר געשטעלט. אדער ווייסטו גאר וואס? — האט ער צוגעלעגט — איך וועל דיר פרובירען אויסמאלען ווי אזוי דאס קען פאסירען. איך וועל דיר ווייזען דאס בילד ווי אזוי דאס וועט געשעהן. דו טראכט זיך אין דעם גוט אריין און ענטפער מיר. איך פארלאנג דאס פון דיר, הערסט!

זי האט א לייכטען ציטער געטאן. אזא ערנסטען, באפעה־

לענדען טאָן האָט זי נאָך קיין מאָל פון איהם ניט געהערט. א ווײלע האָט זי איהם אין די אויגען ארײנגעקוקט, אזוי ווי זי וואָלט וואָס ניט איז פון דאָרט געוואָלט ארויסלעזען, זי האָט איהם לײכט פון זיך אָפּגעשטויסען און געזאָגט:

— ווילסט מיר שטעלען צו פּראָבע? דו צווייפעלסט אין מײן אמת'ער ליבע? גוט, רייד וואָס דו ווילסט. זאָל אַלעס קלאָר ווערען. איך וויל ניט ליידען, אז צווישען אונז זאָל זיין א צוויי־פעל. רייד, איך הער.

— אָבער איך מוז דיר אין די אויגען קוקען, דיין געזיכט זעהן אין דער צייט וואָס איך וועל ריידען. דו לעג זיך אויף דער סאָפע און איך וועל זיצען לעבען דיר אָט אזוי אָ.

— שטעל זיך פאָר, אז איך בין קראנק געוואָרען אויף א טיפוס אָדער אזוי אויף א שווערער קראַנקהייט, — האָט ער אָנ־געפאַנגען מיט אַן אומעטיגען שמייכעל. — דעם באַוואוסטזיין האָב איך פארלאָרען. איך רייד פון היץ, וואַרף זיך אין קאָנ־וואולסיעס, די דאָקטוירים שאָקלען ערנסט מיט די קעפּ, — א סימן, אז עס האַלט שמאָל... טרייסעל זיך ניט און הער מיט קאָפּ.

— עס איז שוין דער פינפטער טאָג און מיר ווערט וואָס ווייטער אַלץ ערגער. דו ביזט בלייך, אָפּגעצעהרט, די אויגען מאַט, רויט פון וויינען און פון ניט שלאָפען. אַלע בעטען זיך ביי דיר, אז דו זאָלסט זיך צולעגען כאָטש אויף א ווײלע; קוים מיט צרות פּועל'ט מען עס ביי דיר.

— ס'איז ניט אמת. איך וואָלט ניט שלאָפען! — האָט זי אויסגעשריען.

— זיי ניט קיין נאַרעלע. א מענש מוז דאָך שלאָפען. מען קען דאָך אזוי אויסגעהן פון די כחות. לעגסטו זיך צו אויף א ווײלע, אזוי זיך אויף א פּאָר מינוטען און ווערסט פּעסט אנט־שלאָפען און פאַרגעסט אין גאַנצען אָן מיר. אין קאָפּ ביי דיר וועבט זיך א חלום וואָס האָט מיט מיין קראנקהייט גאָר נישט צו טאָן, אזוי זיך א טרוים פון די מיידעלשע יאָהרען, פון שעהנע קליידער, פאַרעהרער, בעלער און נאָך אזוינע נארישקייטען.

— איך עפען די אויגען, זוך דיך, און דו ביזט ניטאָ. אָנ־שטאָט דיר זיצט עפּעס אַן אַלטיטשקע, מיט די הענט פארלענט

אויפ׳ן האַרצען און דרעמעלט, געשמאַק אונטערפּייפּענדיג מיט׳ן נאָז. מיר ווערט אומעטיג אויפ׳ן האַרצען און איך הויב אָן מיט אַ שוואַכען קול צו רופען: ראָזי! ראָזי! קיינער רופט זיך אָבער ניט אָפּ. מיר ברענט אין מויל אַ שרעק: איך וויל אַ טרונק וואַסער; איך ליג אַ פאַרשמאַכטער, אַ פאַרלאָרענער. די היץ ווערט שטאַרקער און איך פאַרליר דאָס באַוואוסטזיין.

דו ווייַנסט גאָר? נו, זיי ניט קיין נאַר. דאָס איז דאָך נאָר אַ פאַנטאַזיע. אַך, איך פאַרשטעה! דיך פאַרדריסט וואָס דו האָסט מיך געלאָזט אליין; האָסט אויף מיר רחמנות. נאָר וואָס ביזטו שולדיג? ביזט דאָך מעהר ניט ווי אַ מענש! דו ווייסט דאָך ניט, אַז מיט מיר האַלט אַזוי שמאָל, אַז אין דער אמת׳ען הויבט זיך עס גאָר אָן מיין גסיסה.

— אוי, הער אויף! — האָט זי אויסגעשריען, באַגיסענדיג זיך מיט טרערען. — איך קאָן עס שוין מעהר ניט אויסהאַלטען. — נאָר באַלד האָט זי זיך פאַרכאַפּט — רייד, רייד ווייטער; אָפּגעמאַכט, איז פאַרפאַלען.

— יע, עס האָט זיך אָנגעהויבען די גסיסה. עס הויבט אָן אָפּצושטאַרבען אין מיר איין גליד נאָכ׳ן אַנדערען. דער טויט קריכט וואָס ווייטער אַלץ העכער, העכער צום האַרצען. איך קאָן שוין ניט ציהען דעם אָטעם. איך כאָרכעל, וואַרף זיך. דו שטעהסט איבער מיר אַריבערגעבויגען און ציטערסט מיט׳ן גאַנצען קערפּער. פאַר שרעק און וועהטאָג האָסטו אַזש דעם קול פאַרלאָרען. און דאָ ציהט זיך די צייט ווי פּעך. אַ גאַנצע אייביגקייט, דאַכט זיך, דויערט עס, און טיף ביי דיר אין האַרצען וואַקסט אַ פאַרלאַנג, אַז „זאָל זיך עס שוין ענדיגען, זאָל שוין נעהמען אַ סוף”... ענדליך גיב איך זיך אַ טרייסעל, אַ ציה דעם אָטעם און גלייך זיך אויס — איך בין געשטאָרבען.

אַ היבשע ווייַלע איז ער געזעסען מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. אין האַלז האָט איהם פאַרקוועטשט, און ער האָט דערפיהלט אַ שטאַרקען פאַרלאַנג צום וויינען. קוים מיט מאַטערניש האָט ער זיך באַהערשט און ווייטער גערעדט:

— עס הויבט זיך אָן מיין לויה. אָנגעטאָן אין תכריכים ליג איך אין אָרון און פרעמדע מענשען עוסק׳ען זיך אַרום

מיר. אַ קליין הייפעלע באַקאַנטע שטעהען אַרום מיר מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. דו ליגסט אַ פאַר׳חלש׳טע, אַ שוואַכע, אָהן קרעפטען אויפ׳ן בעט. מאַקס, אונזער בעסטער גוטער פריינט, וואָס האָט דיר אַזוי ליב, מינטערט דיך, ער טרייסט דיך און וויינט אַליין מיט ביטערע טרעהרען. אויס רחמנות צו דיר, טרייבט ער אונטער, אַז עס זאָל זיך שוין וואָס גיכער ענדיגען די צערעמאָניע: מען זאָל מיר שוין וואָס גיכער אַוועקנעהמען פון דאַנען. עס באַוויזט זיך דער טויטען־וואָגען. מען טראָגט מיך אַרויס. דו שפּרינגסט אויף, וואַרפסט זיך צו מיר, פאַרשטעלסט דעם וועג, ווילסט ניט לאָזען מיך אַוועקנעהמען, נאָר מען האָט דיך איבערגוואַלד אַוועקגעריסען. דו ראַנגעלסט זיך, וואַרפט זיך און רייסט זיך אַרויס מיט אַ יאָמער אין גאַס, אָבער דו געפינסט מיך שוין אין שוואַרצען וואָגען. מען ריהרט זיך פון אָרט, און די לויה הויבט זיך אָן.

אויפ׳ן בית עולם איז שוין פאַרטיג אַ גרוב, אַ פרישער, אַקאָרשט אויסגעגראָבענער קבר. אויף די זייטען ליגט די פייכטע, פרישע זאַמד. די עטליכע פריינט, וואָס האָבען מיך אָהין באַגלייט, שטעהען אַרום דעם אָפענעם קבר שטילע, פאַרטראַכטע.

פאָרזיכטיג לאָזט מען מיך אין דער נאַסער גרוב אַראָפּ. דו וואַרפסט אַ לעצטען קוק אויף מיין ווייסען לאַנגען אונבאַוועגליכען קערפּער, רייסטס זיך צו שפּרינגען צו מיר אין קבר אַריין. איבערגוואַלט נעהמט מען דיך אַוועק, און אויף גיך הויבט מען אָן שיטען אויף מיר לאָפּעטעס ערד. דער קבר הויבט זיך אָן אָנצופילען. ביסלאַכווייז וואַקסט אויס אַ פּריש בערגעל ערד, וואָס וויזט אָן, אַז דאָ ליג איך אַ טויטער, אַ באַגראָבענער, און דו וועסט . . . אַך, יאַ, וואָס וועסטו טאָן? זאָג, ענטפער: וואָס וועסטו טאָן נאָך דעם?... — האָט ער מיט נצחון אויסגעשריען.

זי האָט גאָר נישט געענטפערט. זי איז געזעסען אַ שטילע, אַ פאַרטראַכטע. אין קאָפּ האָט זיך איהר געמאָלען דאָס וויטערע בילד: זי, אַ יונגע אַלמנה, אָנגעטאָן אין טיפען טרויער, אַ בלאַסע, אַן אומעטיגע, איז פאַרלאָזען, פאַרגעסען פון אַלעמען, אַן איינזאַמע יונגע אַלמנה. נאָר איין פריינט האָט זי, וואָס פאַרלאָזט איהר ניט. ער וואַכט איבער איהר צערטליך, געטריי, טרייסט

איהר און קוקט איהר אין די אויגען אריין מיט אזוי פיל ליבע און איבערגעבענהייט. און עס שטעלען זיך איהר אין די אויגען גרויסע טרעהרען — אוים דאנקבארקייט, אוים טיפער דאנקבארקייט צו איהם, צו איהר איינציגען גוטען פריינט אויף דער גאנצער גרויסער וועלט...

און ער, דער מאן, האט אט די טרעהרען אויף זיין חשבון פארשריבען. ער האט עס אלס ענטפער אויף זיין פראגע אנגענומען און מיט די גאנצע קרעפטען האט ער איהר צו זיין הארצען געדריקט און מיט הייסע, פייערדיגע קושען איהר געזיכט באדעקט. ווארום ער האט זי געליעבט.

# איהר נקמה

אפטמאל, אז די פרוי זיינע פלעגט ווערען גוט אין כעס, האט זי זיך גענומען פאר'ן אלטען אויסגעפרובירטען מיטעל; זי פלעגט צולויפען צום שופלאד, ארויסנעהמען אן אלטען, געל־געווארענעם בריף און דערמיט פאכען פאר זיין פנים און שרייען:

— נא, זעה וואס פאר א כשר'ע נשמה דו ביזט.

ער פלעגט דאן א ציטער טאן פאר פרייד, א שטיין פון האר־צען האט זיך איהם אראפגעקייקעלט.

— הייסט עס, דער בריף איז דא. זי האט איהם נאך ניט פארניכטעט, — פלעגט ער ביי זיך טראכטען, און א נחת'דיג געפיהל פלעגט זיך איהם צוגיסען אין אלע גלידער.

אמת, צוזאמען מיט דעם געפיהל, איז געווען אויסגעמישט דאס געפיהל פון שאנדע: דער באוואוסטזיין, אז זי, די פרוי זיינע, ווייסט פון זיין זינד, אז טאג־איין, טאג־אוים פאטשקעט זי זיך דערמיט, האט איהם געפייניגט און וועה געטאן. אבער אין דער זעלבער צייט האט ער געציטערט פאר פרייד.

יעדע ווייל אין די ניין יאהר האט ער געהאלטען אין איין פלאטערען, אז זי וועט דעם בריף פארניכטען, אז זי וועט חלילה נעהמען באגרייפען, וואס פאר א גליק אט דאס שטיקעל פאפיר פארשאפט איהם, און אוים נקמה וועט זי עם פארברענען. דאן וואלט יעדער לעבעדיגער שפור פון דעם פארגאנגענעם קורצען גליק פארשוואונדען, און עס וואלט נאר פארבליבען דאס הארטע, קאלטע לעבען, די אנקומענדע עלטער און דאס אייביג־בייז, פאר־קרימט געזיכט פון דער פרוי.

קוקענדיג אין דער זייט, וואו דער בריף איז געלעגען, האט זיך איהם אלץ געדאכט, אז פון דארט ציהען זיך אונזיכטבארע ליכטיגע פעדים, פונקען שיטען זיך, אז עס שיינט און עס לייכט דארט.

און אויסער זיין אייגענעם וויסען און ווילען, פלעגט זיך א גוטער שמייכעל צוגיסען אויף זיין שעהנעם, כאָטש שוין פאַר־עלטערטען פנים. אָבער ער האָט זיך געהיט און עס פאַרבאָרגען, ווען זי פלעגט צולויפען צו איהם, ווייזען איהם דעם בריף און שרייען:

— נא, זעה, קוק, וואָס פאַר א צדיק, וואָס פאַר א כשר׳ע נשמה דו ביזט.

פלעגט ער זיך צונויפציהען, ווי מ׳וואָלט איהם געשמיסען מיט א בייטש, ער פלעגט אויסקרימען דאָס געזיכט, עס זאָל אויס־קוקען נעבאכדיג, ווי דאָס וואָלט איהם פארשאַפט גאָט ווייס וואָס פאַר א יסורים; און דערביי, מיט א ווינקעל פון אויג, כאַפּען א קוק אויף דעם געלען, מאטען פאַפּירעל מיט פארבאָרגענער ליב־שאַפט. איהם האָט זיך געדאכט, אז ער זעהט די ווייכע, צאַרטע האַנט, מיט די דינע פינגער, מיט די חן-גריבלאך. די האַנט, וועלכע ער האָט אזוי פיל מאָל צו זיינע ליפּען געדריקט, באַווייזט זיך צו איהם און ווינקט איהם צו א טרייסט-וואָרט:

— שווייג, מיין פריינד, און לייד. וואָס זאָל מען טאָן? אָט אזוי איז דאָס לעבען.

דער ווייב׳ס בייזע, צאָרנדיגע רייד, איהר רויט פאַרלאָפּען פנים, די קנייטשען אויפ׳ן שטערען, די צושאָטענע האָר, האָבען איהם דערעסען צום טויט. קיין איין גוטע מינוט האָט ער פאַר די גאַנצע ניין יאָהר ניט געהאַט. זי פארשטויסט איהם פון זיך אויפ׳ן גרעבסטען אופן. ער דרעהט זיך ארום אין הויז ווי א פרעמדער. זי צאַפּט איהם דאָס בלוט אויפ׳ן גרויזאַמסטען אַרט. דאָס לעבען זיינס איז פארוואַנדעלט געוואָרען אין א גהינום, אָהן פרייד, אָהן ליכט, און ער ווייס, ער איז זיכער, אז ווען ער געהט צו איהר צו און זאָגט:

— צוריים דעם בריף, פארניכט איהם, ווייל מיך פארדריסט אויף דאָס פארגאַנגענע.

ווען ער זאָגט דאָס, איז ער זיכער, אז זי וואָלט איהם אַלעס פארגעבען, און עס וואָלט איהם גוט געווען, גוט, ווי אין יענער קורצער צייט, איידער זי האָט דעם בריף געפונען.

ער וועט עס אָבער ניט טאָן. ער וויל קיין ליגנער ניט זיין.

ער קאָן ניט פאַרלייקענען דאָס געפיהל, וואָס זיין באַגעגעניש מיט יענער האָט אין איהם געלאָזען; בלויז די ערהאַינערונג אָן דעם פאַרשאַפט איהם אַ זעלטענעם גליק. ניין, ער וועט עס קיין מאָל ניט זאָגען.

אָפּט, בלייבענדיג אַליין און קוקענדיג אויפ'ן פאַרשלאָסע־נעם קאַמאָד, הויבט ער אָן טרוימען, טרוימען אויפ'ן וואָהר. ביל־דער פון דער פאַרגאַנגענער צייט טראָגען זיך איינס נאָכ'ן אַנ־דערען פאַר זיינע אויגען. —

ער האָט זי געטראָפען אויף אַן אָוועגט. עמיצער האָט זיי באַקאַנט, און פון ערשטען בליק אויף איהר האָט זיך עס אָנ־געהויבען.

אָפטמאָל, טראַכטענדיג וועגען העם ערשטען איינדרוק, זוכט ער עס צו פאַרשטעהן. ער ערקלעהרט זיך עס מיט דער איינגע־טימליכקייט פון זיין נשמה. עס זיינען דאָ זאַכען, וואָס מאַכען אויף איהם אַ שטאַרקען איינדרוק, וואָס פאַרכאַפּען איהם אין גאַנצען, ציהען איהם אַוועק נאָך זיך.

ווען ער הערט אויף אַ קאָנצערט ווי די פידלען שפּילען, די טרומייטען שרייען און ליאַרמען, בלייבט ער קאַלט און גלייכגילטיג. ער טראַכט וועגען אַנדערע זאַכען. די מוזיק איז איהם ווייט און פרעמד. אָבער פּלוצים, גאָר אומגעריכט, רייסט זיך אַריין אַ טאָן, עס קלינגט עפּעס דורך דער לופט; איין טאָן נאָר, איין אויסגעשריי — און ער טוט אַ ציטער, מוראַשקעס לויפען איבער זיין לייב. דער אָרקעסטער שפּילט ווייטער, ליאַ־רעמט און שרייט. ער הערט ניט און פאַרשטעהט ניט. אָבער יענעם קלאַנג הערט ער נאָך, ער פיהלט איהם אין זיך. עס האָט איהם צורודערט און ער קאָן זיך ניט באַפרייען פון דעם.

ער זעהט פּנים'ער. זיי אַלע זיינען פאַר איהם פרעמד און ווייט. נאָר פּלוצים שוועבט פאַרביי אַ געזיכט, עס גיבען אַ בליץ אַ פּאָר אויגען, און ער קען עס לאַנג ניט פאַרגעסען.

זי איז געוועזן שעהן, אָבער ניט דאָס אַליין האָט איהם גע־פאַנגען. אין איהרע אויגען האָט ער דערזעהן עטוואָס, וואָס האָט איהם אויפגערודערט — אַזאַ שטראַהלענדע גוטסקייט, אַזאַ רוהיגקייט האָט ער נאָך קיין מאָל ניט געזעהן, ניט באַגעגענט.

און אפשר איז דאָס געווען דערפאר, וואָס צו יענער צייט האָט זיך שוין דער כאראקטער פון זיין פרוי אָנגעהויבן ארויס־צואווייזען בולט: איהרע געשרייען, איהר אָפטער כעס, די צו־רייצטקייט האָבען איהם גענומען אָפּעקלען, און דערפאר האָבען יענע גרויסע, שווארצע, פארקלעהרטע אויגען אויף איהם אזא איינדרוק געמאכט. אָדער אפשר איז דאָס געווען, ווייל ער האָט שוין צו יענער צייט אריבערגעשפאנט די דרייסיגער, און ער האָט גענומען פיהלען יענעם דרוק, יענעם אומעט, וואָס מיר דער־שפירען, שטעהענדיג אויפ׳ן שייד־וועג צווישען דער פארשווינ־דענדער יוגענד און דעם אָנקומענדען עלטער.

אלענפאלס איז ער באלד צוגעצויגען געוואָרען צו איהר. די ערשטע רייד, איהר שמייכעל, דער גלאַנץ פון די אויגען, די פולע ליפען, איהר בויגיגע יונגע פיגור, איהר פרישקייט האָט איהם אין גאַנצען פאר׳שכור׳ט.

זי איז געווען פארהייראַט. אָבער עס איז קענטיג געווען, אז זי איז ניט צופרידען, אז זי איז ניט גליקליך. אין איהם האָט זי אפשר דערזעהן דעם ערשטען שטארקען מאַן. זי האָט דער־שפירט די מעגליכקייט פון גליק, און ניט פארקלעהרענדיג זיך אויף איין רגע אפילו, האָט זי זיך איהם אָפּגעגעבען, אין גאַנצען אָפּגעגעבען.

ער קען זיך פאר קיין פאל ניט דערמאָנען, וואָס פאר א צייט פון יאָהר דאָס איז געווען, ווינטער אָדער זומער, הערבסט אָדער פריהלינג. ער געדענקט נאָר, אז עס איז געווען זעהר ליכטיג, אז דער הימעל איז אלע מאָל געווען לויטער און אז קיין מאָל נאָך האָט די זון אזוי העל ניט געשיינט.

און ווידער אמאָל איז ער יונג געוואָרען, האָט געלאַכט, גע־טאַנצט און געשפּרונגען ווי א אינגעל. אפילו די פרוי זיינע האָט אין איהם די דאָזיגע ענדערונג באמערקט:

— וואָס איז מיט דיר? האָסט נאָך קיין מאָל אזוי ניט גע־שיינט ווי איצט. עפּעס קוקסטו מיר אויס גאָר ווי אמאָל, — האָט זי געזאָגט און איהם שארף אריינגעקוקט אין די אויגען.

און פּלוצים האָט זיך עס אלעם אָפּגעריסען...

די פרוי זיינע האָט געמיינט, אז דערפאר איז ער אומעטיג,

אָפּגעלאָזט, ווייל איהם פארדריסט אויף דאָס געשעהענע, אז ער האָט חרטה. זי האָט ניט געוואוסט די אמת'ע אורזאך פון זיין דריקענדען אומעט.

אז ער האָט יענער איבערגעגעבען די נייעס, אז איהר בריף איז אריינגעפאלען, האָט זי אויפגעציטערט, זיך פארשטעלט דעם פנים מיט ביידע הענט, זיך געוואָרפען אויף'ן בעט און גענומען שרייען אויסער זיך:

— געהט אוועק, לאָזט מיך, לאָזט מיך אליין!

— טייערע, וואָס איז מיט דיר? פאר וואָס טרייבסטו מיך? — האָט ער געשטאָמעלט מיט אָפּגעשטאָרבענע ליפּען און געוואָלט אָננעהמען איהר האנט.

— ריהרט מיך ניט אָן, לאָזט מיך, געהט, געהט! — האָט זי מיט צאָרן געשריען.

מעהר האָט ער זי קיין מאָל ניט געזעהן. זי איז ערגעץ ווייט אוועקגעפאָהרען, ווייט און קיין איינציגער צייכען איז פון יענער צייט ביי איהם ניט געבליבען.

און גלייך נאָכדעם האָט זיך די עלטער אויף איהם אראָפּגע-לאָזט, עפּעס אזוי ווי זי וואָלט געשטאַנען און געלויערט אויף איהם. און איצט, אז ער איז געבליבען אליין, האָט זי, די עלטער, זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען מיט איהר גאַנצער גרויזאמקייט.

דאָס ביטערסטע פאר איהם איז דער געדאנק, אז דערפאר איז יענע פון איהם אוועק, ווייל אין דער אמת'ן האָט זי איהם גאָר ניט געליבט, נאָר זי האָט גענומען פון איהם דעם גענוס, וואָס זי האָט אנדערש־וואו ניט געקראָגען, און ווי זי האָט נאָר דער-פיהלט די מעגליכקייט פון א סקאנדאל האָט זי זיך דערשראָקען.

דאָס איז נאָר א חשד, און ער וויל וועגען דעם ניט טראכטען. ער ווייס נאָר, אז איין מאָל איז אין זיין לעבען געווען פרייד, גרענעצלאָזער נחת און אז דאָס איז פארשוואונדען. איבערגע-בליבען איז נאָר אָט דער בריף, וואָס האָט איהם אזוי פיל אונגליק און פיין געבראכט, אָבער וואָס איז דאָך דער איינציגער אוצר פון יענער ליכטיגער זייט.

און וואָס ווייטער די צייט לויפט, און וואָס מעהר די האָר זיינע ווערען ווייס, דער פּנים צוקנייטשט, אַלץ מעהר וועבט זיך

שעהנקייט און גליק ארום אט דעם אלטען, געל געוואָרענעם שטיקעל פאפיר, וואָס קוקט אויף איהם מיט רחמנות און וואָס ווינקט דאכט זיך צו איהם:

— שווייג, מיין פריינד, און לייד. וואָס זאָל מען טאָן? אָט אזוי איז דאָס לעבען.

און ער ציטערט און פלאטערט נאָר, אז זי, די פרוי זיינע, זאָל דעם איינציגען צייכען פון דעם פארשוואונדענעם גליק זיינעם ניט צורייסען, ניט פארניכטען.

# דאָס געפונענע בילד

צווישן די בילדער אויף די ווענט פון מיין חדר׳ל איז דאָ איינס, וואָס איז צו מיר געקומען צופעליג, גאַנץ אומגעריכט. איך האָב די פּערזאָן קיין מאָל ניט געזעהן. איך ווייס אפילו ניט צי זי לעבט. און דאָך קאָן איך זיך פון בילד ניט שיידען. פאַר קיין פאַל ניט.

די קאָמפּאַניע, צווישן וועלכער איך האָב דאָס דאָזיגע בילד אַריינגעפיהרט, איז אַ בכבוד׳ע. אַלע זיינען זיי אייִדעלע מענשען, ריינע נשמות. איך וואָלט אייך געקאָנט אָנדערצעהלען וועגען יעדען׳ס לעבען גאַנצע בערג, און איך פאַרזיכער אייך, אַז איהר וואָלט וועגען זיי קיין איין שלעכט וואָרט ניט געהערט.

וואָרים, למשל, וואָס קאָן איך ריידען פאַר אַ שלעכטס וועגען מיינער אַ מוהמע, אַ דיקע פרוי מיט אַ הויכען בארג האָר אויפ׳ן קאָפּ, וואָס איך ווייס ניט צי זיי זיינען אייגענע אָדער פרעמדע, און מיט לאַנגע אוירינגלאַך, וואָס איך ווייס ניט צי זיי זיינען גאָלדענע אָדער פאַלשע. אָבער איהרע גרויסע אויגען, שטרענגע און בייזע, דערצעהלען מיר וועגען אַן אמת פרומער, גאָטספאָרכ־טיגער נשמה, וואָס איז דורכגעגאַנגען גאָט׳ס וועלטעל אונבאַ־פלעקט פון שלעכטע מעשים. מעהר ניט, וואָס זי פלעגט זיך פאַ-טשען מיט׳ן מאַן (זי איז שוין איצט אויפ׳ן עולם האמת).

אָדער אַ שטייגער מיין באָבע׳ס בילד, וואָס קוקט אויף מיר שטענדיג מיט שוואַכע, האַלב־אויסגעלאָשענע אויגען גלייך אין דער נשמה אריין, מיט אַ פאַרוואורף דערפאַר, וואָס איך בין ניט אײ־אײ־אײ אין הלכות אידישקייט, און מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז זי האָט נאָך אַלץ חשק מיר אָנצופּאַטשען מיט איהרע דאַרע, טרוקענע הענטלאַך, ווייל איך בין אַ שייגעץ.

און דאָס בילד פון מיין מאַמע, זאָל געזונט זיין, וואָס שמיי־

כעלט צו מיר אומעטיג, מיט זאָרג: קינד מיינס — דאכט זיך מיר, הער איך — קינד מיינס, סטייטש אומגעוואשען, ניט געדאַ־ווענט, דער ארבע כנפות וואו איז?...

און דער טאטע, זאָל געזונט זיין, און דער פעטער לייב, לאנג לעבען זאָל ער, מיט'ן גזלנ'ישען פּנים און די געדיכטע לאנגע ברעמען איבער די בייזע, ברענענדע, גרויע אויגען.

צווישען דער דאָזיגער חברה האָב איך דאָס בילד אויפגע־האנגען. אמת, די ערשטע פּאָר טעג האָט עס מיך שטארק געמאַ־טערט. איך האָב געפיהלט, אז איך באגעה אַן אומרעכט קעגען די אָרימע מענשען. מיר האָט זיך אַלץ געדאכט, אז זיי שפּרינגען אויס'ן הויט פאר כעס.

אַ פּאָר מאָל האָב איך אין שלאָף געזעהן די מומע. זי האָט זיך צו מיר געשארט מיט אויסגעשטרעקטע הענט, איהרע שארפע נעגעל האָבען געפינקעלט. איך בין אויפגעשפּרונגען פאר שרעק, אַ באנאַסענער מיט שוויים.

אָבער אראָפּנעהמען דאָס בילד און עס פאררוקען אין אַ ווינ־קעל האָב איך ניט געקענט. איין גאָט איז מיין עדות, אז איך האָב ניט געקאָנט.

* * *

— מיסעס לעבען, וואָס איז דאָס פאר אַ פּאַק מיט שמאטעס אויפ'ן שראנק? פאר וואָס האָט איהר עס ניט צוגענומען? איך האָב, אז צופיל פרישע לופט וועל איך דאָ, ביי אייך ניט האָבען, — האָב איך געזאָגט צו מיין נייער בעל־הבית'טע, באלד ווי זי האָט מיר געעפענט די טיר פון מיין נייעם חדר.

— זאָלט איהר מיר געזונט זיין, וואָס ארט אייך, אז עס ליגט דאָרט? עס בעט דען עסען? ווער האָט כח צו פארנעהמען זיך מיט דעם ליגט, זאָל ליגען, — האָט זי מיר גע־ענטפערט קאַלט ווי אַ גזלן, וואָרים די אכט דאָלאר זיינען שוין ביי איהר אין קעשענע געלעגען.

און זי האָט מיט כעס פארהאַקט די טיר הינטער זיך.

מיר איז געווען שווער אויפ'ן הארצען. די נייע דירה מיינע, מיט די גרינע, שמוציגע ווענט און דעם פארדרויכערטען באַלקען האָט זיך מיר אויסגעוויזען ווי אַ קאַלטער קבר. דאָ איז געווען

שטיל, גרוי און אומעטיג. דער דאָזיגער געפיהל איז ביי מיר קיין נייעס ניט. שטענדיג, אין מיינע וואַנדערונגען פון צימער צו צימער, פיהל איך זיך די ערשטע טעג מורא'דיג שלעכט, און איך וויים, אַז דער בעסטער מיטעל איז זיך נעהמען עפּעס טאָן, באַוועגען, אַרבייטען. מען טאָר ניט צופיל טראַכטען. די גרויע טונקעלהייט, די שמוציגע ווענט, די שטיקענדע לופט און די אומעטיגע געדאַנקען, קאָנען דאָך לייכט אַ מענשען פון זינען אַראָפּפיהרען...

צופּאַקט די זאַכען, צולעגט די ביכער און אויפגעהאַנגען די בילדער אויף דער וואַנט געגענאיבער מיין בעט, האָב איך גענומען אַרומשפּאַנען איבער'ן צימער הין און צוריק. איך האָב געדאַרפט בייקומען דעם יצר־הרע, וואָס האָט מיך שטאַרק אָנגערעדט, איך זאָל אַרויס אין גאַס, אויף דער ליכטיגער, פרייער וועלט, צווישען מענשליכען טומעל און רויש, אָבער איך האָב געוואוסט, אַז מען טאָר ניט פאָלגען, מען מוז זיצען אין הויז, זיצען אַזוי לאַנג ביז מען וועט צו דער גרויקייט געוואָהנט ווערען, ביז זי, די דירה, ווערט טייער און ליב.

אָבער דער פּאַק אויפ'ן שראַנק האָט מיך רוהען ניט געלאָזט; עס האָט געדריקט אויף מיין מאָרך, דער שטויב און דער שימעל האָט מיך געשטיקט.

אַרויסשמייסען! באַלד, די מינוט!

איך האָב זיך געשטעלט אויפ'ן בייגקעל און גענומען אַראָפּשאַרען אַלטע צייטונגען, זשורנאַלען, בלעטער פון ביכער. עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטויב דערשטיקט צו ווערען. אָבער איך בין געוואָרען פרעהליכער. אין מיר האָט ערוואַכט די איינגעשלאָפענע ענערגיע. עס האָט זיך געגלוסט שאַפען, אַרבייטען.

— אַראָפּ, צום טייוועל! — האָב איך געשריען אויפ'ן קול, לוסטיג און פרעהלאַך.

נאָר פּלוצים האָב איך אָנגעריהרט עפּעס האַרטס. איך האָב עס צוגעטראָגען צו די אויגען, אָבער וואָס דאָס איז אַזוינס האָב איך ניט געקאָנט באַמערקען. איך האָב עס שוין אין זינען געהאַט אַ שליידער צו טאָן אין דעם פּאַק, אָבער עפּעס האָט מיך אָפּגעהאַלטען.

איך בין צוגעגאנגען צום פענסטער און פאר'ן גרויען שיין האָב איך באַמערקט, אַז דאָס איז אַ בילד. איך האָב אַ וויש געטאָן מיט אַ פינגער און פאַר מיר איז אַרויסגעשוואומען אַ טייל פון אַ מענשליכען פּנים. עס האָבען אויף מיר געקוקט אויגען, מענשליכע אויגען. איך האָב אַ ציטער געטאָן. איך האָב אָפּגעווישט דעם שטויב מיט'ן אַרבעל פון מיין ראָק.

אויף מיר האָט געקוקט אַ פרויען-געשטאַלט. דאָס איז געווען אַ יונג מיידעל, נאָך גאָר אַ קינד, מיט אַ לענגליכען פּנים'ל, פולע און גרויסע אַזוי ווי פאַרוואונדערטע אויגען. די האָר זיינען געווען אַראָפּגעלאָזט, אַז אַ האַלב פּנים איז פאַרשטעלט געווען און דאָס האָט דעם קינדערשען חן נאָך פאַרגרעסערט.

ביי מיר אין די אויגען זיינען אָנגעלאָפען טרערען. עפּעס איז דאָ געווען טרויעריגעס, פּאַטאַלעס.

— אָרימינקע, פאַרלאָזען און פאַרגעסען אין שטויב! וועלכער בייזער מענש האָט עס געטאָן?

זי האָט געקוקט גלייך אין מיינע אויגען אַריין מיט דעם פאַרוואונדערטען אויסדרוק אין איהר בליק. אין די ווינקלען פון מויל איז געווען איינגעקריצט ליידען און פאַרבאָרגענער וועהטאָג.

אויפ'ן באָדען איז געווען אָנגעוואָרפען. אַ שטויב איז געשטאַנען אין דער לופטען, אָבער איך האָב קיין זאַך ניט געמערקט. איך האָב מיינע אויגען ניט געקאָנט אָפּרייסען פון איהר ליבינקען פּנים'ל. עפּעס וייכעס און אָנגענעהמעס האָט זיך אין מיין האַרצען אַריינגעקליבען.

— דו בלייבסט ביי מיר, מיין קינד! — האָב איך געזאָגט אויפ'ן קול און צוגעדריקט דאָס בילד צום האַרצען.

— מיט וועמען רעדט איהר דאָס? — האָט מיר איבערגעשלאָגען די געדאַנקען דער באַלעבאָסטע'ס קול.

איך האָב געזעהן אין איהרע אויגען אַן אויסדרוק פון שרעק. זי איז מסתמא זיכער געווען, אַז דער נייער באָרדער איהרער איז ניט ביים קלאָרען פאַרשטאַנד. איך האָב איהר גאָרנישט געענטפערט.

— צו וועמען האָט איהר דאָ גערעדט? — האָט זי שטרענג איבערגעפרעגט.

— צו קיינעם ניט... זאָגט מיר בעסער, ווער איז דאָס מיידעל?

— דאָס מיידעל? — האָט זי געזאָגט, באטראכטענדיג דאָס בילד פאַר'ן שיין פון פענסטער. — פון וואַנען זאָל איך וויסען? מיינע באַרדערס שטעלען מיר ניט פאָר זייערע באקאַנטע, און זיי נעהען מיר גאַנץ ווניג אָן, — האָט זי מיר געגעבען אַ קאַלטען ענטפער.

— האָט איהר זי קיינמאָל ניט באמערקט ארויפקומען אהער?

— וואָס פאַר אַ מאָדנער מענש איהר זיינט!

— פארשטעהט איהר, זי איז... זי איז... מיר עפּעס באקאַנט. איך האָב זי ערגעץ באגעגענט, — האָב איך געשטאַמעלט.

— אַ גליק האָט אייך געטראָפען! אַ יונג מיידעל, וואָס זיצט מיט אַ בחור ביז'ן גרויסען טאָג אליין ביי איהם אין צימער, איז...

— איז זי, הייסט עס, די כלה פון אייער פריהערדיגען באַר־דער? — האָב איך איהר איבערגעשלאָגען מיט פרייד.

— אַ כלה... אַ פיינע כלה! וואָס פאַר אַ בחור וועט עס וועלען נעהמען פאַר אַ פרוי אַ מיידעל וואָס האָט ניט קיין חרפה און קיין בושה און דערנאָך האָט זי נאָך די חוצפה איהם צו באַ־שולדיגען.

— ער האָט זי פארלאָזען, הייסט עס?

— וואָס מיר פארלאָזען! ער האָט פון אָנפאַנג אָן ניט גע־טראַכט ערנסט. נאָר איהר ווייסט דאָך: אַ מאַנסביל! אמת, זי האָט זיך נאָכדעם די האָר פון קאָפּ נעריסען. איך האָב זי גע־מוזט פון הויז ארויסטרייבען.

— און וואו איז זי איצט? זעהט איהר זי אמאָל? — האָב איך געפרעגט מיט אַ פארכאַפּטען אָטעם.

— זי ליגט מיר ניט אין דער לינקער פּיאַטע אפילו; איך האָב מיר מיינע אייגענע זאָרג.

* * *

מיין חדר'על איז טונקעל, קליין און ניט באקוועם. אָבער פאָרט איז מיר דאָ גוט. שטענדיג קוקען אויף מיר צוויי גוטע צוטרויליכע, אזוי ווי פארוואונדערטע אויגען. פאַר מיר שוועבט אַ שעהן קינדעריש פּנים'על, וואָס גיסט אָן אַלע ווינקלען מיט

ליבט און פרייד. עס האט די מרה שחורה פארטריבען, אין מיר וואונדערליכע טרוימען געוועקט. און א לאנגע צייט האב איך זיך מיט א פארבארגענער האפנונג ארומגעטראגען: אז אמאל וועל איך טרעפען דאס דאזיגע מיידעל און איהר זאגען:

— קינד, מיין נים, אז די וועלט איז אזוי שלעכט און פאר־דארבען, ווייל איינער האט דיר גרויזאם באהאנדעלט. גלויב מיר, אז עס איז נאך דא אמת און ליבע צווישען מענשען.

געטראפען האב איך זי קיינמאל ניט, אבער זי איז געווארען א טייל פון מיין „איך", פון מיינע האפנונגען און שטרעבונגען.

אפילו מיינע קרובים אויף דער וואנט, צווישען וועלכע איך האב זי אריינגעפיהרט, בלאזען זיך שוין ניט מעהר. זיי האבען מיר מוחל געווען...

# אַלץ ראַיט!

אין יענער צייט האָב איך געאַרבייט אין דער באַריהמטער אייזען־פעקטאָרי ביי דער פירמע ד. דאָס איז געווען באַלד ביי מיין אַנקומען אין דיזען לאַנד, אויף דער צווייטער וואָך דאַכט זיך. דאָס מזל האָט צו מיר אַ שמייכעל געטאָן. מיר האָט אָפּגעגליקט. אַן אפּערייטאָר האָט זיך, "צוליב זיין אייגענער אונפאָרזיכטיג־קייט„ אָפּגעריסען אַ האַנט ביי דער מאַשין. זיין פּלאַץ איז גע־בליבען לעדיג. מיין פריינט, וואָס האָט דאָרטען געאַרבייט, האָט מיך רעקאָמענדירט און מען האָט מיך אָנגענומען.

ביז יענער צייט האָב איך פון קיין שווערער ארבייט ניט געוואוסט. די עלטערען מיינע זיינען געווען פאַרמעגליכע מענשען. מיר האָט קיין זאַך ניט געפעהלט. איך האָב זיך ארומגעטראָגען מיט שעהנע פאַנטאַזיעס, גע'חלום'ט וועגען אַ גליקליכער צוקונפט, און קיין זאַך ניט געטאָן. נאָר דאָ האָט זיך פּלוצלונג אַ דרעה געטאָן דאָס רעדעל און פון אַלץ איז אַ תל געוואָרען.

— דו קענסט זיך דאָ ארויפארבייטען אויף צוואַנציג סענט אַ שטונדע. דאָס איז שטיק־ארבייט און דו דאַרפסט זעהן, אַז קיין רגע, קיין מינוט זאָל ניט געהן אין ניוועץ. דו דאַרפסט מאַ־כען הונדערט שרייפלאַך אַ שטונדע.

אזוי האָט מיר אָנגעזאָגט מיין פריינד ווען איך בין אין דער פריה געגאַנגען דאָס ערשטע מאָל אין פאַבריק. איך האָב זיך טאַקע מיט חשק אַ נעהם געטאָן פאַר דער ארבייט; אַלע מיינע געדאַנקען, דעם נאָגענדען בייגקען נאָך דער היים האָב איך פון זיך געיאָגט און נאָר געטראַכט וועגען די פּלאַטשיגע שוואַרצע שטיקלאַך טשוגון וואָס האָבען פון מיינע הענט באַדאַרפט ארויס־קומען דין ארומגעפיילט, ארומגעטאָקט נאָך אַ באַשטימטער לענג און גרויס. אָבער די ווייכע הענט מיינע און די לאַנגע דינע פינגער

האָבען זיך ניט געוואָלט בויגען. מעהר ווי פופציג א שטונדע האָ־בען מיינע פינגער ניט געוואָלט ארויסגעבען. יעדע ווײלע האָב איך געוואָרפען א בליק אויפ'ן וואנט־זייגער, און צו מיין גרויס פאר־דרוס האָבען די לאנגע, שווארצע ווייזערס זיך גערוקט מיר אויף צו להכעיס, מיט א שרעקליכער געשווינדקייט. יעדע ווײלע איז צוגעקומען דער הויכער, דיקער פאָרמאַן מיט די גרויע, בייזע אויגען. ער האָט איבערגעוואָרפען די ארבייט, אומצופרידען גע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ארויסגעברומט:

— נאָ גוד, נאָ גוד.

נאָ גוד — דאָס זיינען דאָך געווען די ערשטע ענגלישע ווער־טער, וואָס איך האָב געהערט. אָט די קורצע אָפּגעהאַקטע קלאַנ־גען האָבען מיר געטראָפען גלייך אין מארך אריין. זיי האָבען מיר דורכגעשטאָכען די לייב אַזוי ווי גליהענדע שפּיזלאָך. מיר האָט זיך געדאכט, אז די בייזע שטעכיגע ווערטער זיינען דער סימ־באָל פון אמעריקאנער פאָלק, פון זיינע זיטען און פון זיין פרעמ־דער, אונפארשטענדליכער שפראך — נאָ גוד, נאָ גוד.

צווישען די לאנגע רייהען ארבייטער אין דעם הוזשען און רוישען פון די לויפענדע מאשינען האָב איך זיך געפיהלט ווי א קליין פארפאָלגט חיה'לע. איך האָב געציטערט אויפצוהויבען די אויגען. מיר האָט זיך אַלץ געדאכט, אז אין זייערע קאַלטע פרעמ־דע אויגען, אין דער פרעמדער אונפארשטענדליכער שפראך זעה איך חוזק און שפּאָט. אז איך הער אַלץ דעם זעלבען בייזען אויס־געשריי: נאָ גוד, נאָד גוד.

און אז איך האָב די הארץ מיינע פאר'ן פריינד אויסגעגאָסען, האָט ער מיר געטרייסט:

— נאָר ניט אראָפּגעפאַלען ביי זיך. ווערסט זיך צוגעוואוינען און עס וועט זיין אָלרייט.

— אָבער צו וועל איך עס אויסהאַלטען? — האָב איך אומע־טיג נעפרעגט.

אין די אָווענטען נאָך דער ארבייט בין איך געלעגען אין מיין קליין צימערעל מיט די שמוציגע גרין־געפארבטע ווענט. ארום מיר האָט געקאָכט מיט לעבען: מענשען זיינען געלאָפען, גע־איילט זיך; מען האָט גערעדט און געלאַכט. נאָר איך האָב זיך

געפיהלט ווייט פון מענשליכען גערודער, די הענט און פיס זיינען מיר געווען שווער ווי קלעצער, די גלידער צובראָכען און ווי אָנגע־נאָסען מיט בליי. אין קאָפּ איז געווען פּוסט און וויסט, אָהן א געדאנק. איין זאך האָט מיר נאָר געעגבערט מיין מוח: הונדערט א שטונדע. איך מוז קאָנען מאכען הונדערט א שטונדע. דאָס איז געוואָרען מיין חלום, מיין הייסעסטעד טרוים. דאָס האָט זיך מיר אויסגעמאָלט אלס דאָס העכסטע גליק. אין טיפסטען דרעמעל האָט מיר געעגבערט דער געדאנק: הונדערט א שטונדע, הונדערט א שטונדע.

און איך וואָלט עס אפשר ניט אויסגעהאַלטען. איך וואָלט געפאַלען אונטער דעם שווערען לאַסט, ווען ניט א צופאַל.

געהענדיג פון דער ארבייט, פלעג איך קויפען א צייטונג, א אידישע צייטונג. איך האָב אָבער כמעט גאָר נישט פארשטאַנען. די נייעס האָט זיך מיר אויסגעוויזען קליין און ניט אינטערעסאַנט. די ארטיקלען זיינען געווען אַלץ וועגען אזעלכע זאכען, וועגען וועל־כע איך האָב קיין ברעקעל אהנונג ניט געהאַט, וואָס האָט מיך ניט אינטערעסירט. פאר מיינע אויגען איז געשטאַנען יענע ווייטע לאַנד מיט איהרע וועהטאָגען, מיט איהר קאַמף און שטרעבונגען. דאָרט האָב איך אַלץ פארשטאַנען און באגריפען. דאָ אָבער איז אַלעס פאר מיר געווען פרעמד.

נאָר איין מאָל דורכלויפענדיג מיט די אויגען די נעמען פון די ארטיקלען, האָב איך דערזעהן „א העכסט אינטערעסאַנטען ראמאַן". דאָס האָט מיר פאראינטערעסירט. איך האָב אָנגעפאַנגען לעזען און בין ארייננעצויגען געוואָרען.

דאָרט האָט זיך דערצעהלט וועגען א שעהן מיידעל מיט בלאָנדע האָר און מיט טיפע, בלויע אויגען, ווי דער לויכטענדער הימעל, און וועגען א בחור א רייכען, א געבילדעטען. זיי האָבען זיך ביידע שטאַרק ליעב. זיי קושען זיך און האַלזען זיך. זיי חלומ'ען פאר'ן שיין פון דער בלאַסער לבנה און פרעהען זיך ווי קינדער.

פּלוצלונג קומט אָן א בייזער מענש און שטעלט זיך צווישען זיי. ער רייסט מיט גוואַלד פאַרנאַנדער די געליבטע. ער פאַר־נאַרט דאָס מיידעל אויף א שיף. עס קומט אָן א שטורם. די שיף

געהט אונטער. אַלע ווערען דערטרונקען, נאָר דאָס מיידעל ווערט אויף אַ געהיימניספולען אופן געראַטעוועט. זי געפינט זיך אין די אָרעמס פון אַ ריז, וואָס ברענגט איהר אין אַ פאַר׳כשופ׳טען פּאַלאַץ.

אַז איך האָב דערלייענט ביז דעם אָרט, וואו עס האָט זיך פּלוצלונג אפּגעהאַקט, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בין באַנאַסען מיט טרעהרען. אליין ניט באַמערקענדיג, האָב איך געוויינט אויף די צרות פון די אונשולדיגע גוטע מענשען, און האָב מיט רציחה געקריצט מיט די צייהנער אויף די שלעכטע און בייזע.

יענע נאַכט האָב איך געשלאָפען רוהיג. איך האָב נאָר געזעהן מאָדנע חלומות. איך האָב געוויינט אין שלאָף, אָבער מיר איז געווען פריי און גוט אויפ׳ן הארצען. אַ גאַנצען טאָג האָט זיך מיר געדרעהט אין קאָפּ דאָס בילד ווי אַזוי די שיף געהט אונטער און ווי די כוואַליעס שלינגען איין איינעם נאָכ׳ן אַנדערען די שווימענדע צושראָקענע מענשען. אויף איין מינוט האָט מיר ניט אפּגעלאָזט דער געדאַנק וועגען דאָס מיידעל וואָס איך האָב געלאָזען אין די אָרעמס פון דעם אונבאַקאַנטען גבור.

עפּעס האָבען זיך די הענט מיינע אַנדערש גענומען באַוועגען. שנעל כאַפּען זיי די שטיקלאַך פּלאַטשיגע טשוגון, פאַרשרויפען עס און לאָזען לויפען דעם ראָד. עס הוזשעט און עס רוישט. איינע נאָך די אַנדערע פאַלען זיי אַרויס, די גלאַנציגע, אַרומגעטאָקטע שרייפלאַך, און דער זייגער, דאַכט זיך מיר, קריכט עפּעס היינט אַזוי לאַנגזאַם, פויל. דער פאָרמאַן קומט צו, שטעהט אַ ווייל׳ע לעבען מיר, קוקט אויף דער אַרבייט און שמייכעלט:

— אָלרייט, אָלרייט.

„אָלרייט״... ס׳אַרא ווייכער, ליבליכער קלאַנג דאָס איז. ער רייסט זיך צו מיר אין הארצען אריין און וואַרימט מיר, לאַסטשעט מיר. און שנעלער, זיכערער ווערען די באַוועגונגען מיינע, פרעהליכער לאָזט זיך די מאַשין און אין איהר שיפען און רוישען הער איך דאַכט זיך: אָלרייט, אָלרייט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם האָב איך זיך גענומען צו דעם ראָמאַן. דאָס גאַנצע לייב מיינע האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

איך האָב ניט געפּיהלט דעם וועהטאָג און די הענט האָבען ניט געשפּירט די שווערקייט. איך האָב נאָר איין זאַך געוואָלט וויסען: וואָס איז געוואָרען פון דער וואונדער־שעהנער מיידעל מיט די בלויע אויגען?

און עס איז געווען גוט. דער גבור איז אַ לאָרד, אַ גרויסער געלעהרטער און אַ גוטער מענש. ער מינטערט זי מיט זיינע אייגענע טראָפּענס און טרייסט זי. זי וויינט פאַר פרייד, און ביי מיר גיסען זיך די טרעהרען, און פון הארצען רייסט זיך אַ שלוכצען. איך האָב זי אַזוי ליעב, אַט די צאַרטע מיידעל מיט די גאָלדענע האָר. און ווען זי לאַכט מיט איהר קלינגענדען גע־לעכטער, לאַך איך מיט און טרייסעל זיך אין גאַנצען פאַר פרייד און גליק.

און דער פאָרמאַן קומט צו אַלץ אָפטער און אָפטער. ער קוקט מיר אריין אין די אויגען און שמייכעלט צופרידען:

— אָלרייט, אָלרייט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין דעם טאָג וואָס דער חתן מיט דער כלה האָבען זיך צוריק־געטראָפען און זיך געוואָרפען מיט פרייד אין די אָרעמס, אין יענעם טאָג האָב איך געמאַכט דעם ערשטען מאָל ריכטיג הונדערט שרייפלאַך אין אַ שטונדע. דער פאָרמאַן האָט עס איבערגעצעהלט און ארויפלעגענדיג די הענט אויף מיינע אַקסלען, האָט ער מיר געזאָגט ווארים און הארציג:

— אָלרייט, אָלרייט.

ווי שעהן די ענגלישע שפּראַך קלינגט און ווי הארציג זיס זי איז; ווי מחיה'דיג עס קלינגט: אָלרייט, אָלרייט.

# דער טויט פון א גרינעם

מיט א פעקעל אין האנט און מיט א שעהמעוודיגען שמייכעל אויף די ליפען, איז געשטאנען דער אונבאקאנטער אנטקעגען שלום'ען און שטום אריינגעקוקט איהם אין די אויגען. ער האט דערפיהלט א מאָדנע אונרוהיגקייט. עפּעס איז איהם ווארעם געווארען אוויפ'ן הארצען פון דעם קוק, פון דעם שמייכעל, אָבער אויף זיכער האט ער זיך ניט געקענט דערמאָנען ווער דאָס איז. אויף זיין גלאטען, ווייסען פּנים האט זיך אויך אויסגעשפּרייט דער זעלבער שעהמעוודיגער שמייכעל. ער האט געוואָלט א פרעג טאָן: "ווער זייט איהר, רב איד?„ אָבער ער האָט עס ניט געטאָן. א מאָדנער געפיהל האָט איהם באהערשט. עפּעס האָט ער זיך געשראָקען און געוואַרט אויף דאָס, וואָס דארף דאָ באלד פּאסירען און וואָס וועט מאכען א גאנצען רושם. איבריגנס האָט די סצענע געדויערט נאָר א פּאָר סעקונדען. דער פרעמדער האָט ניט זיכער, מיט א ציטעריגער שטימע ארויסגעזאָגט:

— דערקאָנסט מיך ניט, שלום?

ווי א הייסער שטראָם וואָלט זיך איבער איהם פּלוצלונג אריבערגעטראָגען. ער האָט זיך א צאַפּעל געטאָן, איז אויפגעשפּרונגען און פרעהליך אויסגעשריען:

— איציק, דאָס ביזטו? איך וואָלט דיר דאָך פאר קיין פאל ניט דערקאָנט.

זיי האָבען זיך ארומגענומען און צוקושט. בייביידען אויף די פּנים'ער איז געלעגען דער זעלבער גוטהארציגער שמייכעל און אין די אויגען זיינען ביי ביידען געשטאנען טרעהרען.

— ווען ביזטו געקומען? איך האָב דיר דאָך גאָר ניט ערווארט. פאר וואָס האָסטו מיר ניט טעלעגראפירט?

— נאָך וואָס טעלעגראפירען? וואָס איז, איך קען אליין ניט טרעפען? איך בין דאָך ניט קיין קליין קינד, ברוך השם.

— האָסטו געזעהן דעם טאַטען און די מאַמען פֿאַר'ן פֿאָה־רען? וואָס מאַכען זיי? אַלט געוואָרען, האַ? — אָבער ניט וואַר־טענדיג אויף דעם ענטפֿער, האָט ער דעם ברודער אָנגענומען פֿאַר'ן האַנט און געזאָגט: — קום אין הויז. אַט וועט זיך עס ענידער־פֿרעהען.

— ווער, די ווייבעל דיינע?

— יע, מיין ווייבעל. זי האָט זיך שוין די אויגען אויסגע־קוקט וואַרטענדיג אויף דיר.

ביי איציק'ען האָט אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ. אויף אַזאַ גוטער אויפֿנאַהמע האָט ער זיך ניט גערעכט — מען האָט גאַר גע־וואַרט אויף מיר — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און דערפֿילט ווי אין האַלז נעהמט עפּעס בייסען. פֿאַר די צוועלף יאָהר, וואָס ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט ביי נחום'ען אויפ'ן מיהל, האָט ער אין גאַנצען פֿאַרגעסען, אַז עס איז גאַר מעגליך ווער ניט איז זאָל צו איהם אויסרעדען אַ גוט וואָרט. שטענדיג נאָר געשרייען און זידלערייִ. און דאָ, מיט אַ מאָל גאַר, וואַרט מען אויף איהם...

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז מען געזעסען אַרום אַ פֿיין גע־דעקטען טיש און געשמועסט פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָהרען, וועגען די חברים און פֿריינד. אייגענטליך, דערצעהלט האָט מעהרסטענס איציק; עפּעס האָט איהם מיט אַמאָל אַ שפּאַר געטאָן דער חושק צו רעדען. די גאַנצע צייט אויפ'ן שיף איז ער געווען צו־שראָקען, איז מיט אַ תהילים אין אַ ווינקעלע געלעגען און גאָט געבעטען, ער זאָל איהם ברענגען בשלום אין דער גאָלדענער מדינה. אַלע אויפ'ן שיף האָבען פֿון איהם געלאַכט און מען האָט איהם אָפּגעטאָן פֿאַרשיידענע שטוקעס. דאָס האָט געמאַכט, אַז ער זאָל זיך ווי אַ צושראָקענע חיה'לע פֿאַררוקען אין אַ ווינקעלע און ציטע־רען פֿאַר יעדען געשרייִ. איצט אָבער איז מיט אַמאָל די שרעק און ניט־זיכערהייט פֿאַרשוואונדען. עס איז איהם געווען גוט און אנגע־נעהם. איבערהויפּט האָט איהם געריהרט, ווען ער האָט אַ פּאָר מאָל גענומען רעדען וועגען אַרבייט, וועגען אַ תכלית, האָט זיך די שוועגערין אויף איהם אָנגעבייזערט:

— איהר האָט זיך נאָך ניט אויסגעשלאָפען און רעדט שוין

ווענען ארבייט. נישקשה, א פּאָר מאָנאַטען וועט איהר זיך אויס־רוהען, מיסטער ראבקין. אייער ברודער קאָן נאָך באשטעהן ניט צו לאָזען באלד פון שיף אייך געהן ארבייטען. וואָס זאָגסטו, סאָלאָמאָן?

דער ברודער האָט גאָרנישט געענטפערט, האָט נאָר ווארים א קוק געטאָן אויף איהר גערויטעלטען פּנים און צופרידען א לאַך געטאָן:

ווי אַן אמת'ע פאַנענקע קוקט זי אויס, — האָט איציק ביי זיך געטראכט. — אַפּוואונדערען האָט ער זיך ניט געקענט; עפּעס איז זי אזוי שעהן אויסגעפּוצט און ווי פיין זי רעדט. איבער־הויפּט איז איהם מאָדנע געפעלען ווען זי וואַרפט אריין די פרעמדע ווערטער; עפּעס קייקלען זיי זיך אראָפּ פון איהר צונג אזוי שעהן, אזוי פיין, אזוי קלינגענדיג. מסתמא זעהר א געבילדעטע, — האָט ער ביי זיך באשטימט.

אז ער איז שוין געלעגען אין בעט אויף ווייכע און ווייסע קישענס, האָט זיך דער ברודער אוועקגעזעצט נעבען איהם און מיט א שמייכעל געפרעגט:

— און ווי געפעלט דיר עפּעס מיין ווייבעל, איציק?

— א גאָלדענע נשמה, א דימענט, ווי איך בין א איד! — האָט זיך איציק נעקאָכט, — היינט וואָס פאר א געבילדעטע, ווי שעהן זי רעדט.

— ניין, ברודער, קיין געבילדעטע איז זי ניט. א פּראָסט ווייבעל, אָבער א גוטע איז זי. וועסט זיך פיהלען ביי אונז ווי אין דער היים.

און ווייסט דו וואָס איך טראכט, אז איך וועל דיך גאָר ניט לאָזען געהן ארבייטען; מע וועט דארפען טרייען ביזנעס.

— וואָס דאַרף מען? — האָט איציק אויסגעשריען פאר־וואונדערט.

— איך מיין ביזנעס. פארשטעהסט, מסחור. מיט דער אר־בייט וועסטו ווייט ניט אוועקגעהן. אָט וואָלט איך שעהן אויס־געזעהן, ווען איך בלייב ארבייטען אין פעקטאָרי, איך מיין אין פאבריק. איך וואָלט פארבליבען א ביטערער קבצן.

— יע, אָבער ווי קען איך זיך גלייכען צו דיר? איך בין דאָך אַ דאָרפס־מאַן.

— עס מאַכט ניט אויס. אַמעריקאַ מענשעלט אויס. מען דאַרף זיך נאָר נעהמען מיט חשק. איך וועל אויסלעגען אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר און דו וועסט מיר ביסלאַכווייז אויסצאָהלען. דאָ, ברודער, אַז מען גיט זיך אַ נעהם, קאָן מען ווייט אָנשפּאַרען. דאָ איז ניט רוסלאַנד. דאָ איז אַ פרייע מדינה. מען דאַרף זיך נאָר ניט פוילען.

---

אַ היבשע צייט איז איציק געלעגען פאַרטיפט אין די געדאַנקען. ער האָט דערפיהלט, אַז פון איצט אָן קומט אַ נייער, בעסערער לעבען; ער וועט שוין ניט זיין עלענד, ער וועט שוין ניט דאַרפען שלעפּען די זעק און וועט ניט דאַרפען הערען נחום׳ס בייזען, כריפּענדען קול, ער וועט נעהמען האַנדלען און ווערען רייך, ער וועט אָפּשפּאָרען אויף אַ שיפס־קאַרטע און וועט אַראָפּנעהמען חייקען, וועמען ער האָט געשוואָרען זיין טריי ביז׳ן קבר. דערמאָנענדיג זיך אָן איהר, ווי זי איז איהם אויפ׳ן האַלז געפאַלען דאָרט אין וועלדעל, הינטער׳ן מיהל, און מיט אַ כליפּענדען קול זיך גענומען בעטען: „איציקעל, אָבער פאַרגעס מיר ניט, נעהם מיר וואָס גיכער אַראָפּ" — זיינען איהם איצט נאָך פאַרלאָפען די אויגען מיט טרעהרען.

אָה, ער וועט זי ניט פאַרגעסען. זי איז דאָך געווען די איינציגע טרייסט זיינען אין די עטליכע יאָהר, זינט זיי האָבען זיך באַקענט. אַז זי פלעגט איהם מיט איהרע דיקע, שטאַרקע הענט ארומנעהמען און צודריקען איהר שוואַרצען, גלאַנציגען קאָפּ צו זיין ברוסט, פלעגט ער אַלעס פאַרגעסען. עס איז איהם גוט געווען; ער האָט זיך גליקליך געפיהלט.

— מען דאַרף די פייער אויסלעשען, — האָט ער זיך דערמאָנט, — ער איז פון בעט אַראָפּגעקראָכען און גענומען בלאָזען אויפ׳ן העלען, ברייטען פלאַם, אָבער מאָדנע, ער בלאָזט און בלאָזט און עס לעשט זיך ניט אויס; עס שאָקעלט זיך, עס שפּרינגט דער פלאַם אין אַלע זייטען און וויל פאַר קיין פאַל ניט זיך אונטערגעבען.

— עפּעס גאָר אַן אַנדער פייער, — האָט ער צו זיך אַ שמייכעל געטאָן.

ער האָט זיך אָבער אָנגעשטרענגט און מיט אַלע קרעפטען אַ בלאָז געטאָן. דער פייער האָט געגעבען אַ שפּרונג און עס איז פינסטער געוואָרען.

ער האָט זיך צוריק אויפ'ן בעט געלעגט און די אויגען פאַרמאַכט. אַ היבשע ווײַלע איז ער אַזוי געלעגען מיט פאַרמאַכטע אויגען, אין קאָפּ האָט עס גערוישט און זיך געדרעהט הין און הער, הין און הער, אַזוי ווי אויפ'ן שיף.

נאָר פּלוצלונג האָט ער די אויגען געעפענט און זיך גענומען איינהערען; עס האָט ערגעץ וואו געפּייפט און געהוזשעט, אַזוי ווי אַ גרויסע, בייזע פליג וואָלט דאָ ערגעץ ארומגעשוועבט. ער האָט זיך געסטאַרעט צו באַגרייפען פון וואַנען דער גערויש קומט, אָבער פאַר קיין פאַל האָט זיך עס איהם ניט איינגעגעבען. צום סוף האָט ער זיך ערקלהרט, אַז דאָס דאַכט זיך איהם, אַז דאָס איז דער גערויש פון ים, וואָס האָט זיך איהם איינגעגעסען אין די אויערען און וויל איהם ניט אָפּלאָזען. ער האָט די דעקע איבער'ן קאָפּ אריבערגעצויגען און פאַרמאַכט די אויגען. ער האָט גענומען איינזינקען אין אַ זיסען שלאָף. עפּעס האָט איהם ארומגענומען פון אַלע זייטען און איהם צוגעדריקט צו זיך, אין די אויערען האָט עס געפּייפט און גערוישט און דאָס הארץ האָט מעכטיג־שטאַרק גענומען שלאָגען. עס איז איהם געוואָרען זיס און עס האָט זיך איהם גענומען דאַכטען, אַז דאָס איז דער ריח פון היי אויף די פעלדער ארום מיהל, אַז ער ליגט דאָרט און וואַרט אויף עמיצען און די זון באַקט אַזוי שטאַרק אין קאָפּ און אין פּלייצע, אַז עס איז אַ מחיה און עס באַפאַלט איהם אַ שלאָף. ער לעגט אַוועק די באַק אויפ'ן ווייכען גראָז און נעהמט איינדרעמלען. אָבער פון ערגעץ וואו טראָגט זיך דאָס אונאויפהערליכע שרייען פון אַ גריל. דאָס פּייפען שטאַרקט זיך און טראָגט זיך הויך, הויך אין דער לופטען, און די גראָז ארום איהם באַוועגט זיך און שאָקעלט זיך און רוישט. אפילו די ערד אונטער איהם הוזשעט און רוישט און שאָקעלט זיך, אַז ער וויגט זיך הין און הער, הין און הער. נאָר אָט ווערט עס מאָדנע ליכטיג. עפּעס הויבט אָן צו

זינגען אין דער לופט א מאָדנער, זיסער ניגון, וואָס צוטראָגט זיך אין דער בלענדענדער ליכטיגקייט, און פון דער הויך, פון א בארג־אראָפּ, לאָזען זיך איהם אנטקעגען א מחנה מענשען אין ווייסען געקליידעט. זיי געהען ניט, נאָר זיי שוועבען אין דער לופט און צווישען דער מחנה געהט איינע אין א חופּה־קלייד מיט א ווייסען צודעק איבער די אויגען. ער קוקט אויף איהר און דאָס הארץ ציטערט, ווארפט זיך פאר שרעק. עס באפאלט איהם א ווילדער פחד און ער וויל אָנהויבען שרייען, אָבער ער קאָן ניט, אין האלז איז פארשטיקט און ער קען דעם אָטעם ניט אָפּציהען...

נאָר אָט האָט זי דעם שלייער אויפגעהויבען און איהר פּנים, א שיינענדער ווי די שטראהלען פון דער זוהן, האָט זי צו איהם בעוועגדעט. זי ווינקט און רופט איהם צו זיך, זי פאָדערט ער זאָל געהן. אָבער ער ליגט ווי א צוגעוואָקסענער צו דער ערד, ער רייסט און צאפּעלט זיך, אָבער עס געהט ניט; א בייזע, שטארקע האנט האלט איהם פעסט צוגעשמידט צום הארטען באָדען.

און בּיסלאכווייז ווערען די שטראהלען אויסגעלאָשען; עס ווערט טונקעלער, פינסטערער. געדיכטע שאָטענס לעגען זיך אויס אויף אַלץ וואָס ארום איהם, און די מחנה מענשען הויבען זיך אויף אין דער טונקעלער לופט און טראָגען זיך אוועק ערגעץ אין דער הויך, צו די ווייטע, פינסטערע הימלען און...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אז מען האָט טיר און פענסטער אויפגעריסען און מען איז אריין אין דעם חדר'ל, האָט מען איהם געפונען אויף דער ערד א פארגליווערטען, א קאלטען...

# אָפּגענאַרט

איך האָב אָפּגעוואַרט דעם דאָקטאָר אין דעם פינסטערען פאָר־הויז און אָנגעהמענדיג זיין אָרעם האָב איך מיט געבעט אין קול געפּרעגט:

— דאָקטאָר, איז נאָך דאָ וועלכע ניט איז האָפנונג?

ער האָט טרויעריג א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און געענט־פערט:

— ניין, עס איז קיין האָפנונג ניטאָ. עס איז נאָר א פראַגע פון טעג.

צום קראַנקען בין איך אריינגעקומען מיט א פרעהליכען פּנים און כדי צו מאכען עס נאַטירליך האָב איך אונטערגעברומט עפּעס א לוסטיגען מאָטיוו. איך האָב אָבער אויסגעמידען זיך צו טרע־פען מיט זיינע בליקען. עס האָט מיך געשווידערט. איך האָב גע־פיהלט ווי א קאַלטער ווינטעל טראָגט זיך איבער מיין געזיכט. איך בין הפּנים זעהר בלאַס געוועזן.

— וואָס האָסטו זיך דאָרט געשושקעט מיט'ן דאָקטאָר? — האָט דער קראַנקער מיך שאַרף געפרעגט.

— געשושקעט זיך? נאָר א נייעס! איך האָב איהם נאָר געפּרעגט געניויער וועגען דער מעדיצין... טראַ־לאַ־לאַ...

— העי, וואָס טראַלאַלייקעסטו דאָרט? לייג ניט. איך פאַר־שטעה אלץ.

— וואָס, וואָס האָסטו געזאָגט? אז איך לייג? ווען האָסטו מיך געכאַפּט ביי א ליגען? — האָב איך כמעט מיט רציחה אויס־געשריען.

— נו, נו, קאָך זיך ניט. איך האָב ניט געמיינט דיך צו באַליידיגען.

ער האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צום פענסטער און פאַר־

טראכט ארויסגעקוקט אויפ'ן בלויען הימעל. זיין דאר פנים איז געווען רוהיג. הפנים, אז ער האט מיר געגלויבט.

— ווען איך קען זיך נאר ארויסכאפען פון דאנען ערגעץ אויף דער פריי... עס קען זיין, אז איך וואלט גאר געזונט געוואָרען, — האט ער שטיל ארויסגערעדט.

— וועסט עס געווים קענען טאָן. קום נאָר א ביסעל צו זיך, וועסטו זיך ערגעץ פארקלייבען אין די בערג אויף א פאר מאָנאטען, — האָב איך צו איהם געזאָגט אונטערזינגענדיג.

ער האָט אויף מיר געוואָרפען אַן אומעטיגען בליק.

— מיינסט, איך ווייס ניט, אז איך נאר זיך אָפּ? איך פארשטעה אלץ. נאר גארנישט, עס איז דאך נאריש מורא צו האָבען פאר'ן טויט. וואָס איז דער אונטערשייד, פריהער אָדער שפּעטער?

ער האָט אויף מיר שארף געקוקט. ער האָט געוואָלט זעהן, וואָס פאר אַן איינדרוק די דאָזיגע ווערטער וועלען אויף מיר מאכען.

— ניין, דוד, עס איז ניט גוט צו שטארבען א יונגער. איך אַלענפאַלס וויל דאָס ניט. לעג דאָס בעסער אָפּ אויף שפּעטער. — האָב איך מיט געמאכטער גלייכגילטיגקייט געזאָגט.

— מאָטעל, ווי שעהמסטו זיך ניט? איך זעה דאך אין דיינע אויגען: דו טראכסט, אז איך וועל דיזע וואָך ניט איבערלעבען.

— הער, אויב דיר גלוסט זיך שטארבען, טאָ שטארב געזונטערהייט. אויב דיר איז דאָס ניחא, איז מיר ליב, — האָב איך אויף איהם א ברום געטאָן מיט כעס.

— בע־בע־בע, — איז ער זיך פארגאנגען אין א לאנגען, כריפּענדיגען געלעכטערעל, קוקענדיג אויף מיר מיט פייכטע אויגען. — אי, ביזטו א ווילדער, מאָטעל! שטארב געזונטערהייט.. בע־בע־בע!

— וואָס דען מיינסטו? — האָב איך ברוגז געזאָגט.

— דו ביזט א וואוילער בחור, מאָטעל, זעהר א וואוילער! א שאָד, וואָס דו האָסט ניט חתונה. וועסט אָט אזוי פארפאַלען ווערען, — האָט ער געזאָגט מיט א ביטרען שמייכעל.

— אַן איינפאַל! אליין וועט עס פּגר'ן אַן אַלטער בחור און א צווייטען הייסט ער חתונה האָבען.

— נו שאַ, איכ'ל אויך חתונה האָבען. און ווייסטו וואָס? לאָמיר אָפּמאכען, אז מיר זאָלען וואוינען אין איין הויז...

— מוחל, מוחל! ווער ווייס וואָס פאר א מכשפה דו וועסט דאָרט ארייַנקריגען?

אזוי האָבען מיר געשפּאסט א היבשע ווײַלע. ער האָט מיר זיכער געגלויבט, וואָרים איך האָב געזעהן, ווי זיינע גרויסע אויס־געשטאַרטשעטע אויגען האָבען אָנגעפאַנגען פינקלען מיט לעבענס־לוסט. אָבער ביי מיר אין הארצען האָט עס ניט אויפגעהערט צו יאָמערען. אויף קיין מינוט איז מיר דער געדאַנק ניט ארויס פון קאָפּ, אז ער וועט אפשר נאָך היינט שטארבען, אז אפשר געהט ער שוין אויס, אליין עס ניט באמערקענדיג.

ער האָט איינגעדרעמעלט. עס איז געוואָרען שטיל, קיין שאָרך האָט זיך ניט געהערט. נאָר פון דערווייטענס האָט זיך גע־טראָגען דער אונאויפהערליכער גערויש פון דער גאַס, ווי דאָס זשומען פון בינען. אָבער צווישען דעם צימער און דער דאָזיגער וועלט איז געלעגען א טיפער אַפּגרונד. דאָ איז אָפּגעשטאָרבען א מענש און דאָרט האָט גע׳רעש׳ט א לעבען פול מיט פרייד.

מיט א טאָג פריהער האָבען מיר מיטן קראנקען נאָך געמאַכט פּלענער וועגען דער צוקונפט. כדי איהם אויפצומונטערען, האָב איך איהם איינגערעדט, אז ווי נאָר ער וועט ווערען געזונט, וועלען מיר זיך ביידע אוועקלאָזען אין דער ווייטער וועלט צופוס.

ער האָט מיר געזאָגט:

— איצט ערשט פארשטעה איך, ווי נאריש איך האָב געהאַנ־דעלט. איך בין געוועזן פארטאָן אין קלייניגקייטען און האָב דורכ־געלאָזט די געלעגענהייט צו זעהן דאָס נייע לאַנד מיט אַלע איהרע וואונדער. אפילו דאָ, אין אונזער שטאָדט, וואו איך האָב אָפּגע־לעבט צעהן יאָהר כסדר, האָב איך ניט געזעהן די זאכען, וואָס מענשען קומען אָנקוקען פאר טויזענטער מייל.

— דאָס איז ריכטיג, — האָב איך מיט פרייד אונטערגע־כאַפּט. — ווען איך בין נאָך א קינד געוועזן, האָב איך שוין געלעזען און גע׳חלום׳ט וועגען אמעריקע, די קאַליפאָרניער וועלדער, די ראַקי מאַונטיינס און די אינדיאַנער. לאָמיר איצט אָפּמאַכען אוועקצוגעהן פון דער דאָזיגער שטאָדט.

מיר האָבען ביידע אויפגעלעבט. זיינע אויגען האָבען אויפ־געשיינט. אין דעם מאָמענט האָט ער איינגעגעצן פארגעסען אַז

דער קראַנקהייט, אָן טויט און אָן דעם נאַסען פינסטערען קבר. אפילו איך האָב פון זינען אַרויסגעלאָזט די מעגליכקייט פון שנעלען סוף.

צווישען אונז איז די גאַנצע צייט אָנגעגאַנגען אַ שפּיל אין באהעלטעניש. איך האָב באַשלאָסען פאַר קיין פאַל ניט צוצולאָזען צו איהם דאָס באַוואוסטזיין וועגען זיין האָפנונגסלאָזער לאַגע. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וואָלט קיין מינוט ניט געקענט זיין נעבען איהם, ווען ער וואָלט אויף זיכער געוואוסט, אַז ער מוז שטאַרבען. איך וואָלט דאַן אַנטלאָפען און איהם געלאָזט אַליין. ניט צוליב איהם, נאָר צוליב זיך האָב איך געזוכט אין איהם אויפצוהאַלטען דעם גלויבען אין לעבען... אָבער ער האָט אויף מיר געקוקט מיט חשד. שטענדיג זיינען די שוואַרצע פיבערהאַפטע אויגען געווען אָנגעשטעלט אויף מיר און געזוכט אויפצוכאַפּען דעם מינדעסטען שאָטען פון זאָרג. ער האָט מיך געפּייניגט מיט זיינע פראַגען. ער איז געוואָרען ביטרע ווי אַ פוקס און האָט נאָר געטראַכט ווי אַזוי מיך אַריינצוכאַפּען אין זיין נעץ. אָפטמאָל פלעגט ער פאַרמאַכען די אויגען, איינהאַלטען דעם אָטעם און מאַכען זיך ווי ער האָלט שוין ביים אויסגעהן. אַז איך פלעג זיך אַריבערבויגען איבער איהם און מיט אַ פאַרפראָרען האַרץ קוקען אין דעם האַלב־טויטען פנים, פלעגט ער פלוצים צו מיר ביטרע אַ שמייכעל טאָן און מיט גיפט אין קול זאָגען:

— האָסט זיך דערשראָקען? האָסט געמיינט, אַז איך געה אוים?

— ביזט משוגע. אַנדערש ניט. מיר איז דאָס אפילו אין זינען ניט געלעגען. איך האָב גלאַט אַזוי אַ קוק געטאָן צי דו שלאָפסט, ווייל איך האָב דיר געוואָלט עפּעס דערצעהלען.

און איך פלעג איהם אָנהויבען דערצעהלען די נייעס פון שטאָדט און פון באַקאַנטע, און געזוכט האָב איך אַלץ אַריינצומישען אַזעלכע פּיקאַנטע, געפּעפּערטע וויצלאַך און אַנצוהערענישען. איך פלעג זיך אַליין פאַרגעהן פון געלעכטער פון מיינע חכמות. און דאַכט זיך, אַז עס האָט געהאָלפען, ווייל ער פלעגט אויך אָנהויבען שמייכלען און צום סוף פאַרגעהן זיך אין אַ לאַנגען כריפּענדען געלעכטערעל. נאָר דער חשד פון זיינע אויגען איז

ניט פארשוואונדען אפילו אין דער פרעהליכסטער שטימונג. ער האָט אַלץ געפּאַרשט און געזוכט צו טרעפען, וואָס אין מיין געהירן קומט פאָר.

דער בעסטער מיטעל איז געווען אָנצוהויבען איהם זידלען, שרייען און באַליידיגען מיט די ערגסטע נעמען. אונטער דעם שטורם פון די זידעל־ווערטער פלעגט ער אזוי ווי אויפלעבען, ווערען ווייך און גוט. אָפּטמאָל האָבען זיך אפילו טרערען אין זיינע אויגען געוויזען און אויסשטרעקענדיג צו מיר זיין האַנט פלעגט ער זאָגען מיט א שמייכעל:

— ביזט א וואוילער בחור, מאָטעל! האָסט באַדאַרפט חתונה האָבען...

אויף וויפיל איך האָב פארשטאַנען, האָט ער אין דער אמת'ען ניט געקענט באַגרייפען וואָס דאָס הייסט אזוינס דער טויט, וואָס דאָס מיינט אויפהערען צו זיין. ער איז געווען יונג, נאָך קיין דרייסיג יאָהר ניט אַלט. ווען ניט דער אומגליקליכער פיבער, וואָס האָט איהם ביסלאַכווייז פארניכטעט, וואָלט ער דאָך געקענט לעבען לאַנג, זעהר לאַנג. זיין יונגער מארך האָט געבויט פּלענער וועגען דער צוקונפט, וועגען לעבען און לוסט, טראָץ די אָפּשטאַרבענדע גלידער. נאָר איין מאָל פארנאַכט, ווען אויפ'ן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזען די בלוט־רויטע ראָד פון דער פארגעהענדער זון, ווען מיר ביידע האָבען געהאַלטען אונזערע בליקען צוגעשמידט צו דעם הערליכען בילד, האָט ער מיך א רוף געטאָן און געזאָגט:

— מאָטעל, ווייסט וואָס איך האָב איצט געזעהן?

— דאָס וואָס איך: א רויטען הימעל און ראָזעווע, צופליקטע וואָלעקנדלאַך.

— ניין, ניט דאָס. איך האָב איצט געזעהן א בית־עולם, א פלאַכען אַלטען בית־עולם מיט א מאַסע בערגלאַך־קברים איינגעהילט אין אָוונט־שאָטענס. און איין בערגעל איז מיינער. איך ליג דאָס אונטער איהם. עס איז אזוי שטיל, רוהיג און אומעטיג.

— נו, און מיין קבר האָסטו אויך געזעהן? מיר זיינען עפּעס ווייט איינער פון אַנדערען? אפשר וועלען מיר זיך דאָרט אויך קאָנען דורכשמועסען? — האָב איך געזאָגט לאַכענדיג.

— הער אויף, מאָטעל, דו וועסט לעבען לאַנג. דו וועסט

ווערען אַן אַלטיטשקער, מיט אַ גרויען קאָפּ, אַן איינגעבויגענער. וועסט האָבען קינדער, אייניקלאַך און אור־אייניקלאַך. נאָר פון מיר וועט קיין שפור ניט בלייבען.

און ער האָט זיך צוואויינט מיט אַ קווימשינגען קול׳בעל, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה׳לע.

* * *

ער איז געשלאָפען לאַנג. די לעצטע זונען־שטראַהלען זיינען אריין אין צימער און אויסגעלעגט זיך אויפ׳ן דיל. זיי האָבען זיך געצויגען אַלץ העכער און העכער ביז זיי האָבען דערגרייכט דעם קראַנקען׳ס בעט. זיי זיינען ארויף אויף די שוואַרצע צופּאַטעלטע האָר זיינע און ווי מיט ליבשאַפט אריבערגעשלייכט זיך איבער זיין פּנים. עפּעס אַזוי ווי די ליכטיגע וועלט וואָלט דאָס איהם איהר לעצטען קוש געשיקט. נאָכדעם האָבען זיך די נאַכט־שאָטענס גענומען אריינקלייבען און אַלץ אָפּגעפאַרבט אין גרוי. איך בין געווען טויט מיד. עס האָט זיך געוואָלט זיצען אָט אַזוי אייביג, ניט טראַכטען, ניט פיהלען...

— מאָטעל, וואו ביזטו? — האָב איך דערהערט זיין שטימע.

— אָט זיץ איך דאָ נעבען דיר, דוד! ווי פּיהלסטו זיך?

— בויג זיך צו נעהנטער, מאָטעל! ווייסט? מיר דאַכט זיך, אַז עס איז מיר בעסער געוואָרען און עפּעס אַזאַ מאָדנעם גוטען חלום האָב איך געזעהן, — האָט ער ארויסגערעדט גאַנץ שטיל, אָבער מיט אַ גוטען שמייכעל אויף די ליפּען. — עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין נאָך גאָר אַ קליינינקער, ביי מיין זיידען׳ס הויז, איך שטעה און האַלט זיך אָן מיט ביידע הענט אָן דעם ביינקעל וואָס שטעהט פאַר דער טיר. דער קיילעכדיגער מאַרק ווייזט זיך מיר אויס זעהר גרויס און די קלייטען שרעקליך ווייט. עס איז פאַרנאַכט. אַלע זיינען אַוועק צו מעריב. זעלטען ווען מען זעהט אַ מענש דורכגעהן. נאָר פון צייט צו צייט טראָגט זיך דורך אַ וואָגען מיט אַ שטאַרקען גערויש און לאָזט נאָך זיך איבער אַ געדיכטען וואָלקען שטויב. פּלוצים דערטראָגט זיך דאָס פייפען פון דעם פאַסטוך, די טשערעדע קומט אָן פון פעלד, אַ גאַנצע מחנה קיה, ציגען און שעפּסען. זיי געהען אַלע רוהיג, זיכער, מיט אויסגעצויגענע העלזער. נאָר יעדע ווייַלע טיילט

זיך אָפּ אַ בהמה פון דער טשערעדע און ווערט פארפאַלען אין טיפען הויף. עס ווערט ווידער פוסט און שטיל. אָבער פּלוצים דערהער איך אַ געוויין. אַ קליין שעפעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט פון דער טשערעדע און לויפט ארום אַ צושראָקענע צווישען די רייהען קלייטען. זי ווארפט זיך הין און הער און רופט מיט אַ יאָמער איהר מאמע. נאָר קיינער ענטפערט איהר ניט; מען האָט אויף איהר קיין רחמנות ניט. מיך פארקוועטשט דאָס הארץ און איך הויב אויך אָן צו וויינען. אונזערעביידענס קולות ציהען זיך, פלעכטען זיך צונויף אינאיינעם און ווערען פארפאַלען אין דער שטילער לופט. און דאָ שאָקעלט זיך די ליכטיגקייט און דאָס פינסטערניש, עפּעס שפּרינגט און ווארפט זיך. דאָס שרעקט מיך און איך שריי נאָך העכער. עס קומט צולויפען די באָבע. זי כאַפּט מיך אויף די הענט, קושט און לאַשטשעט מיך. זי דריקט מיך צו צו איהר ברוסט און אנטלויפט ערגעץ מיט מיר.

ער איז אַנשוויגען געוואָרען און געקוקט פאר זיך מיט ברייט געעפענטע אויגען. זיין פּנים איז איצט געוועזן רוהיג און האָט עפּעס אזוי ווי געלויכטען. אַ ציטער איז מיר דורכגעלאָפען דורכ'ן לייב. איך האָב געוואוסט אויף זיכער, אז דאָס איז די ענדע.

— ווייסט, דוד? דאָס איז אַ גוטער סימן. איך האָב ערגעץ געלעזען, אז ווען די קראנקהייט ווערט געבראָכען, חלום'ט זיך אונז עפּעס זעהר גוטעס, אנגענעהמעס. וועסט זעהן, אין קורצען ביזטו אַ פאָלקאָם געזונטער מענש.

— דער דאָקטאָר האָט מיר טאקע געזאָגט, אז ער ווארט אויף אַ קריזיס. עס קען זיין. עס איז מיר שויז לאַנג אזוי לייכט ניט געוועזן.

— אהא, זעהסטו! אבי דו האָסט מיר ניט געגלויבט...

— איך האָב דיר די גאַנצע צייט געגלויבט, נאָר איך בין געוועזן ניט איינגאַנצען זיכער. ווייסט דאָך, אַ קראנקער איז נערוועז. נו, זיי מיר מוחל! גיב מיר דיין האנט און לאָמיר זיין גוטע פריינט — האָט ער געזאָגט אויסשטרעקענדיג זיין האנט.

זי איז געוועזן ווי אייז, די האנט זיינע. עס האָט זיך פון איהר געטראָגען אַ פארגליווערענדע קעלט.

— מיך דרעמעלט ווידער. זיי אזוי גוט און דעק מיר איין

די פּיס. זיי פריהרען מיר שטאַרק, — האָט ער אַרויסגערעדט ווי פון שלאָף.

— גוט אַזוי! גוט אַזוי! וועסט זיך אויפכאַפּען אַן אָפּגע-פרישטער, — האָב איך שטיל אַרויסגעכאָרכעלט, דערשטיקענדיג אין זיך דעם יאָמער.

# מיין בעל־חוב.

וואָס מיך האָט תמיד געוואונדערט, איז געווען, וואָס מענ־שען האָבען איהם געדולדעט און אפילו איהם אריינגענומען אין זייער געזעלשאַפט. וואָס אנבאַלאַנגט מיך, האָב איך איהם פיינט באַקומען פון ערשטען בליק. זיינע קליינע, וואַסערדיגע אויגע־לעך, דאָס לאַנגע גלאַטע פּנים מיט דער דינער שפּיציגער נאָז האָט ארויסגערופען אין מיר אַן עקעל, אָבער דאָס איז געווען גאָר־נישט אין פאַרגלייך מיט דעם שמייכעלע, וואָס איז געלעגען אין די ווינקלען פון זיין מויל, — אַ שמייכעלע, וואָס איז געווען פול מיט חוצפּה, שקלאַפעריי און חניפה. איך האָב איהם פיינט גע־האַט און מיט אַלע מעגליכקייטען האָב איך איהם אויסגעמידען.

די צרה איז אָבער געווען, וואָס גראַד צו מיר האָט ער גע־קלעפּט. פאַר קיין פאַל האָב איך ניט געקענט פארשטעהן, ווי אַזוי דער מענש קען זיין אַזוי בלינד און ניט מערקען מיין אָפּע־נעם האַס, מיין טיפע פאראַכטונג צו איהם. עס איז אַזש געווען קאָמיש צו זעהן דעם נחת'דיגען אויסדרוק אין זיינע אויגעלעך, די אָפענע פרייד אויף זיין פּרצוף יעדעס מאָל, וואָס ער האָט מיך באַגעגענט.

— העלאָו, מיסטער שאַפּיראָ. אַן אייביגקייט, ווי איך בין אַ איד, אַן אייביגקייט אייך ניט געזעהן.

אַזוי פלעגט ער אויסשרייען און אויסשטרעקען צו מיר די דאַרע לאַנגע הענט זיינע. די פרייד איז געווען אַזוי שטורעמ־דיג, אַזוי אויפריכטיג, אַז איך האָב זיך ניט געקענט העלפען און האָב געמוזט ענטפערען מיט אַ פריינדליכען שמייכעל.

— העלאָו, העלאָו, מיסטער סיגעל, ווי געהט'ס?

איין זאַך מוז איך מודה זיין, אַז ער איז באַזעסען דעם כח אייך צו מאַכען ריידען. עפּעס האָט ער געוואוסט, ווי אַזוי צו באַריהרען געוויסע סטרונעס אין אייער נשמה, כדי איהר זאָלט פאַר איהם עפענען אייער האַרץ, און אויסדערצעהלען די סאַמע

אינטימסטע זאכען, וועלכע איהר וואָלט אפילו אייער אייגענעם ברודער ניט אָנגעטרויט. אמת, אין א וויילע ארום האָט איהר זיך אליין אָנגערופען שוטה און זיך געזידעלט מיט די ערגסטע נעמען פאַר דער דאָזיגער נאָהענטקייט, אָבער איהר האָט זיך ניט געקענט העלפען. א צווייטען מאָל האָט איהר דאָסזעלבע געטאָן. אָט אזא גבורה האָט ער געהאַט.

פון וואָס ער לעבט האָט מיך ניט אינטערעסירט. איך האָב ניט געוואוסט צי ער איז רייך אָדער אָרים. אלענפאַלס, האָט ער אויסגעקוקט צו זיין א תקיפ'ער מענשעל. זיין קליידונג איז גע־ווען ניט אָרים און די זיכערקייט מיט וועלכער ער איז צוגעגאַנ־גען צו מענשען, איז ניט געווען קיין קבצנ'ישע. ער איז ניט געווען קליינליך אין געלט־זאכען. דאָס האָב איך זיך איבער־צייגט א פּאָר מאָל, ווען עס איז אויסגעקומען צו צאָהלען אין רעס־טאָראַן, אָדער אין קאַר. אמת, דאָס זיינען קליינינקייטען, אָבער פאַרט כאראקטעריזירט עס א מענשען וויפיל ניט איז... יא, פאַר אָט דער אייגענשאַפט האָב איך איהם רעספּעקטירט. פאַר דער צייט פון אונזער באקאנטשאַפט, וואָס האָט געדויערט עט־ליכע יאָהר, האָט ער ביי מיר קיינמאָל קיין טובה ניט געבעטען. דאָס האָט געמאַכט, אז כאָטש אין דער הינזיכט זאָל איך זיין זיכער מיט איהם און זיך ניט דאַרפען האַלטען פאַר דער קעשענע.

נאָר איין מאָל, נאָך א לאַנגער צייט וואָס איך האָב איהם ניט געזעהן, און ווען ער איז מיר אבסאָלוט אין זינען ניט גע־לעגען, האָב איך, צו מיין גרויסער איבערראַשונג, איהם דערזעהן אריבערטרעטען מיין שוועל.

ער איז געבליבען שטעהן ביי דער טיר מיט אַן אראָפּגעלאָ־זענעם קאָפּ. אין זיין גאַנצער פיגור איז געווען צו מערקען, אז עטוואָס האָט מיט איהם פּאַסירט. זיין פּנים איז געווען שווארץ, די קנייטשען אין די ווינקלען פון מויל זיינען געווען טיפער ווי תמיד, אָבער דער שמייכעל איז פון דאָרט פארשוואונדען.

איך האָב זיך אויפגעהויבען פון מיין פּלאַץ און בין איהם אנטקעגען געגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט:

— העלאָ, מיסטער סיגעל! קומט, זעצט זיך!

ער האָט אויפגעהויבען אויף מיר די אויגען און איך האָב

דאָרט דערזעהן א ים מיט ליידען. מיך האָט א שטאָך געטאָן אין הארצען, אזוי האָב איך איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהן.

— וואָס איז, מיסטער סיגעל? האָט עפּעס פּאסירט מיט אייך?

די ווארימקייט אין מיין קול האָט אויף איהם געווירקט. ער האָט אויף מיר א קוק געטאָן מיט דאנקבארקייט.

— איך בין אין א גרויסער פּארלעגענהייט, מיסטער שאַפּירא, — האָט ער ארויסגערעדט מיט א דומפּען קול ווי פון אונטער דער ערד וואָלט עס געקומען. — איך מוז היינט באצאָהלען א חוב. אויב ניט, בין איך א פארפאלענער.

זעהט איהר, דאָס איז מיר שווין ניט געפעלען. איך האָב בטבע פּיינט צו לייהען געלט. איך וויים, אז צום סוף קומט פון דעם קיין גוטס ניט ארויס, און איך האָב בדעה געהאַט זיך צוריקציהען, אָבער ער האָט קענטיג ניט באמערקט די ענדערונג אין מיר, ווייל ער האָט צוטרויליך ווייטער גערעדט:

— איך בין אויסגעלאָפען די גאנצע שטאָדט, ביי אלע באַקאנטע בין איך געווען, אָבער קיינער האָט מיר די סומע ניט געקענט געבען.

— וויפיל איז דאָס? — האָב איך אזוי ווי געגען מיין אייגענעם ווילען געפרעגט.

— הונדערט און פופציג דאָלאר.

— הום, — האָב איך א ברום געטאָן, — הונדערט און פופציג, א היבשע סומע. אויף ווי לאַנג דארפט איהר עס?

— דאָס העכסטע אויף דריי חדשים. איך וועל נאָך פריהער קענען אָפּגעבען, אָבער איך וויל זיין פּינקטליך. ניט מעהר ווי אויף דריי חדשים.

— גוט, מיסטער סיגעל! איהר קריגט ביי מיר דאָס געלט, אָבער געדענקט, אין דריי חדשים צייט.

— געוויס. איך פארזיכער אייך! — האָט ער מיט היץ אויסגעשריען.

אָבער ווי נאָר איך האָב איהם דערלאַנגט דאָס געלט און ער האָט עס פארשטופּט אין דער הויזען־קעשענע, האָט מיך באלד גענומען פארדריסען, פאר וואָס איך האָב די נארישקייט געטאָן

און מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט עס צוריקקריגען ביי איהם. דאָס איז געווען ניט ווייל איך האָב אזוי געציטערט פאַר דעם געלט. ניין, וואָרים נאָך אַלעמען איז אַזאַ סומע ביי מיין שטאַנד אַ קליינינגקייט. איך פאַרליר און געווין הונדערט און פופציג דאָלאַר אזוי לייכט, אַז עס מאַכט אויף מיר ניט קיין רושם. די זאַך איז אָבער, וואָס, ווי נאָר ער האָט ביי מיר צוגענומען דעם טשעק, האָט ער זיך פּלוצלונג ווי דורך אַ כישוף פאַרענדערט. דער אומעט, די דערשלאָגענקייט איז אַוועק ווי אַ רויך, אין די ווינק־לען פון זיין מויל האָט זיך ווידער באַוויזען יענער עקעלהאַפטער שמייכעל, וואָס האָט מיך געמאַכט שוידערען און אין די וואַסער־דיגע אויגען האָב איך אויפגעכאַפּט אָפענעם חוזק. עפּעס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער זאָגט צו מיר, אָהן ווערטער:

— אַי, ברודערעל, ביזטו אַ לעקיש!

דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אַ מאָמענט. באַלד איז ער זיך צוגאַנגען אין שבחים, אין אַ גוס פון ליוב־געזאַנג און דאַנק־באַרקייט:

— קיינמאָל וועל איך עס ניט פאַרגעסען, גלויבט מיר, מיסטער שאַפּירא. טאַקע דערפאַר, ווייל גראַד ביי אייך האָב איך זיך ווענינגער ווי אומעטום געריכט צו קריגען דאָס געלט. טאַקע דער־פאַר בין איך נאָך מעהר דאַנקבאַר.

אַז ער איז אַוועק, האָב איך פרייער אָפּגעצויגען דעם אָטעם. אָבער געפיהלט האָב איך זיך דאָך ווי איינער, וועמען מען האָט אָפּגענאַרט און דערצו מיאוס אויסגעלאַכט.

* * *

עס זיינען אַוועק די דריי חדשים, נאָך דריי חדשים און נאָך אַנדערע פולע דריי חדשים, אָבער דאָס געלט האָט ער מיר ניט אָפּגעבראַכט. ער האָט פון זיך ניט געלאָזט הערען, עפּעס אַזוי ווי די ערד וואָלט איהם איינגעשלונגען.

מיר איז די גאַנצע צייט די דאָזיגע זאַך פון זינען ניט אַרויס. יעדען טאָג האָב איך אַלץ געוואַרט מיט אַ ווינקעלע פון מיין וועזען, אַז ער זאָל קומען און זאָגען:

— נאַט אייך אייער געלט!

איך האָב ניט געוואָלט, אַז ער זאָל זיך קענען באַריהמען פאַר

ועמען ניט איז, אז ער האט מיך אפגענארט. איך האב פאר קיין פאל ניט געקענט דערלאזען, אז אט דער דאזיגער נפש זאל אין וואס ניט איז זיין איבער מיר. דאס באוואוסטזיין, אז אזא ווארים שטעהט העכער פאר מיר האט אנגעפילט מיין נשמה מיט יסורים און וואס ווייטער די צייט איז געגאנגען און וואס וועניגער איך האב געקענט האפען, אז ער זאל קומען, אלץ מעהר האט עס מיך גע־מאטערט.

מאדנע, אמאל פלעג איך וועגען איהם טראכטען נאר דאן, ווען איך האב איהם געזעהן, ווען ער איז געשטאנען פאר מיינע אויגען. איז ער אוועק, איז ער אויסגעמעקט געווארען פון מיין זכרון. קיין מאל האט ער ניט פארנומען אן ארט אין מיין טרוי־מען ביינאכט, קיין מאל האט מיין אויג איהם ניט געזוכט צווי־שען דעם המון אין גאס. ער איז פאר מיר געווען א ניט־וויר־דיגקייט.

צו מיין וואונדער, האב איך זיך געכאפט, אז איצט דרעהען זיך מיינע חלומות ארום איהם. אפט דערזעה איך איהם אין דעם רינג פון זאכען, וואס שוועבען דורך מיין מארך. איך פיהל, אז ער פארנעהמט אן ארט אין דער ענטוויקלונג פון דעם, וואס איך זעה אין מיין טיפען שלאף און אז איך געה אין גאס פארטאן אין מיינע געשעפטען, אין זאכען וואס האבען אבסאלוט מיט איהם ניט צו טאן, ווייס איך אבער, אז מיין אויג לויערט, זוכט און פארשט צווישען די אלע, וואס שוועבען פארביי מיר. איך ווייס, אז דאס זוך איך איהם, אז איך ערווארט ער זאל פלוצים פאר מיר ערשיינען, אבער דאס טו איך ניט מיט כונה, אויסגערעכענט. פארקעהרט, ווען איך זאל איהם טרעפען, וואלט איך ניט גע־וואוסט וואס צו טאן מיט איהם, אבער דאך האב איך געווארט אז ער זאל מיר קומען אנטקעגען. און איין מאל האב איך איהם טאקע דערזעהן. ער איז געגאנגען אויף דער אנדער זייט גאס. מיר האט א שווינדעל געטאן אין די אויגען. מיר האט זיך גע־דאכט, אז דאס איז נאר א פראדוקט פון מיין פאנטאזיע, ווייל עטליכע מאל האט עס שוין פריהער פאסירט און איך בין אלע מאל געבליבען אפגענארט. אבער דאס מאל איז עס געווען א ווירקליכקייט. עס איז געווען ער.

רוהיג, געלאַסען, מיט אַ פאַררינסענעם קאָפּ האָט ער געשפּאַנט איבער דער גאַס, און וואָס פאַר אַן ענדערונג עס איז אין איהם פאָרגעקומען זינט איך האָב איהם דאָס לעצטע מאָל געזעהן! די קליידער זיינען געווען ניי, אויסגעפּרעסט, די שיך אָפּגעפּוצט און דער הוט עטוואָס אויף אַ זייט, מעשה וואוילער יונג. קענטיג, אַז מיין געלט איז איהם געווען מזל׳דיג.

מיין הארץ האָט העפטיג געקלאַפּט. איך בין געווען דער־שראָקען. אָבער גראָד דאָס האָט מיך בייז געמאַכט. דאַן האָב איך זיך באַשלאָסען איהם צו באַגעגענען.

איך בין אריבער אויף דער צווייטער זייט און בין איהם פאַרבייגעלאָפען, דאַן האָב איך זיך אומגעקעהרט מיט׳ן פּנים צו איהם. איך האָב ערוואַרט, אַז ער זאָל זיך אַ צאַפּעל טאָן, אַז ער זאָל זיך פאַרלירען און בלייבען שטעהן. אָבער דאָס האָט ניט פּאַסירט. ער איז זיך געגאַנגען ווייטער מיט׳ן זעלבען זיכערען טראָט, קוקענדיג פאַר זיך איבער אַלעמענס קעפּ. נאָר אין דער זעלבער צייט האָב איך געזעהן, אַז ער קוקט אויף מיר מיט אַ ווינקעל פון אַן אויג, אַז ער באַטראַכט מיך און מיר האָט זיך גע־דאַכט, אַז איך האָב באַמערקט ווי די ליפּען זיינע האָבען אַ לייכ־טען צוק געטאָן, אזוי ווי צום לאַכען.

— העלאָו, מיסטער סיגעל! ווי געהטס? — האָב איך לוס־טיג, שוין עטוואָס צו לוסטיג, אויסגעשריען.

— ענטשולדיגט, איך... איך דערקען אייך ניט, — האָט ער גענומען שטאַמלען, אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט און אויס־געשריען מיט חדוה:

— אָה, מיסטער שאַפּיראָ, אזוי לאַנג זיך ניט געזעהן. אַן אייביגקייט, ווי איך בין אַ איד.

— טאַקע לאַנג. שוין עטוואָס צו לאַנג.

— פאַרנומען, זעהר פאַרנומען. ניטאָ פּשוט קיין צייט אָפּ־צוכאַפּען דעם אָטעם.

— הייסט עס, אַז עס געהט אייך ניט שלעכט?

— אַ דאַנק גאָט, ניט צום פאַרזינדיגען.

— נו, איצט וועט איהר מיר מסתמא באַצאָהלען מיין חוב, — האָב איך גאַנץ געלאַסען אָבער זיכער געזאָגט.

— אייער חוב. איך פארשטעה ניט.

— די הונדערט און פופציג דאָלאר.

— אָך, דאָס מיינט איהר?

— נו געוויס, וואָס דען קען איך ביי אייך מאָנען?

— אזוי, די הונדערט און פופציג דאָלאר. יא, איצט דער־מאָן איך זיך. איהר ווייסט, דער קאָפּ איז אזוי פארדרעהט.

— מיר איז אויך פארדרעהט דער קאָפּ, ווארים איך נויטיג זיך שטארק אין געלט. באצאָהלט מיר טאקע איצט, ווארים איך האָב קיין צייט ניט.

— געהט שוין געהט. אזוי גיך?

— וואָס גיך? איהר האָט דאָך גענומען אויף דריי חדשים. אפשר ניט? — האָב איך אויסגעשריען בייז.

— שאַ, שרייט ניט אזוי. מיר זיינען דאָך אין גאס צווישען מענשען, עס פּאסט ניט, — האָט ער מיט אָפענעם חוזק געזאָגט, נעהמענדיג מיין אָרעם. — איך מיין, אזוי שנעל מאָנט מען דאָס איין א חוב? עך, איהר זיינט דאָך א ביזנעס־מאַן און ווייסט מסתמא ווי שווער עס איז ארויסצונעהמען „קעש". איך קען ניט. אויף מיין וואָרט, איך קען ניט. אַן אנדערס מאָל.

— מיסטער סיגעל, איהר מאכט מסתמא חוזק פון מיר, — האָב איך מיט פארביסענע צייהן געזאָגט. — אָבער איך פארזיכער אייך, אז דאָס וועט ניט געהן. אזא נידערטרעכטיגקייט וועל איך ניט דערלאָזען.

— בע. איהר הויבט זיך אָן זידלען? נו, דאָס פּאסט גאָר ניט פאר אזעלכע אינטעליגענטע מענשען! בע־בע־בע, צו וואָס דארפט איהר זיך אויפרעגען, אז סיי ווי סיי קענט איהר מיר גאָר ניט טאָן?

— הייסט דאָס, אז איהר וועט מיר דאָס געלט ניט אָפּגע־בען? — האָב איך שארף געפרעגט.

— פארוואָס פעלט אייך איין אזא זאך? וואָס איז, בין איך דען אַן אָנזעצער?

איך האָב זיך ניט געקענט קאָנטראָלירען. דער חוזק אין זיין קול, די חוצפּה אין די ווינקלען פון זיין מויל און דער בייזער אויס־

דרוק אין די אויגעלאך האָבען מיר באוויזען, אז דער קערל מיינט פשוט צו טרייבען שפּאַס.

— גוט, מיסטער סיגעל. איך קען אייך גאָר גיט טאָן און וועל ביי אייך דאָס געלט ניט מאָנען. אָבער וויסען זאָלט איהר, אז איך האָלט אייך פאר אַ וואָרים. מיך עקעלט פון אייך.

— אָה, דאָס וויים איך שוין לאַנג. יאָ, אייך עקעלט פון מיר. איהר פאראַכטעט מיך. דאָס האָט איהם מיר שטענדיג גע־געבען צו פיהלען. איהר האָט מיך באַליידיגט אויף שריט און טריט, אָהן אַ פאַרוואָס.

— און דאָך זיינט איהר צו מיר געקראָכען, — האָב איך אויסגעשריען.

— יאָ, געקראָכען, ווייל איך האָב אייך אויך פיינט געהאַט. פיינט ווי אַ חזיר, פאר אייער זאַטקייט, צופרידענהייט און פאר דער מאַסע געלט, וואָס איהר האָט אָנגעזאַמעלט. אָה, ווי פיינט איך האָב אייך אימער געהאַט. און טאַקע דערפאַר בין איך צו אייך געקראָכען, כדי אייך אַרויסצושלאָגען פון אייער גוטען מוט. איך האָב געוואוסט, אז ביי אייך פּלאַצט די גאַל, ווען איך קום נאָהענט צו אייך.

מיר האָט פאַרשטיקט אין האַלז. די הענט האָבען מיר גע־ציטערט און מיין פנים האָט זיך געקרימט פאר וועהטאָג. דאָס איז געווען צופיל פאַר מיר.

— הערט, מיסטער סיגעל! די אַלע רייד זיינען אַרויסגע־וואָרפען. צווישען אונז איז אַלץ אויס. אָבער איך וויל, אז איהר זאָלט וויסען: וואָס עס זאָל מיט אייך ניט פּאַסירען, אין וואָס פאַר אַ שווידערליכער לאַגע איהר זאָלט זיך ניט געפינען, וועט איהר ביי מיר קיין הילף ניט קריגען. איהר מעגט אפילו שטאַרבען ביי מיינע פיס. געדענקט עס.

— עט, עס זיינען דאָ ברוך השם גענוג אידיאָטען אויף גאָט'ס וועלט אָהן אייך, מיסטער שאפּיראָ. כע־כע־כע... — האָט ער מיר נאָכגעשריען לאַכענדיג הויך.

* * *

צוויי יאָהר זיינען פאַרבייגעלאָפען זינט יענעם טאָג. אָבער אויף קיין מינוט איז זיין געשטאַלט פון מיינע געדאַנקען ניט פאַר־

שוואונדען. עס האָט געלעבט אין מיר א טיפער גלויבען, אז עס מוז קומען די מינוט, ווען די טיר וועט זיך עפענען און ער וועט אריבערטרעטען מיין שוועל. אָט דאָס בילד האָט מיך מחיה גע־ווען, פונקט אזוי ווי אין מיינע קינדערשע יאָהרען האָט מיך גע־לאסטשעט דאָס בילד פון משיח אויפ׳ן ווייסען פערד וואָס וועט אמאָל אין מיטען טאָג אָנקומען... אז איך וועל זיין שטארק און זיך ניט בויגען פאר זיינע רעדען און תחנונים, אין דעם בין איך זיכער געווען. אפטמאָל האָב איך זיך פאָרגעשטעלט ווי ער ליגט ביי מיין טיר א גוסס׳ער, מיט פארגלאָצטע אויגען און בעט זיך מיט א כריפענדיג קול: „גיט מיר א שטיקעלע ברויט, איין ביסען, וואָרים איך שטארב.” איך זעה זיינע פארברענטע, צושפּאָלטענע ליפען, אויף וועלכע עס שלאָגט א ווייסער שוים, און קיין פונק פון רחמנות איז אין מיין הארצען ניט געווען. פארקעהרט, אָט דאָס בילד האָט מיך נאָר לוסטיג געמאַכט.

די צייט איז אָבער געלאָפען און ער איז ניט געקומען. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי באקאנטע וועגען איהם און מען האָט מיר געזאָגט, אז ער האָט עפּעס א סטאַרקע אין א ווייטער געגענד, און אז עס געהט איהם ניט שלעכט. דאָס האָט מיך ניט געקי־מערט, וואָרים איך בין זיכער געווען, אז צום סוף וועט ער דאָך מוזען קומען. דאָס וואָס ער פיהרט איצט מסחרים האָט ניט גע־שטערט מיינע האָפנונגען. א פּאָר מאָל האָב איך זיך אוועקגע־לאָזט אין יענעם טייל שטאָדט, און פון א ווינקעלע ערגעץ אין א האָל האָב איך לאנג געקוקט אויף דעם שמאָלען טירעל, וואָס האָט געפיהרט אין זיין געשעפט. איך האָב געזעהן אריינקומען און ארויסגעהן מענשען. דער חברה־מאַן האָט קענטיג אין אמת׳ן אויסגעמאַכט ניט שלעכט. דאָס האָט מיך ניט געקרענקט, וואָרים וואָס גליקליכער זיינע מסחרים זיינען, אלץ שווערער וועט איהם טרעפען שפּעטער די האנט פון מזל, אלץ טיפער וועט ער נאָכדעם ליידען. אָבער איין זאך האָט מיך באאומרוהיגט. וואָס מעהר איך האָב געהאָפט אויף זיין אומגליק, וואָס שווארצער איך האָב זיך געמאָלען זיין צוקונפט, אלץ העלער איז ער מיר ערשינען אין מיינע חלומות. און גע׳חלומ׳ט וועגען איהם האָב איך תמיד. דאָס איז שוין געוואָרען א מין געוואוינהייט ביי מיר. ווי נאָר

איך האָב פאַרמאַכט די אויגען און אין מײן מאַרך האָט זיך אָנגעהויבען װעבען; דער אומענדליכער שנור, איז ער געקומען, איז ער אין מיטען געװען; און אימער מיט אַ לאַכענדיגען פּנים, אַ צופרידענער און אויפגעלעגטער, און אַלע מאָל איז אויסגעקומען אַזױ, אַז ער איז געװען איבער מיר. איך האָב געפיהלט די באַליידיגונג, די נישטיגקייט מײנע, און עס האָט מיך שטאַרק װעה געטאָן.

אָבער צום סוף האָב איך זיך דערװאַרט.

איין מאָל אין אָװענד האָב איך געבלאָנדזעט אין יענעם טייל פון שטאָדט, װאו ער האָט געװאױנט. איך בין לאַנג געשטאַנען אין אַ װינקעלע און אָנגעשטרענגט געקוקט צו זײן טיר. עס זײנען אַריין און אַרויס מענשען. אַ העלע שײן האָט אַרויסגעשלאָגען דורך די פענסטער. איך האָב באַמערקט זײן שאָטען אַרומטאַנצענדיג הין און הער און איך בין זיכער געװען, אַז אַלץ געהט דאָרט װי געװען. קיין שום אַהנונג, אַז זײן מפּלה איז אַזױ נאָהענט האָב איך ניט געהאַט.

איך בין געקומען אַהיים אַ מידער, אַן אויסגעמאַטערטער און זיך געװאָרפען אויף מײן געלעגער און, װי געװעהנליך, איז זײן געשטאַלט באַלד אַרויסגעשפּרונגען. ער איז נאָך קיינמאָל אַזױ לוסטיג, אַזױ אויפגעלעגט ניט געװען. קיינמאָל האָב איך אויף זײן פּנים ניט געזעהן אַזאַ אויסגוס פון נחת און גליק. עפּעס האָט ער מיך געשלעפּט פאַר'ן אָרים און געצייגט מיט אַ פינגער אין דער לופט; מיר איז געװען שװער און אומעטיג. עס האָט זיך מיר געװאָלט אַנטלויפען, באַהאַלטען. אָבער איך בין געװען מאַכטלאָז און זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איהם. ער האָט גערעדט, געלאַכט אַזױ הויך, אַז די ערד האָט אַזש געציטערט. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און שוין מעהר ניט געקענט שלאָפען. און דעריבער בין איך אַ גאַנצען פריהמאָרגען געװען שלעפעריג און עטװאָס קרענקליך. איך בין געזעסען פאַרטאָן אין מײנע חשבונות, האָב זיך געמאַטערט עפּעס צו פאַרשטעהן, װען אַ לייכטער קלאַפּ אין מײן טיר האָט מיך אויפגעװעקט. עס האָט מיר אַ זעץ געטאָן איבער די נערװען אַזױ װי אַן עלעקטרישער שטראָם װאָלט דורך מיר דורכגעצוקט. איך בין אויפגעשפּרונגען און אויסערגעװעהנליך הויך אויסגעשריען: אַריין!

א פּאָר סעקונדען האָט געדויערט איידער די טיר האָט זיך לאַנגזאַם גענומען עפענען. מיין האַרץ האָט געקלאַפּט אַזוי העפ־טיג, אַז עס האָט מיר אָטעם פאַרפּעהלט. איבער מיין פּנים איז אַריבער אַ קאַלט ווינטעל, אַ סימן, אַז איך בין טויט בלאַס. מיט מיין גאַנצען וועזען האָב איך געוואוסט, אַז דאָס איז ער.

ער איז געשטאַנען אין דער האַלב־אָפענער טיר און געקוקט צום באָדען, אַזוי אַז איך האָב זיין פּנים ניט געקענט זעהן, אָבער באַמערקט האָב איך, אַז די קליידער זיינע זיינען אין גרויסער אומאָרדנונג, אַלט און צוקנייטשט, אַז ער איז אויסערגעוועהנליך דאַר. איך בין געשטאַנען ביי מיין טיש און שאַרף געקוקט אויף איהם. אָבער, מאָדנע, קיין סימן פון האַס איז אין דעם מאָמענט אין מיר ניט געוועזן. ער איז מיר איצט געווען גלייכגילטיג. ווען ער קעהרט זיך אום און געהט אוועק, וואָלט עס אויף מיר קיין שום רושם ניט געמאַכט. ער איז אָבער ניט אַוועק, נאָר איז אַלץ געשטאַנען אויף איין אָרט, ניט אַ ריהר טוענדיג מיט אַ מוסקול. דאָס האָט געמוזט דויערען זעהר לאַנג. אָבער איך האָב די צייט ניט געפיהלט. שוין לאַנג, אַז איך בין אַזוי זיכער און רוהיג ניט געווען. אַלענפאַלס האָב איך פעסט באַשלאָסען דער ערשטער ניט אָנצוהויבען רעדען. אָבער קענטיג, אַז ער האָט דאָסזעלבע געהאַט אין זינען, ווייל ער האָט ניט געוויזען קיין סימן פון לעבען. ערשט איצט האָב איך באַמערקט, אַז אין מיין חדר'ל איז שרעק־ליך שטיל, אַז עטוואָס שווערעס הענגט אין דער לופט.

צום סוף האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף מיר און אַ שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף די ליפּען. אָבער דאָס איז ניט געווען יענער חוצפּה'דיגער שקלאַפישער שמייכעל אין די ווינקלען פון זיין מויל, וואָס האָט מיר אַלע מאָל געמאַכט שווידערען. אָט אַזוי ווי ער האָט געשמייכעלט אין דעם מאָמענט, וואָס ער איז געשטאַנען פאַר מיר, קען נאָר איינער וואָס ווייסט אויף זיכער, אַז די לעצטע מינוט פון זיין לעבען איז געקומען, אַז אַלץ איז אויס.

— איך מוז אויסקומען די זאַך זעהר קאָמיש, מיסטער שאַ־פּירא, — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ הייזעריגען קול, — וואָס איך האָב געוואַגט נאָך יענעם אומאַנגענעהמען אינצידענט קומען

צו אייך. און גלויבט מיר, אז מיך וואָלט גאָר ניט געוואונדערט, ווען איהר נעהמט מיך פאַר'ן קאָלנער און שמייסט מיך ארויס.

— וואָס פארלאנגט איהר? — האָב איך געפרעגט, אזוי ווי ניט הערענדיג זיינע ווערטער.

— ווילט איהר מיך אויסהערען, מיסטער שאפּיראָ?

איך האָב אָנגעהויבען קומען צו זיך. מיין ברענענדער האַס האָט זיך ווידער א הויב געטאָן פון דער טיפעניש פון מיין נשמה.

— מיט'ן גרעסטען פארגעניגען, מיסטער סיגעל. רעדט, איך וועל הערען.

— אָבער איך האָב געוואוסט, אז איהר האָט א גוט הארץ.

— רעדט צו דער זאַך און מאכט עס קורץ, — האָב איך אויסגעשריען.

אין זיינע קיינע אויגעלאך האָט זיך באוויזען א פייערל. אָה, ווי ער האָט מיך געמוזט האסען אין דעם מאָמענט.

— גוט, איך וועל ריידען, כאָטש איך ווייס, איך בין זיכער, אז דאָס איז אומזיסט. אָבער אַלץ איינס איז אַלץ פארפאַלען. איהר קענט באגרייפען וואָס איך האָב געדארפט אריבערלעבען איידער איך האָב זיך באשלאָסען קומען צו אייך. נאָר עס העלפט נים. קענטיג, אז א בייזע אכזריות'דיגע האנט שטויסט מיך צו אייך, וואָס האָט מיך מעהר פיינט, ווי עמיצער אנדערש אויף דער וועלט. הערט־זשע: איבער דריי יאָהר האָב איך זיך גע־מאַטערט דורכצושלאָגען, איך האָב א קליינע סטאָרקע, וועלכע איך האָב געקויפט פאַר פינף הונדערט דאָלאר. פון ערשטען טאָג אָן איז עס ניט געגאנגען, כאָטש איך האָב קיינעם ניט דער־צעהלט, אָבער איך האָב זיך איינגעשפּאַרט, ניט נאָכצוגעבען. איך מוז דאָך האָבען א שטיקעל אָנשפּאַר אין לעבען. איהר ווייסט דאָך, א ווייב, קינדער זאָלען געזונט זיין. מען קען דאָך אָט אזוי ניט אָפּ'פּטר'ן דאָס לעבען. איך האָב געצויגען אזוי לאַנג ווי איך האָב געקענט. איך בין פארשולדיגט איבער'ן קאָפּ, מען וויל מעהר קיין סחורה ניט געבען און מיר קומט אוים זיך צו נעהמען דאָס לעבען ווייל איך האָב מעהר ניט וואוהין צו געהן.

— איז וואָס ווילט איהר פון מיר? — האָב איך געפרעגט לאַכענדיג. — איהר מיינט דאָך ניט, איך זאָל אייך געבען געלט.

— איך מיין גאָר ניט, מיסטער שאַפּירא, גאָר ניט. אָבער איך ווייס, אַז דאָס זיינט איהר די שטרוי, פאַר וועלכער איך, וואָס טרינק זיך, דאַרף זיך אָנכאַפּען און איך טו דאָס.

— אומזיסט אייער מיה, מיסטער סיגעל! איהר וועט קיין געלט ניט קריגען ביי מיר.

— איך ווייס דאָס.

— איז וואָס פאַרלאַנגט איהר?

— איך וויל, אַז איהר זאָלט וויסען פון מיין לאַגע.

— דאָס געהט מיר ניט אָן.

— מיר געהט עס אָבער יאָ אָן, מיסטער שאַפּירא! איך וויל, אַז איהר זאָלט וויסען, אַז איך געה גלייך פון אייך זיך נעהמען דאָס לעבען, וואָרים אהיים קען איך ניט געהן.

— איך בין עס מודה, אַז מיר וועט עס פאַרשאַפען פיל פאַר־גנעניגען צו וויסען, אַז אַזאַ נפש ווי איהר לעבט ניט מעהר. איך פאַרזיכער אייך אין דעם.

די ליפּען זיינע האָבען געציטערט און אַן אַדער אין זייט פון זיין שטערען איז שרעקליך אָנגעלאָפען ביי מיינע לעצטע ווערטער. אָבער ער האָט זיך פאַרט ניט פאַרלאָרען.

— איך ווייס אייער מיינונג וועגען מיר און איך האָב, גלויב איך, אייך געזאָגט, וואָס איך דענק וועגען אייער פערזאָן. אָבער איך וויל, אַז איהר זאָלט וויסען, אַז גלייך פון אייער הויז בין איך נעגאַנגען באַגעגענען דעם טויט.

— נו, פאַרפאַלען. וואָס קען מען טאָן?

— נאָך עפּעס. איך וועל איבערלאָזען אַ צעטעלע פאַר מיינע קינדער, זיי זאָלען וויסען, אַז איהר זיינט געוועזען דער לעצטער מענש, צו וועמען איך האָב אויסגעשטרעקט אַ האַנט נאָך הילף, און אַז איהר האָט מיר געגעבען דעם לעצטען שטויס אין אָפּגרונד. זיי וועלען וויסען, אַז איהר זיינט געווען מיין גזלן. זיי וועלען דאָס איבערגעבען צו זייערע קינדער און קינדס־קינדער. אייער נאָמען וועט פאַרשריבען ווערען מיט אַ קללה אין דעם בוך פון אונזער משפחה.

מיין לייב האָט געציטערט און אַ שוויים האָט מיר ארויסגע־שלאָגען אויפ'ן שטערן. אויף דעם האָב איך זיך ניט געריכט. מיין

נאָמען, מיין עהרליכען, ריינעם נאָמען וועט ער פארשמוצען. ער וועט זיך אָן מיר נוקם זיין אפילו נאָכ'ן טויט, און נאָכ'ן טויט וועט ער זיין נאָך מעכטיגער געגען מיר, ווייל יעדער שטויבעלע פון זיין קבר וועט דאָך שרייען צו זיינע יורשים: — שאפּירא האָט איהם ערמאָרדעט, ער איז זיין רוצח! און ווער ווייסט וואָס פאר א מיט־לען די קינדער זיינע וועלען אָנווענדען געגען מיר ווען זיי וועלען אויסוואקסען. דער אויסוואורף, ער וועט מיך אפילו נאָכ'ן טויט ניט אָפּלאָזען — דאָס אַלץ האָט זיך א טראָג געטאָן דורך מיין מארך און אין יענער רגע האָב איך געוואוסט, אז ער האָט געזיגט.

— מיט אזעלכע זאכען שרעקט מען מיר ניט, מיסטער סיגעל, — האָב איך ארויסגעזייהט דורך די פארביסענע ציינער.

— אָה, איהר ווייסט ניט, מיסטער שאפּירא, וואָס דאָס מיינט דער פלוך פון קליינע יתומים. איהר וועט עס דערשפּירען שפּע־טער אביסעל. אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב אייך געוואָלט זאָגען.

איצט איז ער ניט געווען דערשלאָגען. פארקעהרט, ער האָט מיר אויסגעוויזען ווי א מענש וואָס האָט זיך באפרייט פון א שווע־רער משא. זיין פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט און אין די ווינק־לען פון מויל האָט זיך שוין ווידער באוויזען דער עקעלהאפטער שמייכעל. דאן האָט ער זיך פאר מיר טיף פארנייגט און געזאָגט:

— ענטשולדיגט וואָס איך האָב אייך געשטערט, — און ער האָט געמאכט א באוועגונג צום טיר.

— הם... וויפיל אן ערך איז דאָס די סומע וואָס איהר דארפט איצט האָבען? — האָב איך ארויסגערעדט האסטיג, און דערביי האָב איך אויסגעשטרעקט א האנט איהם אָפּצוהאַלטען.

ער האָט זיך אומגעווענדט צו מיר און מיט א שווערען, לאַנ־גען בליק מיך באטראכט. דאן האָט ער קאַלטבלוטיג ארויסגע־רעדט:

— צוויי הונדערט דאָלאר.

— צוויי הונדערט דאָלאר! גאָט מיינער! וואָס מיינט איהר? ביי מיר איז א קוואַל פון געלט?

— דארפען דארף איך דריי הונדערט, אָבער דערוויל וועט גענוג זיין צוויי. אפשר וועל איך זיך אויסדרעהען.

דער שוטה האָט ניט געוואוסט, אַז ווען ער בעט ביי מיר אין דעם מאָמענט טויזענדער, וואָלט איך איהם אויך געגעבען.

— אויף ווי לאַנג? — האָב איך געפרעגט, אָבער איך האָב זיך צולאַכט און צוגעגעבען: — ביי אייך פרעגען אויף ווי לאַנג, כאַ־כאַ־כאַ, גאָרניט; מיר אַרט ניט, וועל איך פּטר'ן אַ פּאָר הונ־דערט דאָלער; איך וועל ניט אומגליקליך ווערען.

מיר איז געוואָרען פרעהליך אויפ'ן הארצען. איך בין אפילו גרייט געווען איהם איבערצובעטען און פאַרפיהרען מיט איהם אַ פריינדליכען געשפּרעך. אָבער, אַז איך האָב איהם דערלאַנגט דאָס פּעקעל קנאַקעדיגע בילס און אַז ער האָט זיי אריינגעלעגט אין דער הויזען־קעשענע, האָט מיר אַ ברען געטאָן אין מאַרך. ערשט איצט האָב איך דערזעהן, אַז ער קוקט אויף מיר מיט אָפענעם חוזק.

— געדענקט איהר, מיסטער שאַפּיראָ, וואָס איך האָב אייך געזאָגט דעם לעצטען מאָל, ווען מיר האָבען זיך צוּוואָרטעלט?

— וויים איך וואָס! ווער געדענקט דאָס אַזעלכע זאַכען!

— יאָ, אָבער איך געדענק עס גאַנץ גוט. איך האָב אייך געזאָגט, אַז עס וועלען זיך געפינען גענוג אידיאָטען אויסער אייך אויף גאָט'ס ערד. נו, מוז איך זיך ענטשולדיגען. איך האָב שלעכט געדענקט. ניין, עס געפינען זיך ניט גענוג אידיאָטען. איהר, מיסטער שאַפּיראָ, זיינט דער איינציגער, גאָט'ס געבענשטער אי־דיאָט, כאַ־כאַ־כאַ! יאָ, איהר מעגט ארויסנעהמען אַ פּאַטענט אויף דעם, מיסטער שאַפּיראָ, כאַ־כאַ־כאַ! איהר זיינט אַ וואונדערבאַ־רער אידיאָט, כאַ־כאַ־כאַ!...

גאָט מיינער, קיין מאָל האָב איך אַזוי ניט געליטען ווי אין דער ווייִלע, ווען זיין עקעלהאַפטער, שוידערליכער געלעכטער האָט געקלונגען אין דער לופט. יעדער נערוו אין מיר איז געשפּרונגען, אָבער איך בין געווען מאַכטלאָז. ער האָט געזיגט. מיין פּנים האָט געברענט פאַר שאַנד. איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט עס צופּויקען וויים און ברייט, אַז מען וועט טייטלען אויף מיר מיט די פינגער...

און פון יענער צייט אָן הער איך זיך צו מיט שוידער צו יעדען שאָרך אויף יענער זייט טיר. גאָט, ווי איך ציטער, אַז ער זאָל ווידער אַמאָל ניט קומען, וואָרים איך וויים, אַז איך בין מאַכטלאָז נעגען איהם.

# עס האָט זיך געלוינט

— איך וועל נעהמען א דירה וואו מיר געפעלט. דאָס איז אייך ניט רוסלאַנד. דאָ איז אַ פרייע מדינה. קיינער קאָן מיר ניט אָנווייזען וואו איך זאָל וואוינען. איך בין אַ גלייכער פריץ מיט אַלעמען! — אַזוי האָט לייב ערקלעהרט קאַטעגאָריש, ווען מען האָט איהם געפרואווט אָנווייזען, אַז די געגענד, וואו ער וויל נעהמען די דירה, איז ניט קיין רוהיגע; אַז דאָרט הערשט אַ געפעהרליכע „גענג" און פאַר אַ אידען איז פּשוט סכנות נפשות די נאָז דאָרט צו ווייזען.

— זאָל זיך נאָר ווער ניט איז מיט מיר פאַרטשעפּען. איך וועל זיי ווייזען וואָס איך קאָן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ צופרי־דענעם שמייכעל און דערביי געוויזען זיינע צוויי הענט.

און הענט האָט ער געהאַט גרויסע, גראָבע ווי קלעצער, מיט קורצע, פלאַטשיגע פינגער. און דער אייגענטימער זייערער אליין איז אויך ניט געווען קיין שוואַך קינד: אַ הויכער, מיט אַ רויט פּנים און אַ קאַרק ווי ביי אַן אָקס. די לאַנדסלייט האָבען זיך געהאַט אָנצודערצעהלען פון איהם גאָר וואונדערליכע זאַכען: אַז ער איז נאָך געווען אַ יונג בחור'ל פלעגט ער אויף דער סלאָבאָדקע, וואו זיינע עלטערען האָבען געוואוינט, אויסלעגען אַלע שקצים. זיי האָבען פאַר איהם געציטערט ווי פאַר פייער. און שפּעטער האָט ער באַוויזען אַזאַ קונץ: גענומען אַן אָקס פאַר די הערנער און איהם איבערגעקעהרט. ער האָט איין מאָל דאָס שטעדטעל פון אַן אומגליק ארויסגעראַטעוועט. דאָס איז געווען אין אַ מאַרקט־טאָג. די גוים האָבען זיך צווישעט; אַ טויט־שרעק איז באַפאַלען די אידישע קרעמער און סוחרים'לאַך. מען האָט גענומען פאַר־מאַכען די קלייטען, פאַרהאַקען די הייזער. נאָר דאָ האָט זיך באַ־וויזען לייבע מיט אַ האָלאָביע אין די הענט. ער איז געשפּרונגען

איבער וועגענער, איבער מענשען, געפּאַכּעט מיט'ן שטאַנג, גע־
קלאַפּט אויף אַלע זייטען, און עס איז רוהיג, שטיל געוואָרען. פון
דאַן אָן האָבען איהם די גוים געקענט און געאַכטעט: „לייבקע
איז אַ כוואַט אַ אידעל, מיט איין פּלעם קאָן ער דיר אויסהאַקען
אַלע צייהנער; בעסער זיך מיט איהם ניט אָנצוהויבען". דער
רב, להבדיל, האָט צוליב דער מעשה פון איהם געהאַלטען אַן עולם
ומלואו, כאָטש ער איז ניט שטאַרק אָפּגעהיט אין אידישקייט, גאָלט
זיך די מאָרדע און טראָגט בפרהסיה אַ טיכעל אום שבת; אָבער
פון דעסטוועגען איז ער אַ וואַזשנער מענש, און ער וועט אם ירצה
השם דאָרט האָבען אַ בכבוד'יגען אָרט... אזוי האָט דער אַלטער
רב איהם מבטיח געווען פאַר אַ גאַנצער עדה. מילא וועגען גוטען
אָרט, וואָס עס ערוואַרטעט איהם, האָט לייבע ניט שטאַרק גע־
טראַכט. אָבער שטאָלץ איז ער געווען ביי זיך, אַ שרעק... מען
האָט זיך ניט געטאָרט מיט איהם פאַרטשעפּען. נאָר עפּעס איז
ער געקראָכען מיט זיינע ידים.

דאָס אַלץ איז אָבער געווען דאָרט, אין דער היים, אויף סלאָ־
באָדקע. דאָ אין אַמעריקא געהען אַזעלכע זאַכען ניט אָן. אפילו
אַ קליין שגץ'ל קען דיך מאַכען ברוין און בלוי איידער דו גיסט
נאָך אַ פינטעל מיט'ן אויג, און גלאַט פּאַסט זיך ניט פאַר אַ אידען
צו פאַרטשעפּען זיך מיט זיי. בעסער לעבען צווישען אייגענע, אין
אַ אידישער געגענד, איז מען זיכער און רוהיג, אַז קיינער וועט דיך
ניט אָנריהרען, ניט באַליידיגען.

לייב האָט עס אָבער ניט געוואָלט באַגרייפען: „ווי קאָן עס
זיין, אַז אין אַ לאַנד, וואו מען האָט „ראַוונאַ פּראַוויע", זאָל מען
ניט טאָרען וואוינען וואו עס גלוסט זיך, און מען דאַרף זיך דוקא
וואַלגערען אין טומעל?". זאָל ניט אויסגערעדט זיין, עס קעהרט
זיך איהם איבער די גאַל, ווען ער דאַרף דורכגעהן די אַש־באַרעלס
מיט אַלערליי שמוץ. אויף סלאַבאָדקע, וואו ער איז אויפגעוואַק־
סען און פאַרבראַכט זיין גאַנצע יוגענד, האָט ער עס ניט געזעהן.
דאָרט איז געווען שטיל און ריין; אַרום הויז זיינען געוואַקסען
עטליכע בוימער. אין גאָרטען האָבען געבליהט אַלערליי גרינסען;
עס האָט האָט געשמעקט אַ מחיה.

„איך האָב זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אז אין דער

גאָלדענער מדינה זאָלען מענשען לעבען, להבדיל, ווי חזירים". אזוי האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר זיינע פריינד, וועלכע האָבען ניט גע־קאָנט פאַרשטעהן פון וואָס ער מאַכט דאָ אַזאַ טאַראַראַם. אַ דאנק דעם אויבערשטען, אַבי מען פאַרדינט אַ טאָלער און מען קומט דורך מיט דער חיונה, טאָ וואָס דאַרף מען בעסער?

אָבער ווען זיין ווייב מיט די קינדער זיינען אַראָפּגעקומען האָט לייב ערקלעהרט, אַז מען זאָל איהם אפילו צושניידען אין שטיקער, וועט ער אין דעם זומפּ ניט וואוינען.

— איך וויל לעבען ווי אַ מענש און זאָל מיר ווער עס איז פּרואווען פאַרוועהרען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרקרימט פּנים פאַר כעס.

— איהר קאָנט געפינען אַ וואוינונג אין אַ שעהנערען גע־גענד צווישען אידען — האָט מען איהם געפּרואווט איינריידען.

— ניין, ניין, לאָזט מיך צורוה. איך ווייס דאָך ווער אונ־זערע אידעלאַך, זאָלען געזונט זיין, זיינען. בעסער פון ווייטען, עס וועט זיין געזינטער.

אַ דירה האָט ער געפונען אַ גוטע און ניט טייער אויך. דער עיקר, וואָס איז איהם געוועהן געפעלען איז דאָס, וואָס דאָרטען איז געוועהן ריין און שטיל, און דער איסט ריווער האָט זיך אָנגע־זעהן פון פענסטער. ער האָט געקוקט אויף דעם טייך, אויף די לויפענדע וועלען, געפּיהלט דעם פרישען הויך, און דאָס האַרץ האָט האָט איהם אַ צאַפּעל געטאָן. עס האָט אַ שוועב געטאָן פאַר זיין בליק די היימישע אָזערע, וואו ער און אַ חברה בחורים האָבען וועלטען געקעהרט. אַ צופרידענער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף זיינע ליפּען. ער האָט ניט פיל געטראַכט און גענעבען האַנט־געלט.

ער האָט זיך דורכגעשפּאַצירט איבער דער שטילער גאַס, באַ־טראַכט יעדעס ווינקעלע און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען, ווי ריין דאָ איז.

— אַ נאַריש פאָלק, אונזערע אידען. שטופּען זיך דוקא, וואו עס איז ענג און שמוציג, און אַנטלויפען פון דאָרט, וואו עס איז געראַם און שטיל, — האָט ער צו זיך געזאָגט.

אויפ'ן ווינקעל האָט ער געזעהן יונגע שקצים מיט קליינע

היטעלאך אויף די קעפּ, דארע ביינערדיגע פּנים׳ער און דינע, לאנגע העלזער. זיי האָבען איהם אָנגעקוקט פארוואונדערט. אויך ער האָט זיי שארף אָנגעקוקט: „אָט דאָס זיינען עס די העלדען", האָט ער מיט חוזק א שמייכעל געטאָן. „מיט איין האנט לעג איך אזעלכע צעהן אוועק. מעהר וואָלט ניט געפּאסט, לייבע זאָל זיך שרעקען פאר אזעלכע שנעקעס, כע-כע-כע...

עס זיינען אוועק א פּאָר וואָכען און קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט. לייבע מיט זיינע צוויי באָרדערס, בחורים פון זיין שטעדטעל, וועלכע האָבען זיך אויף לייבע׳ס אחריות איינגעשטעלט צו וואוינען ביי איהם, פלעגען אוועקגעהן אין דער פריה צו דער ארבייט און קומען אין אוונט. צירלען און די קינדער האָט קיינער ניט גע־טשעפּעט. זי האָט א פּאָר מאָל יאָ געהערט איהר נאָכשרייען עפּעס, אָבער זי האָט ניט פארשטאנען וואָס דאָס מיינט און זי איז זיך גע־גאנגען רוהיג איהר וועג.

---

— שינים האָבען זיך אהער פארקליבען, — האָט מען אין דעם קווארטאל גענומען רעדען. — שינים, אומעטום קריכען זיי.

— א שמוציג פאָלק, פע! האָבען די צופּאטעלטע, פאר־שכור׳טע פּרויען זיך געקרימט מיט עקעל.

— מען טאָר זיי ניט לאָזען מאכען אַן אָנהויב, מען דארף זאָגען די באָיעס זיי זאָלען אויסרויבערען די דאָזיגע באשעפע־נישען פון דאנען.

— ס׳טאקע א וואונדער, וואָס זיי שווייגען. האָבען זיי דען מורא פאר׳ן הויכען שיני?

— רעד ניט קיין נארישקייטען. זיי האָבען פּאר קיינעם קיין מורא ניט. זיי ווייסען מסתמא ניט, אַז דאָס זיינען שינים; מען דארף זיי זאָגען.

אין אָוונט איז איינער פון די באָרדערס אריינגעפאלען א האלב־טויטער פאר שרעק. בשעת ער איז דורכגעגאנגען די גאָס, האָבען איהם חברה אָנגעכאפּט און זיך גענומען שפּילען מיט איהם אין באָל. מען האָט איהם געוואָרפען הין־און־הער, געשטויסען אָהן רחמנות. פון אלע פענסטער האָבען זיך ארויסגערוקט קעפּ, גע־קוקט און הויך געלאכט.

— אַט אזוי, באַיעס, נעהמט איהם פעסטער, פעסטער, — האָט מען פון אַלע זייטען געשריען.

אַז לייב האָט דאָס דערהערט, איז זיין פּנים שוואַרץ געוואָרען פאַר רציחה. ער האָט זיך אַ נעהם געטאָן פאַר׳ן ברויט־מעסער און זיך געלאָזט לויפען פון די טרעפּ. קוים מיט צרות האָט איהם צירעל אָפּגעהאַלטען.

— וואוהין געהסטו, משוגע׳נער, ביינאַכט? זיי וועלען דיך דאָך דער׳הרג׳ענען און דו וועסט אפילו ניט וויסען פון וואַנען דאָס איז געקומען.

אויף מאָרגען האָט ער, קומענדיג פון דער אַרבייט, געטראָפען דעם באָרדער שטעהן אויפ׳ן ווינקעל פון דער עוועניו.

— וואָס שטעהסטו דאָ, מאקס, פאַר וואָס געהסטו ניט ארויף?

— איך האָב מורא. אָט שטעהען זיי און וואַרטען אויף מיר, — האָט דער באָרדער געזאָגט, ציטערענדיג מיט׳ן גאַנצען קערפּער.

— קום! — האָט לייב באַפוילען. — זאָלען זיי דיך נאָר אָנריהרען!

מיט די הענט אין די הויזען־קעשענעס, מיט דער ברוסט פאָראויס, האָט זיך לייב געלאָזט גלייך אויף דער חברה, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער ברייט פון טראָטואַר. זיין פּנים איז געווען רויט, די אויגען האָבען געשאָטען פונקען און זיין גרויסער קערפּער האָט זיך געטרייסעלט ווי אין פיבער.

די איירישע בחורים האָבען אויף איהם געקוקט מיט אַ הארטען, בייזען שמייכעל. ביי יעדען פון זיי זיינען די ליפּען געווען פעסט צוזאַמענגעדריקט, די נאָזלעכער האָבען זיך צושפּרייט; עס איז פאַרגעשטאַנען „פאַן״, און זיי האָבען זיך פאַראויס געפרעהט מיט זייער נצחון. זיי זיינען געווען פעסט ענטשלאָסען ניט דורכצולאָזען די שונים.

לייב האָט אַלעס גוט געזעהן. ער האָט באַמערקט דעם גזלנ׳ישען שיין אין זייערע אויגען, דעם עקעלהאַפטען שמייבעלע ארום די ליפּען. איהם האָט זיך געדוכט, אַז ער הערט באַליידיגונגען, שימף־ווערטער, און מיט דער גאַנצער נשמה האָט ער נאָר געוואָלט איין זאַך — זיך שלאָגען, ממית׳ען.

פארביידע צדדים האבען זיך די עטליכע סעקונדען געצויגען אונגעהויער לאנג. יעדער פון זיי איז געווען פעסט ענטשלאסען ניט אפצוטרעטען. ביי יעדען האבען זיך די מוסקולען אנגעצויגען ווי שטריק, די בלוט אין די אדערען האט אנגעהויבען לויפען שנע-לער, רוישיגער.

נאר אט האבען זיך די קערפערס אנגעשטויסען. לייב האט שווער געאטעמט. ער האט געווארט אויף דער ערשטער באוועגונג פון ווטמען ניט איז, כדי ארופצולאזען זיין שווערע האנט. די פויסטען זיינען געווען צוזאמענגעדריקט אזוי אז די נעגעל זיינען אריין אין פלייש און געמאכט וועה טאן. עס איז געווען שא שטיל, אלע האבען איינגעהאלטען די אטעמס... און זיי האבען ניט אויס-געהאלטען, די יונגע בחורים, זיי האבען זיך א ציה געטאן אויף צוריק.

לייב האט פריי אפגעאטעמט. זיין הארץ האט א טאנץ גע-טאן פאר פרייד. ער האט געזיגט.

נאר פלוצים האט ער א ציטער געטאן. הינטער זיך האט ער דערהערט א הילכיגען פאטש און באלד א הויכען געשריי:

— אוי וועה איז מיר!

ער האט זיך שנעל אומגעדרעהט און געזעהן איינעם פון דער חברה אפשפרינגענדיג אויף צוריק פון זיין בארדער, וואס האט זיך געהאלטען מיט ביידע הענט פאר'ן באק. עפעס האט א שווינדעל געטאן פאר לייבע'ס אויגען. איהם האט זיך געדוכט, אז א בלויער רויכעל האט זיך פאר איהם פארצויגען. מיט איין באוועגונג האט ער אנגעכאפט יענעם פאר'ן קאלנער און מיט דער גאנצער קראפט ארופגעלאזען איבער יענעם'ס שארבען מיט זיין שווערען פויסט.

— מאי גאד! (מיין גאט) — האט א הילך געטאן דורך דער גאס א פארשטיקטער געשריי, און יענער איז צום באדען געפאלען.

— קום, מאקס, אהיים. זאלען זיי וויסען, די הינט, מיט ווע-מען אנצוהויבען זיך, — האט לייבע געזאגט הויך אויפ'ן קול אין זיין צובראכענעם ענגליש.

ווען זיי זיינען שוין געווען אויף די שטיגען צו זייער וואוינונג, האט לייב געזאגט צום בארדער:

— דערצעהל ניט צירלען, זי וועט זיך דערשרעקען אויף טויט. און דו האָב קיין מורא ניט. איצט וועלען זיי דיך שוין ניט אָנריהרען.

— נו, לייב, האָט זיך עס געלוינט, הא? — האָט דער באַר־דער מיט פאַרוואורף אין קול געזאָגט.

— עס לוינט. אויף מיין וואָרט, מאַקס, עס לוינט, — האָט ער לאַכענדיג גענטפערט.

א פּאָר וואָכען זיינען אוועק רוהיג. מען האָט ניט געטשעפּעט קיינעם פון די „שינים". דער הויכער, דיקער נפש מיט'ן רויטען פּנים און מיט'ן גראָבען קארק איז געווען א רעטעניש פאַר'ן קוואַרטאַל. זייט איירישע וואוינען דאָ האָט נאָך קיין מאָל ניט געטראָפען, אז ווער ניט איז זאָל זיך שטעלען געגען דער חברה. ווייל זייער נאָמען האָט געקלונגען איבער'ן שטאָדט. די „קאַפּס" (פּאָ־ליסלייט) האָבען מורא געהאַט זיך אהער צו רוקען. דאָ זיינען גע־ווען די געאיבטעסטע פּייטערס, באריהמטע שלעגער, פאַר וועלכע אנדערע גענגס האָבען געציטערט. און מיט אמאָל קומט א שיני און גיט צוריק. קוים וואָס מען האָט מייק'ן דערמינטערט. א וואָך איז ער אין בעט געלעגען.

דאָס איז געווען א נייעס. זיי זיינען פון שטענדיג געוואוינט געווען צו זעהן אין די אויגען פון די אידען, וואָס האָבען אהער פאַרבלאָנדזשעט, א הינטישען, הכנעה'דיגען אויסדרוק. יעדע באַ־לייידיגונג האָבען זיי צוגענומען מיט א חניפה'דיגען שמייכעלע, מיט א שטומען געבעט. דאָס זיינען אַלץ געווען קליינע, שוואַכע, איינ־געבויגענע נפשות. און דאָ מיט אמאָל קומט א הויכער, שטאַרקער, שטאָלצער מענש מיט אן אייזערנעם קולאַק, און דאָס איז אויך א שיני! אזוינס איז ניט געהערט געוואָרען.

לייב איז געוואָרען דער העלד פון גאַס. מען האָט איהם נאָכגעקוקט מיט וואונדער, מיט אכטונג. מיט אכטונג, ווייל קיין זאַך האָט מען דאָ אזוי ניט פאַרגעטערט ווי גבורה, ווי די מאַכט פון פויסט. דער האַס געגען איהם איז פאַרשוואונדען. זיי האָבען דאָ דערזעהן עפּעס זעלטענעס אין זייער וועלטעל.

— קאָן זיין, ער איז גאָר ניט קיין שיני. עפּעס איז ער צו געזונט.

— א שיני, מעגסט זיכער זיין. איך האָב נאָכגעפרעגט אין

דער קענדי-סטאָרקע ביי דער מיידעל. זי האָט מיט זיין ווייב גע־רעדט. זיי זיינען „דזשוס”.

— מאָרגע, — האָבען די איבעריגע געקוועטשט מיט די אקסלען.

— מען דארף נאָך א מאָל פּרוּאווען. לאָמיר איהם ארויס־רופען אויף א פּייט.

— ווער וועט זיך אונטערנעהמען? ער קען דער׳הרג׳ענען.

— וואָס שוויינסטו, א׳קאָנעל? האָסטו דען אויך מורא פאר איהם?

א יונגער בחור מיט גרויע אויגען און מיט א לאנגען אויס־געצויגענעם פּנים, וואָס איז די גאנצע צייט געזעסען אָנגעשפּארט די מאָרדע אויף די קניע, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און גלייכ־גילטיג געזאָגט:

— איך האָב קיין מורא ניט. איך קען אָננעהמען א וועט.

איין מאָל, אז ליב איז געגאנגען פון דער ארבייט, איז צו איהם צוגעגאנגען א חברה־מאַן און פארשטעלט דעם וועג.

— שיני, ווילסט זיך מיט מיר פּייטען?

— דו הונט, פאר וואָס רופסטו מיך „שיני”? האָב איך דיך דען באליידיגט? — האָט ליב מיט רציחה א געשריי געטאָן.

— ביזטו דען ניט קיין שיני? — האָט יענער פארוואונדערט נעפרעגט, און האָט דערביי פילדייטיג א קוק געטאָן אויף דער חברה, וואָס איז זיך גאנץ רוהיג געשטאנען אָנגעשפּארט אָן וואנט.

— ניין, איך בין ניט קיין שיני; איך בין א היברו, א דזשו — האָט ליב געזאָגט מיט שטאָלץ.

— איז דאָס ניט אלץ איינס?

— ניין, נישט אלץ איינס. ווען איינער וועט מיך רופען „שיני”, וועל איך שלאָגען. דאָס איז א באליידיגונג, פארשטעהסט?

— ווילסט זיך פּייטען?

— צו וואָס זאָל איך דאָס וועלען? איך טשעפּע אייך ניט, טשעפּעט מיך ניט. מיר האָבען קיין ביזנעס ניט איינע מיט די אנדערע.

— האָסט מורא. ביזט א טרוס.

— איך א טרוס, כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ליב געענטפערט מיט א

הויכען געלעכטער. — האָט איהר דען ניט געזעהן ווי איך קען דערלאַנגען?

— ווילסטו זיך שלאָגען מיט מיר?

— ווילען וויל איך ניט, נאָר אז דו וועסט אָנהויבען, וועל איך דיר צוברעכען די ביינער, — האָט ער געזאָגט, שאַרף אריינ־קוקענדיג יענעם אין די אויגען.

דער איירישער האָט איהם גוט באטראכט, אָנגעריהרט מיט'ן האַנט לייבע'ס אָרעם, אַ שמייכעל געטאָן צו זיינע חברים און גע־זאָגט:

— קומט אַהער. אייזען! זעהט.

חברה האָבען דעם אידען ארומגערינגעלט, געטאַפּט די אָרעמס, די פיס און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען.

— איי דזשייענט, איי הירא! (אַ ריז, אַ העלד) — האָבען זיי געשריען מיט ענטציקונג.

לייב האָט געלאַכט. איהם איז אויסגעקומען מאָדנע טשי־קאַווע. זיי ווילען זיך מיט איהם שלאָגען, הייסט דאָך דאָס, אז זיי זיינען זיינע פיינד, אז זיי האַסען איהם. טאָ פאַרוואָס רעדען זיי אַזוי פריינדליך? פאַרוואָס קוקען זיי אויף איהם עפּעס גאָר אָהן כעס?

— נו, חברה, איצט בין איך הונגעריג. איך האָב אַ טאָג גע־ארבייט און מוז געהן אַהיים. מיר וועלען רעדען אַן אנדערם מאָל. גוד נאַיט!

— גוד נאַיט! — האָבען חברה אין איין קול געענטפערט.

— אָ'קאָנעל, איך וועט צעהן צו איינס, אז ער וועט דיך אוועקלעגען, — האָט איינער געזאָגט צום בחור, וואָס האָט גע־פיהרט דעם געשפּרעך מיט לייב'ען.

— זיי ניט קיין נאַר! — האָט יענער באַליידיגט געענטפערט.

— ווילסטו וועטען?

— גוט, איך וועט, — האָט ער געזאָגט גלייכגילטיג.

אַ פאַרנאַכט, אז לייב איז נאָך עפּעס אראָפּ פון די שטיגען, איז צו איהם צוגעגאַנגען דער זעלבער בחור, וואָס האָט איהם פריהער אַמאָל אָפּגעשטעלט, און געזאָגט:

— קום זיך פייטען!

— פייטען זיך? — האָט לייב געפרעגט פאַרוואונדערט, זע־הענדיג יענעמ'ס בייזען, ערנסטען פּנים. — וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטאָן, אַז מיר זאָלען זיך דאַרפען שלאָגען?

— שיני, רייד ניט קיין סך!

— דו רופ מיך ניט „שיני"! — האָט לייב אויסגעשריען, און די אויגען האָבען ביי איהם אויפגעבליצט.

— דו ביזט אַ שיני און אַ טרומ! — האָט יענער איהם קאַלט אָפּגעענטפערט.

— האַלט ס'מויל, דו הונט! — האָט ער אַ ברום געטאָן, צו־נויפדריקענדיג די פויסטען.

דער בחור האָט זיך אַ ציה געטאָן אַ טריט צוריק, האָט אויס־געשטעלט זיינע פויסטען, זיך איינגעקאָרטשעט ווי אַ קאַץ, און געקוקט שאַרף אויפ'ן אידען.

— נו, שיני, פאַרוואָס שווייגסטו? ביזט אַ טרומ, האַ? — האָט יענער מיט גיפט אַרויסגעזייהט פון צווישען די צייהן.

לייב האָט דערפיהלט, אַז דער אָטעם האָט איהם פאַרשטיקט.

— זאָג נאָך איין מאָל „שיני", — האָט ער אַרויסגעברומט.

— ביזט אַ שיני, אַ שיני! — האָט יענער מיט אַ בייזען שמייכעל זיך געריייצט.

לייב האָט אַ שפּרונג געטאָן אויפ'ן צוזאַמענגעדרעהטען בחור. ער האָט אויסגעשפּרייט די הענט איהם אַ כאַפּ צו טאָן. ער האָט שוין, דוכט זיך, געהאַלטען צווישען די פינגער די שטאָף פון זיין העמד. נאָר פּלוצים האָט זיך יענער אַ דרעה געטאָן, אַ שפּרונג, און לייב האָט דערפיהלט ווי צוויי אייזענס לאָזען זיך אַראָפּ אונ־טער זיינע אויגען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט דערזעהן אַ פייער, וואָס האָט זיך צושאָטען אויף פיצלאַך. עס איז איהם געוואָרען פינסטער; ער האָט קיין זאַך, דאַכט זיך, ניט געמערקט.. אַלץ איז פאַרשוואונדען. און דאָך האָט ער אַלץ געזעהן און גע־הערט. דער קערפּער האָט זיך געדרעהט ווי אַ שלאַנג, זיך געקאָר־טשעט און געבויגען; איז אָפּגעשפּרונגען, צונעשפּרונגען און ווי־דער אַמאָל האָט זיך עפּעס שווערעס אַראָפּגעלאָזט אויפ'ן פּנים ביי איהם, געטראָפען אין נאָז און געמאַכט, אַז עס האָט גענומען

לויפען אין מויל און האלז, פון וואָס עס איז איהם געוואָרען גע־
זאַלצען און זיס מיט אמאָל.

„בלוט״, האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אָבער ער האָט באַלד אָן
דעם פאַרגעסען. איין זאַך האָט ער נאָר געפיהלט: אַז ער מוז
כאַפּען אָט דעם נפש, וואָס דרעהט זיך, בויגט זיך דאָ פאַר איהם.
ער מוז איהם אריינקריגען אין די הענט; אַז ניט איז אַלעס פאַר־
לאָרען. וואָס פאַרלאָרען — האָט ער ניט געוואוסט. אָבער עפּעס
גרויסעס און וויכטיגעס איז דאָס, און ער מוז דאָס ראַטעווען.

ליבע האָט זיך געבויגען, געוואָרפען אויף אַלע זייטען, געברומט
און שווער געאָטעמט. ער ווייס, אַז עס איז דאָ געגען איהם עפּעס
בייזעס און שלעכטעס, וואָס האָט זיך איינגעגעסען אין איהם ווי אַ
שלאַנג. דאָס מאַטערט און פּייניגט איהם. ער פיהלט, אַז באַלד
וועט ער פאַלען. די קלעפּ פאַרטויבען איהם, צושמעטערען איהם.
„אפשר לויפען?״ האָט איהם דורכגעצוקט אַ געדאַנק: „שנעל אַנט־
לויפען, ראַטעווען זיך?״ נאָר ער האָט דאָס פאַריאָגט פון זיך.
נעהן ביז׳ן סוף, בעסער פאַלען איידער אַנטלויפען״.

ווי דורך אַ חלום האָט ער געזעהן ארום זיך אַ רעדעל מענשען.
מען האָט געשריען, געליאַרעמט, געטאַנצט און געשפּרונגען. מען
האָט געלאַכט, געהוקעט און געפייפט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז
קיין וועג איז איצט ניטאָ אויף צוריק. ער מוז געהן פאָרווערטס —
זיגען אָדער פאַלען. פאַר זיין אויג האָט אַ שוועב געטאָן יענער
מאַרק מיט׳ן הויז, יענער המון גוים. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז
ער דרעהט דאָס מיט דער האַלאָבאַליע און פאָכעט אויף אַלע זייטען.
מענשען לויפען, שרייען, פאַלען און יאָמערען, און ער רוקט זיך אַלץ
ווייטער, ווייטער, פאָכענדיג מיט׳ן שטאַנג, וואָס שניידט די לופט
מיט אַ שטילען פייף. עפּעס אַזוי ווי פון דער הויך לאָזט זיך אויף
איהם אַראָפּ אַזוינס, וואָס דרינגט אריין אין איהם און מאַכט
איהם שטאַרק, מעכטיג.

פלוצים האָט דורכגעבליצט אין זיין מאָרך דאָס געפיהל פון
זעלבסט-פאַרטיידיגונג. דאָס געפיהל האָט איהם אונטערגעזאָגט:

— בויג זיך איין אַזוי ווי ער פאַראויס. ציל מיט די פויסטען
אין פנים, אין די אויגען אריין, צוטומעל איהם.

און גלייך האָט ער גענומען נאָכמאַכען די אומבאַקאַנטע באַ־

ווענונגען — מיט איין האַנט אָפּצושלאָגן יענעמ׳ס קלעפּ און מיט דער אַנדערער טרעפן אין זיין האַרץ. ער האָט אַ געשריי געטאָן מיט פרייד. נאָך אַ האָר געטראָפן יענעמ׳ס נאָז. קוים וואָס יענער איז אָפּגעשפּרונגען. יענעמ׳ס קלעפּ פאַלן שוין איצט זעל־טענער. ער ברומט שוין, דער בחור. ער שפּרינגט שנעלער, ביי־זער, אויפגערעגטער. לייב רוקט זיך אַלץ נעהנטער, נעהנטער און נעהנטער. מיט אַלע פיברען פון זיין נשמה וויל ער נאָר איין זעץ טאָן, נאָר איינעם און — עס וועט זיין גענוג.

אַ געשריי האָט זיך פון אַלעמענס הערצער אַרויסגעריסן: דער בחור איז געפאַלן אויף הינטן, ווי פון אַ בליץ געטראָפן, און זיך אויסגעצויגן מיט׳ן פּנים אַרויף. לייב איז געשטאַנען אַ צומומעלטער, ווי פון שלאָף ערוואַכט. בלוט איז איהם גערונען פון נאָז, פון די ציינער; פאַר די אויגען האָט זיך עפּעס געדרעהט מורא׳דיג שנעל. ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפן, וואָס דאָ האָט אַזוינס פּאַסירט. דאַכט זיך, אַז ער האָט ניט געטראָפן, טאָ פאַר־וואָס ליגט יענער אַזוי?

און באַלד האָט איהם אַן אַנדער געפיהל אַנגעכאַפּט, אַ טירישער שרעק. ער האָט דער׳הרג׳עט אַ מענשען. מען מוז לויפן, באַ־האַלטען זיך, שנעלער באַהאַלטען זיך. נאָר וואָס איז דאָס? ער איז אַרומגערינגעלט, מען דריקט איהם די הענט, מען לאַכט און מען טרייסעלט איהם; מען זאָגט איהם עפּעס גוטעס, פריינדליכעס.

— דו ביזט אַ העלד, אַ פייטער! גיב, גיב דיין האַנט. דו ביזט אונזער פריינד, ביזט אַ וואוילער דזשו. דיך וועט שוין קיי־נער ניט אָנריהרען.

ער האָט געוואָרפען אַ בליק וואו יענער איז געלעגען און באַ־מערקט, אַז ער איז שוין ניטאָ. מען האָט איהם שנעל צוגענומען, אוועקגעטראָגען. ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

— איך האָב איהם ניט דער׳הרג׳עט? — האָט ער געפרעגט מיט געבעט אין קול.

— ניין, נישט דער׳הרג׳עט, נאָר צומומעלט מיט׳ן קלאַפּ. האָסט איהם עטליכע ציינער אַרויסגעזעצט. אייזערנע הענט האָסטו.

— איך האָב איהם ניט געוואָלט טשעפּען. ער איז געקראַ־

כען, — האָט זיך לייב געוואונדערט צום עולם ארום, וואָס האָט אויף איהם געקוקט מיט רעספעקט.

— אָ, דאָס איז גאָרנישט. עס איז אַ פּייט; ווער עס איז שטאַרקער, פלינקער, דער געווינט. דאָס אַלעס. דארפסט ניט מורא האָבען; קיינער וועט דיך ניט באַדערען (באאומרוהיגען). קום, מיר'ן דיר צולעגען עפּעס צום פּנים, און עס וועט באַלד אָפּגעהן די געשווילעכטס און די צייכענס — האָבען חברה געזאָגט.

און נעהמענדיג איהם אונטער די אָרעמס, האָבען זיי איהם צוגעפיהרט צו דער נאָהענטער אַפּטייק.

---

— וועה, וועה, נעבאַי וואָלט בעסער אמעריקע אין דער ערד געגאַנגען! דאָ איז דאָך ערגער ווי אין סדום! מען הרג'עט מענשען אין מיטען גאַס! — האָט צירעל געוויינט און געבראָכען די פינגער, זיצענדיג ביי לייבע'ס בעט און קוקענדיג אויף די פּלאַסטערס, מיט וועלכע זיין פּנים איז געוועזן באַדעקט. — אָבער מע האָט דיר געזאָגט, קריך ניט אהער, זיי צווישען אידען, ווי אַלע מענשען. גוים האָט זיך איהם פארוואָלט, רבונו של עולם.

— אין דער אמת'ן, לייב, איז דאָס דען אַ מלאכה פאר אידען? פּאַסט עס פאר אייך? — האָט איינער פון די באָרדערס געזאָגט מיט פאָרוואורף אין קול.

א ווײַלע האָט לייב געשוויגען. דאָס פּנים האָט איהם שטארק וועה געטאָן; עס האָט געברענט ווי פייער. אָבער ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּהאַלטען פון לאַכען.

— דאָס איז געוועזן אַ טייער שטיקעל האַנט-אַרבייט, — האָט ער צו זיך געזאָגט, — זיי וועלען מיר האָבען צו געדענקען.

און צו די אַרומיגע האָט ער געזאָגט:

— ווייסט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגען? עס האָט זיך געלוינט צו רוקען צווישען גוים. ערשטענס, איז דאָ ריינער, געזינטער; צווייטענס, וועלען זיי פון איצט אָן וויסען, אַז אַ גרינער איד קען אויך געבען אַ פּיינעם מתנת יד, כע-כע-כע!... זאָלען זיי וויסען ווער לייבע איז! — און ער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ הויכען געראָוועזען געלעכטער.

# די גוטע מאַמע

געזעהן האָב איך זי דעם ערשטען טאָג, וואָס זי איז געקומען. מיין פריינט, מיסטער שאַפּיראָ, האָט מיר אַזוי פיל אָנדערצעהלט פון זיין מוטער, האָט זי אַזוי פיל פאַרליובט, אַז מיר איז געווען אמת טשיקאַווע זי אָנצוקוקען. און גלאַט האָט זיך מיר געוואָלט זעהן אַ היימישען מענשען, וואָס האָט אָט אַקאָרשט בייגעוואָהנט דאָס אַלץ, וואָס איז שוין פון מיין זכרון האַלב אויסגעמעקט, אָבער נאָך וואָס עס בענקט זיך פאָרט אַזוי שטאַרק.

און אין דער אמת'ען איז דאָס געווען אַ וואוילע פרוי. אויפ'ן ערשטען קוק האָט זי שוין צוגעצויגען צו זיך. עס איז געוואָרען וואַרים אויפ'ן הארצען; איהר רונדער פּנים, די בלויע, טרעהרענ־דיגע אויגען, דאָס שמייכעלע ארום די ליפּען, איהר ווייכער, עכט־מוטערליכער קול האָט געאָטעמט מיט אַזאַ גוטסקייט, מיט אַזאַ זעלטענער מילדקייט.

— ביזט אַ גליקליכער, סאָלאָמאָן, וואָס דו ועסט האָבען געבען זיך אַזאַ מאַמען.

— איך בין באמת צופרידען. ווייסט נאָר ניט וואָס פאַר אַ גוטע זי איז. קיין מאָל ווערט זי ניט אין כעס, בייזערט זיך ניט, איז שטיל ווי אַ טויב.

— און ווי וועט זי אויסקומען מיט סאָניע'ן?

— וואָס קאָן מען וויסען? ערשט דער אַנדערער טאָג. אָבער איך האָף, אַז זיי וועלען זיין גוטע פריינט: קענסט מיין סאָניע'ן, זי איז דאָך אַזאַ טאַקטישע.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אין דער עלעגאַנטער הויז, וואו עס האָט זיך שטענדיג געפיהלט אַ מין קאַלטקייט, וואו עס איז אַזוי שטיל געווען, איז איצט וואַרימער געוואָרען. אָט די אַלטע פרוי מיט דעם רונדען פּנים האָט אריינגעטראָגען אַ נייע אַטמאָ־ספערע. עס האָט זיך דערפיהלט מיושב'דיגקייט, געשטעלטקייט.

און מיין פריינט, מיסטער שאפירא, דער קאלטער נפש מיט דעם שטענדיגען איראנישען שמייכעלע, א זיכערער, צופרידענער, איז איצט עפעס ווי קינדערשער געווארען. ווארום, אט איז די מאמע, און אט איז ער. און איך האב איהם איצט ליב געהאט; ער איז עפעס געווארען ווייכער, אנגענעהמער, אמת'ער.

— ווי געפעלט אייך אמעריקא, מיסעס שאפירא? — האב איך די אלטע געפרעגט מיט א פריינטליכען שמייכעל.

— וואס זאל זי מיר ניט געפעלען? א שטאדט ווי אלע שטעדט. נאר א דאנק דעם אויבערשטען, אבי מיין זלמנ'קע איז מיר געזונט און שטארק. קיין עין הרע זאל איהם ניט שאטען, א גאנצער מענש געווארען. אבי מיין הארץ האט מיך אזוי גע־שראקען. ווייסט, אלע רעדען אזוי שלעכט אויף אמעריקא. מען זאגט, אז די היגע אידען זיינען גאר קיין אידען ניט.

— נו, און איהר האט אויסגעפונען, אז די היגע אידען זיי־נען אויך אידען? אט זעהט איהר, אבי מען רעדט לשון הרע.

— און וואס קעהרסטו זיך אן מיט זיי, מיין קינד?

— איך, מיסעס שאפירא, קעהר זיך מיט זיי גאר ניט אן. גלאט אזוי גוטע פריינט.

הם... זי זאגט מיר „דו" און „מיין קינד". מיר, מיט די גרויליכע האר — דו! ווי מאדנע עס האט א צאפעל געטאן דאס הארץ. דער הויך פון דער ווייטער היים האט מיך אנגעריהרט און אויפגערודערט. דא, אין די ריינע, שטילע צימערען, א פארווינטער פון איהר שטימע, האבען זיך געוועבט אלטע עראינערונגען, האט זיך געטראכט אזוי גוט...

* * *

איינמאל האב איך בייגעוואוינט א געשפרעך צווישען מיין פריינט און זיין פרוי, דאס שעהנע, בלאנדע ווייבעל, מיט די גרויע, קאלטע אויגען. זי איז געווען אויפגערעגט און בייז.

— איך ווייס ניט, וואס איך זאל טאן. זי מישט זיך אין קיך. וויפיל איך האב איהר ניט געזאגט, אז א גרינע טאר זיך ניט צוריהרען צו די געז, ווייל זי קאן נאך אויפרייסען דאס גאנצע הויז, וויל זי מיר ניט פאלגען. זי שטעלט אלץ פראגען: וואו איז די מילכיגע און וואו איז די פליישיגע דישעס (געפעס), און צו

האָב איך געגוג געגוג לאַנג געזאַלצען די פלייש. וואָס וועט זיין, אז זי וועט זיך דערוויסען?

— עס וועט טאַקע זיין שלעכט. מען מוז זיך שטארק היטען, — האָט מיין פריינט געזאָגט מיט א פארזאָרגט פּנים.

— עס הויבט איהר קיין זאַך ניט אָן צו געפעלען. פאַר וואָס טראָגט איך אייגענע האָר? ביי איהר וואָלט רעכט געווען, איך זאָל זיך אָפּשערען די האָר און אָנטאָן א פּארוק.

— וואָס מיינט איהר, מיסעס שאַפּירא, עס וואָלט אייך געקליידט. פּרואווט טאַקע איין מאָל אראָפּנעהמען די האָר; אָבער טאַקע זיך אָפּגאָלען ביז צום הויט, אזוי ווי מיין באָבע, א ליכטיגען גן עדן זאָל זי האָבען, האָט געטאָן. איך געדענק נאָך גאַנץ קלאָר איהר בלויען שארבען, כע, כע, כע! — האָב איך זיך ארייגגעמישט כדי ניט צו דערלאָזען, אז עס זאָל קומען צו א ברוגז.

— זי וועט לאַנג דאַרפען וואַרטען איידער איך וועל דאָס טאָן, — האָט זי ארויסגעזייהט פון צווישען די צייהנער. איהר פּנים איז געבליבען האַרט און בייז.

שפעטער, אז איך און מיין פריינט זיינען געגאַנגען אויף א שפּאַציר, האָט ער מיט א פאַרזאָרגטען פּנים געזאָגט:

— א ביסעל איז סאָניע גערעכט. עס איז טאַקע שווער. שטעל זיך פאָר, אז זי וועט זיך דערוויסען, אז מיר האָבען זי געקאָרמעט מיט טריפה.

— דו מוזט פאַרזיכטיג זיין.

— וואָס הויבט מען אָן צו טאָן? דערווייל האָט מען איהר פאַררעדט די צייהן. זי קאָן זיך אָבער יעדע מינוט כאַפּען.

— מילא, אז מען קאָן ניט אריבער, מוז מען געהן ארונטער. גיב איהר נאָך, פיהר איין כשרות.

— עס איז גרינג צו זאָגען: „פיהר איין כשרות". שוין א יאָהר צוואַנציג, אז איך בין אָפּגעוואוינט געוואָרען פון די זאַכען. ווענגען סאָניען איז דאָך אָפּגערעדט. זי האָט קיין מאָל ניט געוואוסט פון דעם. און דאָס איז גלאַט שווער. וואָרום אז דו הויבסט אָן נאָכצוגעבען, איז דאָך ניטאָ קיין שיעור. די עלטערע מענשען ווילען ניט וויסען פון קיין האַלבע זאַכען: ביזטו א איד, טאָ היט אידישקייט מיט אַלע קליפּערלאַך: וואַש זיך און בענש,

דאַוונען, היינט שבת, רעד ווי אַ איד. צו דען איז אידישקייט נאָר אַ טעפּעל־פראַגע? דאָס איז אַ גאַנצע נעץ, מיט טויזענדער פעדים דורכגעוועבט. אַט די טעג, למשל, פרעגט זי מיך, ווי עס געהט מיין געשעפט? ענטפער איך: גאַנץ גוט. קוקט זי מיך אָן און פרעגט: ווי רעדסטו דאָס, מיין זוהן? — וואָס איז, מאַמע? — פרעג איך פאַרוואונדערט. — „פאַר וואס דאנקסטו ניט גאָט דערפאַר?" נו, פאַרשטעהסטו שוין?

— איז וואָס דענקסטו צו טאָן?

— דערווייל ווייס איך נאָך ניט. איך וועל פּרואוּוען לאָזען געהן, ווי עס געהט.

— סטייטש, און אַז זי וועט זיך דערוויסען?

— וועלען מיר דאַן זעהן. מען קאָן זיך צוגעוואוינען. און איך פאַרלאָז זיך אַ סך אויף איהר כאַראַקטער: זי איז דאָך אַזאַ גוטע. איך וועל פּרואוּוען זיך דורכריידען מיט איהר. איך וועל איהר אויפוייזען.

— רעד ניט קיין נאַרישקייטען. צו זעכציג יאָהר געוואוינט מען זיך ניט צו, — האָב איך פון איהם געלאַכט.

אַ היבשע ווײַלע האָבען מיר געשוויגען. עס איז געווען אַ שווערע רעטעניש. ביז איצט האָבען מיר די אידישקייט אַוועקגע־מאַכט אונטער'ן האַנט. אונזער קרייז איז געווען אַ ראַדיקאַלער, אַ פריידענקענדער, אַ קרייז פון מענשען, וועמען די רעליגיעזע פראַגע האָט לחלוטין ניט אינטערעסירט, און מיר זיינען אַלע געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענ־הייט. און דאָ פּלוצלונג כאַפּען מיר זיך, אַז מיר זיינען אין דער קלעם.

* * *

עס זיינען קיין סקאַנדאַלען ניט געווען, ווען די אַלטע האָט זיך דערוואוסט, אַז ביי איהר זוהן אין שטוב איז טריף פון אָנ־הויב ביז'ן סוף. מעהר ניט, וואָס די ערשטע פּאָר טעג איז זי געלעגען אין בעט מיט'ן פּנים אומגעקעהרט צום וואַנט און האָט קיין זאַך אין מויל ניט געוואָלט נעהמען. מיין פריינט איז שיעור ניט משוגע געוואָרען פאַר יסורים.

— וואָלט זי כאָטש געשריען, זיך געבייזערט, אפילו מיך גע־פּאַטשט, וואָלט מיך אַזוי נישט געאַרט. שווייגט זי אָבער, זאָגט

מיר קיין וואָרט ניט. אָט דאָס איז ערגער פאַר אַלץ, — האָט ער זיך פאַר מיר געקלאָגט.

מיך האָט געצופּט ביים הארצען. איך האָב זיך פאָרגע־שטעלט, וואָס עס פיהלט נעבאַך די אַלטיטשקע, וויסענדיג, אַז גאַנצע צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד האָט זי געגעסען טריפה. מיט אַ קלאַפּענדיגען הארצען בין איך אריין צו איהר אין צימער.

איך האָב זי געפונען זיצען ביים פענסטער איינגעוויקעלט אין אַ היימיש גרויער טוך. זי איז געזעסען מיט פאַרלעגטע הענט אויפ'ן הארצען און זיך געוויגט, געשאָקעלט הין און צוריק אזוי ווי אין אַ פרומען געבעט. איהרע אויגען, גרעסערע ווי געוועהנליך, האָבען געקוקט פאַר זיך אין דער לופט אריין.

— וואָס מאַכט איהר, מיסעס שאַפּיראָ? עפּעס זייט איהר געוועזן ניט מיט אַלעמען?

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ לאַנגען שווערען בליק. נאָט מיינער, וויפיל עלענד און הילפלאָזיגקייט עס איז אין איהרע אויגען געלעגען! די ליפּען האָבען ביי איהר אַ ציטער געטאָן, אָבער זי האָט גאָרנישט געזאָגט.

— פאַרקיהלט זיך, מסתמא. די נייע לופט פאַרשאַדט אמאָל. מען מוז זיך צוגעוואוינען, מיסעס שאַפּירא, — האָב איך איהר געזאָגט, שטאַרק באַטאָנענדיג די לעצטע ווערטער.

— איך דאַנק דיר, מיין זוהן, פאַר אַ גוט וואָרט. טאָקע זיך צוגעקיהלט, מסתמא. ביי אייך איז אָדער גאָר היים, אָדער גאָר קאַלט, — האָט זי מיר געענטפערט העפליך, אָבער טרוקען.

איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז רעדען מיט איהר וועגען דעם, וואָס עס טוט איהר וועה, טאָר איך ניט. זי שעהמט זיך דערמיט פאַר אַ פרעמדען מענשען.

* * *

אָט דער צושטאַנד איהרער האָט אָנגעהאַלטען נאָר אַ פּאָר טעג. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי געזאָגט צום זוהן מיט פעסטקייט אין קול:

— הער, מיין זוהן, איך קאָן לעדיג ניט זיצען און קיין אומ־זיסטע ברויט וויל איך ניט עסען. איך וויל זיך פאַרדינען אויף מיין הוצאה.

— וואָס רעדסטו, מאַמע? ווער דאַרף דיין אַרבייט? — האָט ער איהר גענומען ערקלעהרען.

זי האָט אָנגעפאַנגען יאָמערען, האָט זיך צו זיין האַרצען צו־געדריקט און געזאָגט:

— וואו קאָן איך איצט געהן? איך בין דאָך שוין אַלט און שוואַך. לאָז מיר ביי דיר פאַרדינען דאָס שטיקעל ברויט.

— מאַמע, וואָס רעדסטו! געה טו וואָס דו ווילסט. אַלץ באַלאַנגט צו דיר. פאַר וואָס זאָלסטו מיר אַזוי שלעכט פאַרשטעהן.

— איך פאַרשטעה דיך, מיין קינד, איך פאַרשטעה אַלץ. דאַרפסט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען. איך בין דאָך אַ נאַרישע אידענע. וואָס וויים איך, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך? אודאי, ווען דיין טאַטע, אַ ליכטיגען גן עדן זאָל ער האָבען, וואָלט געלעבט, וואָלט אַנדערש געווען, — האָט זי געשלוכצט.

* * *

פון דאַן אָן איז דאָס לעבען ביי מיין פריינט אין הויז אוועק זיין נאַטירליכען גאַנג. אויך איך האָב זיך צוגעוואוינט און גע־טאָן אַלץ אומגעשטערט. אמת, ווען איך בין געזעסען מיט'ן סיגאַר אין מויל אום שבת, און די אַלטע איז אַריינגעקומען, איז מיר געוואָרען קאַלעמוטנע אויפ'ן האַרצען און דער פּנים פלעגט זיך מיר באַדעקען מיט שאַנדע. אָבער צו מיין גרויס וואונדער, האָב איך באַמערקט, אַז זי זעהט עס גאָר ניט, אַז עס אַרט זי ניט. זי פלעגט זיך דורכגעהן, טאָן איהר אַרבייט ווי געוועהנליך און ניט אַ פּינטעל טאָן אַפילו מיט'ן אויג.

— אַ זעלטענע מאַמע דיינע, זלמן. ווען דאָס איז אויף מיינער, וואָלט זי מיך געמאַכט ברוין און בלוי איצט אַפילו. אי, ווען זי כאַפּט מיך רויכערען אום שבת!

— זעהסט. איך האָב דיר געזאָגט, אַז זי איז אַ זעלטענער מענש! — האָט ער מיט שטאָלץ געזאָגט.

— וועסט זעהן, זי וועט נאָך אַליין אויך אָנהויבען אונז נאָכ־צוטאָן. אַ קליינינקייט אַמעריטשקע, — האָב איך געשפּאַסט.

דעם אמת גערעדט, האָב איך זי ניט געקענט פאַרשטעהן. אַז זי איז אמת פרום, אין דעם בין איך זיכער געווען. דערויף האָט מיר עדות געזאָגט איהר אַרט לעבען. זינט זי האָט זיך דער־

וואוסט, אז עס איז ניט כשר, האָט זי אויפגעהערט צו עסען די שטוביגע עסענס און האָט געלעבט אויף אַלערליי קאַשעס און מיל־כיגס, האָט געהאַלטען איהרע כלים באַזונדער. אָבער ווי אַזוי קען זי צוזעהן וואָס אַרום איהר טוט זיך? פאַר וואָס שווייגט זי צו־זעהענדיג ווי איהר שנור פּרעגעלט קאָטלעטען אין פּוטער, זאַלצט ניט דאָס פלייש און טוט אַלץ קאַפּויר, וואָס אַ אידישע פרוי דאַרף טאָן?

* * *

— יום־כּפּור וועסטו קומען צו מיר אויף דינער; עס וועט זיין אַ גאַנצע חברה, — האָט מיר אָנגעזאָגט מר. שאַפּירא.

— אָלרייט, איך וועל זיין. אָבער דענקסטו ניט, אַז עס איז ניט באַקוועם צוליב דיין מאַמען?

— עט, עס מאַכט ניט אויס. ערשטענס וועט זי מסתמא זיין דעם גאַנצען טאָג אין שוהל, און אויב אפילו זי זאָל אָנקומען, מאַכט איך ניט אויס: זי איז ביי מיר געוואָרען אַ לייט.

דאָס איז געוועזען אַ פּראַכטפאָלער מיטאָג. אַז סאָניע וויל, קאָן זי מאַכען געריכטען. עס איז געוועזען משקה לרוב, און אַ פרעהליכע חברה. מ'האָט געגעסען, געטרונקען און זיך געווי־צעלט. קיינמאָל, דאַכט זיך מיר, פיהל איך ניט אַזוי דעם נחת פון יום־טוב, ווי יום־כּפּור; דאָס איז אַ געפונענער יום־טוב. אין איהם איז אַלעמאָל דאָ עפּעס נייעס, אָריגינעלעס און אויפרעגענ־דעס; עס איז אונזער יום־טוב, מיר האָבען איהם אויסגעקלעהרט. דאָס איז דער צייכען פון אונזער פאָרטשריט, פון אונזער נצחון איבער'ן פאַנאַטיזם...

— לחיים, ברידער! איך טרינק פאַר'ן געזונט פון אַלע עהר־ליכע, פרומע פאַסטערס, — האָב איך אויסגעשריען, אויפהויבענ־דיג דעם כוס.

— און איך טרינק פאַר'ן געזונט פון אַלע פאָרטגעשריטענע מענשען, — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— און איך טרינק פאַר'ן געזונט פון אונזער שעהנער, גע־ראָטענער באַלעבאָסטע, — האָט אויסגערופען דער געלער סירקין.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָבען מיר אַלע געליאַרעמט.

— איך פאָדער אויף מרס. שאַפּירא, זי זאָל זאָגען אַ

טאָאַסט. איהר הערט? ניט אַנדערש אַ טאָאַסט, — האָט סיר־קין געגוואַלדעוועט.

סאָניע האָט איהם אַנגעקוקט מיט איהרע גרויליכע קאַלטע אויגען און האָט קאָקעטיש אַ שמייכעל געטאָן:

— פאַר מיר איז גענוג, אַז איך קאָן קאָכען; רעדען איז אייער זאַך.

— טרינק איך פאַר אייער געזונט, מרס. שאַפּירא, — האָב איך אויסגערופען, זיך אויפשטעלענדיג.

נאָר אין דער רגע האָב איך אַ ציטער געטאָן; איך האָב שיער ניט ארויסגעוואָרפען די גלעזעל פון האַנט. אין טיר, פונקט געגען מיר, איז געשטאַנען די אַלטע, אַ טויט-בלאַסע, מיט ציטע־רענדע ליפּען און ברייט-געעפענטע צושראָקענע אויגען. זי האָט געקוקט גלייך אויף מיר, מיט אַ שווערען בלייענעם בליק, וואָס האָט מיך געמאַכט שווינדלען. איך האָב געפיהלט, אַז די ליפּען שטאַרבען מיר אָפּ.

— וואָס שווייגט איהר, זאַלקינד? וואָס איז דער מעהר מיט אייך? זעהט ווי בלאַס ער איז! — האָט אימיצער מיט שרעק אויסגערופען.

איך האָב זיך אָבער ניט געריהרט פון אָרט. איך בין ווי צוגעשמידט געוואָרען צום פּלאַץ. איך האָב אינגאַנצען געציטערט.

די אַלטע האָט זיך אָפּגעקעהרט און איז שטיל ארוים. איך האָב קוים דעם אָטעם אָפּגעצויגען.

אין דער זעלבער רגע האָט זיך דערהערט אַ הויכער קרעכץ און אַ פאַל פון אַ קערפּער. מיר זיינען פון די ערטער אויפגע־שפּרונגען און זיך געלאָזט לויפען צום טיר. אָבער באַלד זיינען אַלע געבליבען שטעהן. אין פינסטערען האַל, אויף דער ערד, האָ־בען מיר דערזעהן ליגען אַ מענשען מיט'ן פּנים אַראָפּ און די הענט מאָדנע פאַרדרעהט אונטער'ן קערפּער...

זי איז צו זיך ניט געקומען. זי האָט דעם לעצטען הויך אויסגעאָטעמט אין פינסטערען האַל.

# ביי א פרעמדען פייער

(א דראמאטישעס בילד)

(נאכט. אין שטאדט־גארטען. עס הערט זיך דאס פאלען פון רעגען און דאס קרעכצען פון די צווייגען. ביים מזרח־זייט זעהט זיך דורך די בוימער א רייהע הויכע, אין דונקעלהייט איינגעהילטע הייזער. אין קיינע פון זיי זעהט זיך נים קיין ליכט. פון דער ווייטענס דערטראגט זיך דאס קלאפען פון נאכט־וועכטער'ס האמער. פון אונטער אן אלטען בוים דערטראגט זיך א שטילער שמועס).

**ער:** דיך שוידערט?

**זי:** די קעלט, די נאסקייט האט מיך דורכגענומען.

**ער:** גיב מיר די הענט, איך וועל זיי מיט מיין אטעם אנ־ווארימען.

**זי:** זעה ווי די הענט, דאס גאנצע לייב איז מיר צואווייקט, צוקראכען.

**ער:** נעכטען איז דאך אזוי גוט געווען. האסט פארט א געלעגער געהאט. די לעצטע צעהן גראשען באצאהלט, אבער ווא־רים איז דיר געווען.

**זי:** און דו? ווי האסטו אבער די נאכט דורכגעשטופט? עס איז דאך געווען אזא ביטערע קעלט.

**ער:** געגנען קעלט האב איך א מיטעל.

**זי:** באפסט זיך אריין אין א ווארימער הויז? (לאכט.)

**ער:** אין א הויז! וואו האב איך דען א הויז? ווער וועט מיך אריינלאזען אהן געלט?

**זי:** איז וואס דען טוסטו?

**ער** (פרעהליכער): אז דער פראסט נעהמט זיך מיר איינ־עסען אין די ביינער, ווען ער הויבט אן ברענען די הויט...

**זי:** קלאפסטו מיט די צייהנער (לאכט).

ער (בייז): נו, געווים קלאפ איך מיט די צייהנער! וואס דען, זאל איך זינגען?

זי (לאשטשענד): נו, נו, בייזער זיך ניט! דערצעהל שוין אמאל וואס טוסטו, אז דער פראסט נעהמט דיך דורך.

ער (מיט ווארימקייט אין קול): איך טאנץ.

זי: טאנצסט?

ער (לוסטיג): לייכט ווי א פויגעל, שוועב איך אין דער לופט, פאכענדיג מיט די הענט, אזוי ווי מיט פליגלען.

זי: נו, איז וואס?

ער: אז איך טאנץ אזוי אפ א פערטעל שטונדע, גיסט זיך מיר דער שוויס טייכענוויז, ווי איך וואלט פון א הייסער באד ארויס (פויזע).

זי: אפשר וואלטען מיר איצט א טאנץ געטאן?

ער: איצט, אין רעגען?!

זי (לוסטיג): קום. (אין דער רגע דערטראגט זיך דאס קלאפען פון דעם נאכט־וועכטער'ס האמער גאנץ נאהענט.) שא, ער וועט דערהערען. (פויזע.) ער געהט אוועק. מעהר וואלט אונז ניט געפעהלט, ער זאל אונז פון אונטער אונזער בוים אוועק־טרייבען. מיר דאכט זיך, אז זינט מיר זיצען דא, איז מיר פארט ווארימער געווארען.

ער: ווארימער! טא פאר וואס ציטערסטו אזוי?

זי (אומעטיג): איך ווייס אליין אויך ניט. עפעס פיהל איך, ווי יעדע מינוט לויפט מיר דורך א זודיגער שטראם איבער'ן לייב און נאכדעם ווערט מיר נאך קעלטער. ווערסט זעהן, איך וועל קראנק ווערען.

ער: קראנק ווערען. (שפאטיש.) אויך מיר אן אומגליק! מי וואלט דיך אין שפיטאל גענומען אויף א ווייכען, ווארימען גע־לעגער, און בוליאן, קרעפטיגען, הייסען בוליאן...

זי: בוליאן!

ער: און א בארמהארציגע שוועסטער מיט א ווייס היטעלע אויפן קאפ וועט איבער דיר שטעהן און די האר גלעטען. זי וועט צו דיר פריינטליך שמייכלען.

זי: שמייכלען, די האר גלעטען.

ער: און זאָפּט װעט זי דיר נעבען. (הויך.) גאָט מײנער! רײן, ציכטיג, װאַרים, טרוקען! דו הערסט, טרוקען, קײן אײן פּײכטער טראָפּען װאָלט אויף דיר ניט געפאַלען! און ליכטיג װאָלט געװוען. (צערטליך.) װער קראַנק, מײן טײערע!

זי: און טאָמער שטאַרב איך?

ער: שטאַרבען? נו, איז װאָס? איך האָב פאַר'ן טויט קײן מורא ניט. איך לאַך פון איהם. ער איז אָבער קליגער פאַר אונז, דער טויט; ער קומט ניט דאַן, װען דו װאַרסט אויף איהם, װען דו האָפסט אויף איהם. נײן, דו װעסט ניט שטאַרבען!

זי (פרעהליך): איך האָב אַזױ מורא פאַר'ן טויט. דער געדאַנק, אַז איך װעל דאַרפען אין אַזאַ װעטער ליגען אין קבר, אָה, דאָס מאַכט מיך שוידערען. (װײנט.)

ער: אָבער אַמאָל שײנט דאָך אויף די זון, בלומען בליהען, פײגלען זינגען אויף דעם גרין באַװאַקסענעם בערגעל.

זי: װײל איך דאַרף לעבען, זעהן, אָטעמען, פרעהען זיך. איך בין דאָך אַזױ יונג. איך האָב דאָך אַזױ װעניג פון לעבען פאַר־זוכט. (פּויזע). װער איך קראַנק, װאָס װאָלסטו געטאָן? װאו װאָלסטו געגאַנגען?

ער: איך װאָלט זיך איבער מײן קעניגרײך שפּאַצירט, מיט די הענט אין די טאַשען, און געפּיפען אָט אַזױ. (פּרואװט פּײפען.) אַך, צום טײפעל! עס געהט ניט, די ליפּען זײנען מיר פאַרגליװערט.

זי: די ליפּען פאַרפראָרען, אָרימינקער מײנער. גיב זײ אַהער, די ליפּאַלאַך דײנע, איך װעל זײ דערװאַרימען. (קושט איהם.) פאַרפראָרען די ליפּען!

ער: מיר איז אַזױ קאַלט און איך בין אַזױ הונגעריג. די געדערים, פיהל איך, דרעהען זיך מיר איבער. (בעטענד). קוש מיר נאָך אײן מאָל אויף די ליפּען, מיר איז עפּעס װאַרימער, ליכ־טיגער געװאָרען.

זי: נײן, מי טאָר ניט. גענוג, עס קען נאָך פאַרשאַטען (לאַכט.)

ער: נאָך אײן מאָל.

זי: נײן, מי טאָר ניט.

ער: וועל איך דיר אפגעבען. איך האב פיינט א בעל־חוב צו בלייבען. (קושט איהר ליידענשאפטליך.)

זי: דריק מיך פעסטער צו זיך. אט אזוי. איך וועל די אויגען פארמאכען. איך בין אזוי שוואך. עפעס דרעהען זיך פאר די אויגען גרויסע ליכטיגע רעדער.

ער: דאס איז אימער אזוי, אז עס איז קאלט און מען איז אויסגעהונגערט.

זי: איך בין אזוי הונגעריג און שוואך. א קליין ביסעל בוליאן, ווארימע, שטארקע, זודיגע נאר א קליין ביסעלע!

ער: מארגען, דענק איך, וועסטו עס האבען.

זי (פארוואונדערט): מארגען? וואו וועל איך עס נעהמען?

ער: אין שפיטאל. איך פיהל, אז דער פיבער פארגרע־סערט זיך, דיך שווידערט איצט שטארקער. (פויזע.)

(אין איינער פון די מיטעלסטע הייזער אויפ'ן דריטען שטאק באווייזט זיך א בלוי פייער).

זי (הויך): זעה!

ער: וואס?

זי: קוק אהין, ארויף צו. (צייגט מיט'ן פינגער צום פייער). זעהסט?

ער: ליכט. הייסט עס, עס איז נאך ניט שפעט. און מיר האט זיך געדאכט, אז דער פריהמארגען דארף שוין קומען.

זי: זעה, ווי שעהן דארט איז!

ער: זיי איז דארט ווארים און טרוקען. דאס זיינען זיי איצט פון א באל געקומען אדער פון טעאטער.

זי: זעהסט, ווי די שאטענס באוועגען זיך הין און צוריק. דאס גרייט זי צום אווענט־ברויט. (פויזע. ביידע קוקען א לאנגע צייט אנגעשטרענגט ארויף.)

ער: זי מאכט פארטיג קאפע.

זי: און קאטלעטען קאלטע.

ער: דאס איז איהר שאטען. זעהסט, ווי דין און צארט.

זי: ער שמייכעלט צו איהר מיט ליבשאפט.

ער: זי טוט זיך איבער אין די נאכט־קליידער. זעהסט

איהרע נאַקעטע אָרעמס, ווי זיי בלישטשען. (פויזע.) קום אהין צו זיי. (לאַכט.)

זי (פאַרוואונדערט): וואו, דאָרט? (ציינט מיט אַ פינגער צום פייער).

ער: וואָס איז, פוילסט זיך?

זי: כאַ, כאַ, כאַ. איך פויל זיך! קום. (לאַכט.) אָך, וואָלטען זיי זיך דערשראָקען. (עס דערטראָגט זיך פון גאַנץ נאָהענט דעם נאַכט־וועכטער'ס האַמער.)

ער (בייז). לאַך ניט אַזוי הויך. ער וועט דאָך דערהערען.

זי: אָט איז אין די איבעריגע פענסטער אויך ליכטיג געוואָרען.

ער: דאָס זיצען זיי ביים טיש און עסען. וואָלטען מיר אפשר געהן אהין?

זי: טאַקע?

ער: וואָס וואָלסטו געטאָן די ערשטע זאַך?

זי (פרעהליך): איך וואָלט די נאַסע שמאַטעס אַראָפּגעוואָרפען און זיך איבערגעטאָן אין אַ לאַנגער אָווענט־קלייד מיט ברייטע אַרבעל און באַפּוצונג אַרום האַלז.

ער: און איך ציה זיך מיר אויס אויף דער ווייכער זאָפע.

זי (בייז): אין די נאַסע קליידער, אין די שיך?

ער: אַז איך בין אַזוי פאַרמאַטערט. די ביינער ברעכען מיר. איך האָב קיין כח ניט זיך איבערצוטאָן.

זי: די שיך כאָטש טו אויס. וועסט דאָך פאַרשמירען די גאַנצע זאָפע.

ער: וועסט מיר מוזען ענטשולדיגען דאָס מאָל. זיי אַזוי גוט, מיין פריינט, און מאַך עפּעס צום עסען, אָבער עס זאָל זיין היים, הערסט — זודיג־היים זאָל עס זיין!

זי: איין מינוט, מיין טייערער, איך וועל נאָר אַ קוק טאָן צום קינד.

ער (הויך): צום קינד?

זי (בייז): יע, צום קינד. טאָר איך ניט, וואָס?

ער (ווייך): ענטשולדיג, מיין פריינט, ווייסט דאָך, איך בין הונגעריג.

זי: קינדעלע מיינס, דאָס מיילכעל איז אָפען און אַ פּיסעל איז אָפּגעדעקט. עס קען זיך נאָך פאַרקיהלען. (קושט.)

ער: אָט אַזוי, קוש מיך שטאַרק, דריק זיך פעסטער צו מיין האַרצען.

זי: לאָז מיך אָב, ניט טשעפּע מיך איצט. (שטיפעריש.) איך וועל דיר אָנגיסען אַן אַנדער גלאָז קאַפּע. ווילסטו דען ניט מעהר? (לאַכט.)

ער: גיס אָן. אָבער עס זאָל זיין הייס־זודיג.

זי: מיר ווילט זיך עפּעס ניט עסען. דער קאָפּ שווינדעלט, אין מויל איז עפּעס ניט גוט. איך וועל נעהמען אַביסעל איינגע־מאַכטס, זויערען איינגעמאַכטס.

ער: זיי אַזוי גוט, גיב מיר די פּוטער און די זאַלץ־מעסטעל (פרעהליך) און דעם וויין. ווייסט דאָך, אַז אָהן וויין צום טיש געהט ניט.

זי: ווי געפעלט דיר דער בראַטען?

ער: אויסגעצייכענט. ביזט ווערט אַ קוש. גיב אַהער די ליפּעלאַך. (קושט.) ביזט אַ וואויל ווייבעל.

זי: עס דרעהען זיך מיר פאַר די אויגען רעדער. איך בין שוואַך, איך וואָלט זיך צוגעשפּאַרט.

ער: דאָס קעפּעלע טוט וועה. שפּאַר עס אָן אויף מיין האַרצען. אָט אַזוי.

זי (אויפגערעגט): פוי, איך האָב דיר געזאָגט זאָלסט זיך איבערטאָן. עס רינט דאָך פון דיר. (פאַטשט איהם לייכט אי־בער'ן פּנים.) דו שלעכטער מענש!

ער: מיך שווידערט. איך האָב זיך אָפּנים צוגעקיהלט.

זי: אפשר אַרויסנעהמען די וואַרימע דעקע?

ער: די וואַרימע דעקע. געוויס.

זי: זאָלסט זיך גוט דורכוואַרימען.

ער: נעהם מיר אַרום פעסט. אָט אַזוי. אַ וואַרימקייט צוגיסט זיך מיר דורך די גלידער. עך ווי גוט עס איז! (פּויזע).

(דאָס ליכט אין די פענסטער לעשט זיך פּלוצלונג אויס).

זי (מיט אַ גרילצענדען קול): אַך!

ער (צושראָקען): וואָס?

**זי** (שלוכצענדיג): פאַרלאָשען! אָה, די שלעכטע. (מיט כעס אויפהויבענדיג דעם פויסט געגען די הייזער.) ליגען דאָרט ווי די פּריצים, אין דער וואָרים, טרוקען. און פון אונז האָבען זיי דאָס ביסעל ליכט צוגענומען!

**ער**: אומזיסט אונזער שרייען, אונזער געוויין. עס וועט גאָרנישט העלפען. —

**זי**: איך בין הונגעריג, פאַרפראָרען. מיר שווינדעלט.

**ער** (פאַרטראַכט): איך פיהל ווי די געדערים דרעהען זיך איבער אין מיר.

**זי**: כאָטש אַ טעלערעל בוליאָן. (וויינט.)

**ער**: מאָרגען, מיין פריינט, קריגסטו עס אין שפּיטאָל. איך פיהל, אַז דער פיבער האָט זיך ביי דיר פאַרשטאַרקט.